גרי׳גארי גערשוני

דעם אָנדענק פון
אומפאַרגעסלעכן פריינט און
חבר מיכאַיל באָק.

# העלדן פון דער רעוואלוציע
## פון נאָענטן עבר
(מעמואַרן)



פאַרלאַג ח. בזשאַזאַ ■ ווארשע 1938

# קאפיטל איינס

ווען איך האָב געטראָפן מיינע חברים, נאָכן געלונגענעם אנטלויפן פון דער אקאטויער קאטאָרגע, — האָבן אייניקע פון זיי עקשנותדיק גענומען פאָדערן ביי מיר: שרייבט אָן אייער אויטאָביאָגראפיע.

אָנשרייבן מיין אויטאָביאָגראפיע! ווי ווילד און משונהדיק דאָס קלינגט! וואָס פארא זין קאָן זי האָבן? וועמען איז זי נויטיק און צוואָס? און ווי אזוי זאָל איך זי שרייבן? דער עבר איז נאָך אזוי אָרים, די צוקונפט — ווי רייך זי איז אין מיינע טרוימען! אלע געדאנקען און דאגות זיינען געווענדט נישט אויף דאָס איבערגעלעבטע, נאָר אויף דעם, וואָס עס שטייט נאָך פאָר איבערצור לעבן. אין דער צוקונפט שטייט פאָר א ניי לעבן, און עס איז שווער — אפילו געדאנקלעך — אומצוקערן זיך אינגאנצן צום אלטן. און דער עיקר: עס איז צוועקלאָז. איז דען נישט אלץ איינס, ווו, ווען, פון וועמען און פארוואָס מען איז געבוירן געוואָרן, ווי אזוי מען איז געוואקסן, ווי אזוי די קינדהייט איז פארגאנגען, — מיט איין וואָרט אלץ, מיט וואָס אויטאָביאָגראפיעס ווערן אויסגעפילט? דאָס באפרידיקט בלויז דעם פוסטן נייגיר פון ליידיקגייערס, און נישט מיר, רעוואָלוציאָנערן, דארפן זיי אנטקעגנקומען דערין. א ווערט וואָלט געהאַט דאָס דערציילן וועגן דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, וועגן אונזערע ערשטע אומזיכערע טריט, אָבער וועגן דעם איז נאָך צו פרי צו דערציילן.

איז מיר איינגעפאלן אן אנדער געדאנק.

דער קאמף גייט ווייטער. צענטליקער קעמפער פאלן יעדן טאָג אין די הענט פון דער רעגירונג. פאר זיי, וואָס זיינען מערסטנטיילס יונג און אומדערפארן, וואָס געפינען זיך צום ערשטן מאָל אין אזא לאגע, — עפנט זיך א פינסטערער תהום. אויף טריט און שריט וואַרטן אויף זיי די ביטרע שפיצלעך פון דער רעגירונג. פולשטענדיקע איינזאמקייט, פולשטענדיקע אָפגעריסנקייט פון אלץ און פון אלעמען. און די רעגירונגס-אגענטן, די אומברחמנותדיקע, פארקויפטע און ביטרע, פלעכטן נעצן ארום זייער קרבן. נישטאָ קיין גרענעץ צו זייערע אויסטראכטענישן, צו זייער פארברעכערישער דערפינדערישקייט, ווען עס האנדלט זיך וועגן ברעכן די פעסטקייט און מוטיקייט פון א רעוואָלוציאָנער.

און ווען דער יונגער טוער דערפילט זיך אין די נעצן פון דער רעגירונג, הויבט ער זיך אָן ווארפן אין שרעק, באמיט אָפצוהיטן זיין רעוואָלוציאָנערע ערע. עס דריקט דאָס נייע, די אויסטערלישקייט פונם ארום. עס דאכט זיך, אז מען איז דער איינציקער, וועלכן עס רינגלען ארום אזוי פיל וואָלקנס. און אין

אזעלכע מאָמענטן וואָלט געוועז א גרויסע דערלייכטערונג צו וויסן, אז נישט דיר אליין איז אויסגעקומען דאָס אלץ איבערצולעבן, אז אין דערזעלבער לאַגע האָבן זיך געפונען אויך אנדערע, אז דידאָזיקע אנדערע האָבן געפונען אין זיך כחות דאָס אלץ איבערצוקומען און ארויסגיין מיט כבוד פון אלע נסיונות.

ס'איז אן אלטער כלל: עס איז א גרויס גליק צו וויסן פאָרויס די גאנצע טיף פון קומענדיקן אומגליק. געוויס די ליידן אין די צארישע אינקוויזיציע־קאַמערן באטראכטן מיר, רעוואָלוציאָנערן, נישט ווי אן אומגליק, נאָר ווי א נאטירלעכן, אומפארמיידלעכן צוגאָב, וואָס קרוינט אונזער גאנצע טעטיקייט. אבער די דער־ציילונג וועגן דעם, וואָס מען האָט איבערגעלעבט און איבערגעפילט „אויף יענער זייט לעבן", קען זיין נוצלעך פאר די יונגע רעוואָלוציאָנערע קעמפער.

און זיי האָב איך טאקע אין זינען ביים שרייבן די פאָלגנדיקע שורות. וועגן א סך זאכן, וואס דער יוגנט וואלט זייער נוצלעך געוועז צו וויסן, איז נאָך, ליידער, נישט געקומען די צייט צו דערציילן. א סך וועט אויסקומען צו פארשווייגן, וועגן א סך וועט מען מוזן רעדן בלויז פארבייגייענדיק.

## קאפיטל צוויי

כ'וועל אָנהויבן מיט מיין ארעסט. „דאָס איז געשען אין פרילינג" — דעם 13־טן מאי 1903. נאָך א געוויסער נידערגעשלאָגנהייט, האָט זיך אין די פארטיי־קרייזן געשפירט א שטארק־געהויבענע שטימונג. די דערשיסונג פון די זלאטאָאוסטאָווער ארבעטער, וואָס האָט דאן אויפגעטרייסלט דאָס גאנצע לאנד, איז נישט געבליבן אומבאשטראָפט. דעם 6־טן מאי, אין מיטן העלן טאָג אין שטאָט־גאָרטן האָבן מיטגלידער פון דער קאמף־אָרגאניזאציע „צעשאָסן" (ווי עס האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט אויף אונזער פּראָצעס דער פארטיי־דיקער פון ל. א. רעמיאניקאָוואז) דעם שולדיקן אין דער זלאטאָאוסטאָווער שחיטה — דעם גובערנאטאָר באגדאנאָוויטש.

די פארטיי האָט זיך דאן געפונען אין „אויפבוי"־פּעריאָד. איינצלנע פּערזאָנען, גאנצע גרופּעס האָבן זיך באמיט אָנצוקניפּן צווישן זיך באציונגען. דער צושטראָם פון כחות איז געוועזן א גרויסער (פאר יענע צייטן). אויפן סדר־היום זיינען געשטאנען א גאנצע ריי ענינים. מען האָט זיך אייליק געדאַרפט צונויפרעדן מיט פאָליוואנאָוו, וואָס איז נישט לאַנג צוריק אנטלאָפן פון סיביר, מיט דער סמאָלענסקער גרופּע, וואָס האָט שפּעטער ארויסגעגעבן אזוינע גרויסע כחות, ווי שווייצערן, וועלכער איז טראגיש אומגעקומען ביים אויפרייס אין האָטעל בריסטאָל, א. א. ביצענקא און אנד. בקיצור, די מאשין איז געוועזן אין פולן גאנג.

איך בין ארויסגעפאָרן פון סאראטאָוו און ביז וואראניעזש האָב איך זיך אלץ געוואקלט: זאָל איך פאָרן דירעקט קיין קיעוו, ווו מען האָט זיך נויטיק געדאַרפט צונויפרעדן בנוגע דער פארטיי־טיפּאָגראפיע.

קיעוו האָב איך די לעצטע צייט אינסטינקטיוו אויסגעמיטן: די זשאנדארמע־ריע האָט געהאט באקומען ידיעות וועגן מיינע אָפטע באזוכן און די שפּיאָנען זיינען געוועזן אויף דער וואך.

כ׳געדענק שוין נישט ווי אזוי דאָס איז געשען (גאָטס װעגן איז נישט משיג צו זיין), — נאָר איך האָב גענומען די ריכטונג אויף קיעוו. כדי נישט אריינצופאָרן אין שטאָט, האָב איך געגעבן אן אָפּגערעדטע טעלעגראַמע וועגן באַגעגענען זיך אין דאַרניצע (א זומער־וווינונג עטלעכע סטאַציעס פון קיעוו). כ׳בין געקומען אהין — קיינער נישטאָ, ווען איך דאַרף, אָבער אין די אויגן וואַרפט זיך א „טיפּ", וואָס א רעוואָלוציאָנער קאָן זיך באַגיין אָן אים. זיך מחיה געווען מיט דער פרישער וואַלד־לופט, פאָר איך מיטן צווייטן צוג קיין קיעוו. כדי נישט אַרויסצורופן אויפן וואָקזאַל קיין סענסאַציע — גיי איך אַראָפּ אויף דער פאָרשטאָט־סטאַציע קיעוו 2. כ׳קוק זיך אַרום — פונוויטנס שוועבן אָן פונקט פינף פאַרשוין.

פאַר מיר צו נישט פאַר מיר? א פראַגע, וואָס איז זייער שנעל געלעזט געוואָרן.

כ׳בין אַדורך די סטאַציע, זיך געלאָזט גיין איבער דער גאַס. כ׳שפּיר: פאַר מיר! נישט אַנדערש, ווי פאַר מיר! אַרומקוקן זיך טאָר מען נישט. ב׳אַרבעט אויס א פּלאַן פון אָפּטרעטן: אויסקלייבן אן איינצלנעם דראָשקאַזש, צוזאָגן געבראָטענע טייבעלעך און אַריינשטעקן א רובל אין האַנט און — פאַרשווינדן. א פּלאַן, דעם אמת רעדנדיק, א געניאַלער, עס איז אים אָבער באַשערט געווען דער גורל פון אַלע געניאַלע פּלענער: מען האָט נישט דערלאָזט אים אויספירן. ווי נאָר ס׳האָט זיך באַוויזן פונוויטנס א דראָשקע דערהער איך פון הינטן א ווילדן פערד־געיעג. אין עטלעכע רגעים אַרום שטעלן זיך אָפּ צוויי דראָשקעס, עמיץ כאַפּט מיך אָן פון הינטן פאַר די הענט, כ׳דערשפּיר עמיצנס פעסטע אַרומאָרימונג, און שוין בין איך אַרומגערינגלט מיט א קליינער, אָבער ליבהאַרציקער חברותא: פינף שפּיאָנען און א פּאָליציאַנט.

איינער נעמט העפלעך אָפּ מיין פּאָרטפעל, צוויי נעמען מיך אונטער די אָרימס: דראָשקאַזש — ביטע!

— פאָר צו, גיב צו וויסן דעם ראָטמיסטער!

— און איר — וווהין?

— א פראַגע דאָס איז — אין אַלטקיעווער

פאָרן מיר אין אַלטקיעווער צירקל, וואָס איז אויך די זשאַנדאַרמעריע פאַרוואַלטונג. אויפן וועג הויב איך אָן זאָנדירן דעם באָדן.

— פאַרוואָס, אייגנטלעך, האָט איר מיך אַרעסטירט?

— מ׳האָט געהייסן.

— נו, נו, היט זיך, איר זאָלט נישט האָבן צו זינגען און צו זאָגן: איר האָט עפּעס אָנגעפּליאָנטערט.

— אַלץ איז מעגלעך! אָבער פאַרפאַלן, ווי אַזוי מען הייסט אונז, אַזוי טוען מיר.

— איר קענט מיך דען?

— וואָס ווייסן מיר? מ׳האָט געזאָגט — עמיץ וועט קומען צו פאָרן, זענט איר געקומען, און דאָרט וועט מען זיך פאַנאַנדערקלייבן.

געוויס וועט מען זיך פאַנאַנדערקלייבן, טראַכט איך ביי זיך, פאָרשטעלנדיק זיך דאָס בילד פונם „פאַנאַנדערקלייבן".

מיר פאָרן. דער עולם קוקט מיט חשד: וואָס איז דאָס פאַר א מאָדנע חברותא? אַלץ איז ווי געוויינלעך: שילדן, קראָמען, פאָרלעך גייען אין די גערטנער. מאָדנע: די גאַנצע צייט, אין משך פון העכער צוויי יאָר, האָב איך געפּרוווט פאָרשטעלן זיך דעם מאָמענט פון ארעסטירט ווערן, ווי אזוי וועט דאָס געשען? וואָס וועסטו שפּירן אין מאָמענט, ווען — אָט איז געווען א מענטש און שוין — אוים מענטש? און עס האָט זיך געדאַכט, אז אין יענעם מאָמענט וועלן די געפילן זיין עפּעס אויסטערלישע, עפּעס קיינמאָל נישט געוועזענע.

און צום סוף — א גאַנץ וואָכעדיקע שטימונג. ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען!

טראַכסט בלויז: אָט ווי דער סוף איז געקומען! ווי פּשוט:

קוקסט זיך ארום: קאָן מען טאַקע נישט? און ס'ווייזט זיך ארויס, אז בשום אופן נישט. אָנגעקומען. דער אַלטקיעווער צירקל! זיי געגריסט, „דו היימיש ווינקל"! אין וואַרט־צימער — א פּאָליציאַנט. שטיל און פּוסט, ווי אין א מיניסטעריעלן קאָפּ. די שפּיאָנען האָבן זיך דורכגעסודעט מיטן פּאָליציאַנט.

עס הויבט זיך אָן דער געוויינלעכער פאַרהער: ווער, ווי אזוי?

— א פּאַס?

— ביטע!

מען באַזוכט מיך. פון א זייטיקער קעשענע פישט מען ארויס א בראַונינג. דער פּאָליציאַנט ווערט אביסל אויפגעלעבט.

— א דערלויבעניש האָט איר?

— ניין.

— אויב אזוי, וועט זיין שלעכט!

— וואָס איר זאָגט? ס'איז מסתמא נישט אזוי געפערלעך!

— היינט איז זייער שטרענג! בפרט א בראַונינג! אָן א שטראָף וועט איר זיך שוין נישט ארויסדרייען!

— אָט א צרה! און אפשר וועט זיך נאָך לאָזן פאַרדרייבן?

— זעצט זיך אָט דאָרט, וואַרט צו: דער שעה פון דער אָכראַנע וועט באַלד קומען.

ס'איז קלאָר, זיי האָבן קיין אנונג נישט ווער איך בין. כ'זיץ. קאָן מען טאַקע נישט?.... מען קאָן נישט! נישט ווייסנדיק, ווו זיך אהינצוטון, האָבן זיך די אַגענטן באַזעצט נעבן דער טיר, עס פאַרגייען צוואַנציק מינוט. פּלוצלונג עפנט זיך די טיר מיט א רעש, עס פאַלט אריין א הער אין ציוויל. מען דערקענט גלייך — אַן איבערגעטוענער זשאַנדאַר. לויפט צו האַרט צו מיר:

— אייער פאַמיליע?

— אז איר האָט מיך ארעסטירט, ווייסט איר דאָך, וואַרשיינלעך, ווער איך בין?

— וואָס טויג אייך דאָס? זאָגט גלייך, ציט נישט ארויס די עצמות!

איך ווייס נישט, צי זיין פאַניבראַטסקער טאָן האָט געווירקט, אָדער עס האָט זיך סתם געהאַט אָנגעקליבן א סך פאַרדרוס, נאָר אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין האָב איך א ריטשע געטון: „איר, מיין הער, האָט זיך מן־הסתם אין א שענק דערצויגן! כ'בעט אייך נישט רעדן צו מיר מיט אזא טאָן!"

דער „אַכראַנניק” האָט געמאַכט אַ טריט צוריק, שאַרף מיך אַנגעקוקט, און מיטאַמאָל אַ בריל געטון: „זשאַנדאַרן אַהער! פּאָליציאַנטן! אַ וואַך ביי דער טיר! מיט אייערע קעפּ וועט איר ענטפערן פאַרן דאָזיקן מענטשן!” האָט ער זיך פּלוצלונג אַ וואָרף געטון צום געפּלעפטן פּאָליציאַנט, און זיך גענומען וואַרפן איבערן צימער, ווי אַ מטורפער.

אָט דאָס הייסט: אַ טופּ מיט דעם פּוס — און פון אונטער דער ערד וואַקסן אויס חיילות! איין מאָמענט — כ'האָב נישט באַוויזן אַרומצוקוקן זיך, — און דאָס גאַנצע וואַרט־צימער ווערט אָנגעפּראָפּט מיט זשאַנדאַרן, פּאָליציאַנטן, — ווער אין צעשפּיליעטע מונדירן, ווער אין בלוזעס, אין גאַנג אָנטועניק די שווערדן — און אַלע קוקן זיך אַרום פאַרוווּנדערט: צוליב וואָס איז דער גאַנצער טומל, אַז קיין געשלעג איז נישטאָ? אַ לויפעריי איבער די שטיגן אַרויף און אַראָפּ, דער טעלעפאָן קלינגט אָן אויפהער... ס'איז פריילעך!

היות איך האָב געוואָלט דערגיין די סיבה פון אַרעסט, האָב איך קודם כל פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס די אָכראַנע־אַגענטן האָבן אַרעסטירט אַ מענטשן, וואָס איז זיי לחלוטין אומבאַקאַנט.

— איר זענט דאָך דער און דער! אַהאַ, מיר ווייסן שוין! פאַרוואָס זאָלט איר גלייך נישט זאָגן אייער נאָמען?

— דערקלערט מיר צוערשט, פאַרוואָס אייערע אַגענטן האָבן מיך אַרעסטירט, דערנאָך וועלן מיר שמועסן.

מיר האָבן זיך איינער ביים צווייטן גאָרנישט דערשלאָגן.

אַרום עלף אַ זייגער האָט מען מיך אָפּגעפירט אין אַ צעלע. דעם שליסל האָט גענומען דער ראָטמיסטער, ביי דער טיר האָט מען אַוועקגעשטעלט זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן נישט אָפּצוטרעטן געוואַכט ביים „לופטשיק”.

די נאַכט איז אויף דער נייער וווינונג אַדורך אָן אינצידענטן. דאָס שטרוי איז האַרט און שטעכיק, די וואַנצן בייז, וואָס בייז הייסט.. אָבער סוף־כל־סוף זיינען מיך געוואָרן סיי די וואַנצן, סיי דער מורד במלכות: ביידע צדדים זיינען איינגעשלאָפן.

בייטאָג האָט מען אַוועקגעשטעלט זשאַנדאַרן אין דער צעלע גופא. איינער — אַ קליינרוס, אַ באַיאַרטער, דער צווייטער — אַ יונגער.

די ערשטע פּאָר שעה האָב איך נישט גערעדט מיט זיי. שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך שוין נישקשהדיק געלאַנגווייליקט און די באַקן־ביינער האָבן ביי זיי אָנגעהויבן קנאַקן פון געניצן, האָב איך פאַרפירט אַ שמועס.

— ווי מיינט איר, וועמען פון אונז איז בעסער: אייך צו מיר? איך וויים כאָטש, לכל הפחות, פאַרוואָס איך בין אַהער אַריינגעפאַלן; אָבער איר פאַר וואָסערע זינד?

— דינסט! וואָס הייסט! — זייט אַרוים דורך די ציין דער קליינרוס, באַפּנדיק אַ קוק אויפן הויף.

— נו, גוט, זאָל זיין — דער דינסט! האָט איר אָבער אַ טראַכט געטון וועגן דעם, אין וואָס באַשטייען מיינע זינד, וואָס מען האָט אייך באַפוילן קיין אויג פון מיר נישט אַראָפּצונעמען?

— וואָס איז דאָ דאָ צו טראַכטן? מיר, האַרעלע, זיינען קליינינקע מענטשעלעך: וואָס „גאָטשעלסטווע” הייסט, דאָס טוען מיר.

— נו, דאָס איז נישט אזוי פּראָסט! ווען מען וואָלט אייך באַפוילן געבן א מענטשן עסן און טרינקען — נו, איז אפשר נישטאָ וואָס צו טראַכטן. ווען מען שטעלט אייך אָבער אוועק, איר זאָלט קיין אויג נישט אראָפּלאָזן פון א מענטשן, וועמען אייער העכערע מאַכט וועט אינגיכן פירן צו דער תליה, גיט איר גאָרנישט קיין טראַכט, פאַר וואָס מען וויל אים אויפהענגען?

די זשאַנדאַרן האָבן אויפגעציטערט. זיי זיינען צוגעגאַנגען נענטער, האָבן אויפגעשפּיצט די אויערן.

— אדרבא, באַטראַכט זיך נאָר: כ'האָב דאָך געוווּסט אויף וואָס איך גיי. טאָ פאַרוואָס האָב איך אוועקגעוואָרפן די היים, די נאָנטע, דאָס פאַרמעגן? וואָס זיינען מיר, משוגעים? הייסט עס, אז מיר טוען דאָס פאַר עפּעס. טאָ וואָס־זשע ווילן מיר?...

מיר האָבן געשמועסט ביי א שעה צייט. ווי א לעבעדיקער שטייט נאָך איצט פאַר מיר דער דאָזיקער אַלטער זשאַנדאַר מיט די שוואַרצע אויגן, פייכטע פון דער זעלישער צערודערונג, וואָס האָט אים אַרומגעכאַפּט, ווען ער האָט אויג אויף אויג מענטשלעך זיך דורכגעשמועסט מיט אַן „אַרעסטאַנט".

אַרום פינף א זייגער האָט איך, ווי ס'הויבט זיך אָן א גערודער. ס'דערשיינט א זשאַנדאַרם־אָפיציר — זייט מוחל! אין קאָרידאָר, אויף די שטיגן שוויבלט און גריבלט מיט זשאַנדאַרן און פּאָליציאַנטן. מען פירט מיך אריין אין עפּעס א צימער, וואָס איז ווידער פול מיט זיי. דאָ געפינט זיך אויך די גאַנצע העכערע מאַכט. אין א שוואַרצן סורדוט — דער פּראָקוראָר פון אַפּעלאַציע־געריכט.

— לויט דער פאַראָרדנונג פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט וועט מען אייך אריבערשיקן קיין פּעטערבורג. זייט אזוי גוט און טוט זיך אויס.

הוגא זאָגט, אז ביים דערפילן זייערע פליכטן זיינען תלינים די העפלעכסטע ליַיט. רוסישע זשאַנדאַרן זיינען נישט ווייניקער העפלעך, ווען עס שטייט זיי פאָר א „ערנסטע" פליכט. כ'געדענק, דאָס האַרץ האָט אין מיר א טיאַכקע געטון פון זיין ראַפינירט־העפלעכן טאָן; זיי האָבן עפּעס צוגעטראַכט — איז דורכגעלאָפן דורכן קאָפּ.

אינמיטן צימער — א שטול אַרום אַקסלבאַנדן עפּאָלעטן. כ'טו זיך אויס, כ'בין געבליבן אין בלויזן וועש. מען באַטראַכט גענוי די שוין נעכטן אויפגעטרענטע קליידער.

— זייט אזוי גוט און טוט אַלץ אויס.

כ'האָב אַלץ אויסגעטון. כ'זיץ.

באַטראַכט. קיין שום אומגעזעצלעכס נישט געפונען. מען זאָגט, אז קיסרים מאַכן זייער טואַלעט אין בייזיין פון די הויפלייט. כ'באַגרייף נישט, וואָס עס געפעלט זיי דערין.

— דערלאַנג ריינע וועש!

כ'האָב זיך אָנגעטאָן.

— אַלץ? — פרעג איך.

— יאָ, אַלץ! אָבער, הער ג., איר וועט מוזן איבערטראָגן א קליינע אומאַנגענעמלעכקייטן... א פאַראָרדנונג פון אויבן... אָט איז די טעלעגראַמע. דאָס שטאַמט נישט פון אונז...

א גרויער פּולקאָווניק, — פּאַרלוירן, פּלאָנטערנדיק מיט דער צונג, — ווייזט אָן אויף עפּעס א פּאַפּיר.

— וועגן וואָס האנדלט זיך?

— איר זעט דאָך... א פּאַראָרדנונג צו שמידן אין קייטן.

עס באַווייזט זיך א יונגער וואַך־זעלנער, ער ברענגט קייטן, א קאָוואדלע, ס'דערהערט זיך דער קלאַנג פון קייטן.

איצט איז דאָס, ווארשיינלעך, א געוויינלעכע דערשיינונג. דאָס איז אָבער געשען אין דער „קאָנסטיטוציאָנעלער צייט". ד א ן איז מען נאָך דערצו נישט געוווינט געווען. אלע פילן זיך אומבאַקוועם, פארשעמט, אלעמענס אויגן קוקן צו דער ערד אָדער לויפן ארום אין אלע זייטן: מען באַמיט זיך נישט קוקן איינער אויפן צווייטן. מען גרייט צו די פיס צו טראָגן די קייטן: מען וויקלט זיי ארום מיט לעדער. מען מעסט צו די קייטן. מען האָט צוגעקליבן לויט א מאָס. עס דערהערט זיך דער ערשטער הילכיקער קלאַפּ פון האמער, וואָס שמידט צונויף דעם אייזערנעם רינג. אלע ציטערן אויף. די אויגן גראָבן זיך נאָך מער איין אין דער ערד. דער פּראָקוראָר זויגט מיט התמדה דעם ציגאַר, דער פּולקאָווניק באַטראַכט עפּעס אויפמערקזאַם אין פענצטער. פּונקט קעגנאיבער מיר שטייט דער שווארצאויגיקער זשאַנדאַר, מיט וועמען איך האָב אינדערפרי געשמועסט. אונזערע אויגן האָבן זיך געטראָפן. אין זיינע אויגן האָב איך דערזען אזוי פיל מיטגעפיל און פּיין, אז איך האָב דערשפּירט אין אים א קרובהשע נשמה. ער איז געווען בלייך, ווי דער טויט. כ'באַמי זיך קוקן אויף אים אויג אין אויג. דער וואַך־זעלנער ארבעט פלינק. דער האמער קלאַפּט הילכיק און די קלעפּ, דאַכט זיך, וועקן אויף דעם געוויסן אפילו אין די דאָזיקע מענטשן.

— פּאַרטיק! אויך האנט־קייטן?

דער פּולקאָווניק שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. דער שוואַרץ־אויגיקער זשאַנדאַר שאַרט זיך צו שווער אָטעמענדיק, צו דער וואַנט, באַמיט זיך אָנשפּאַרן אין איר; ער האלט אָבער נישט אויס און — ווייזט אויס — מורא האָבנדיק אומצופאַלן, דערשלאָגט ער זיך, לאַנגזאַם, אומבאַמערקט, צום ארויסגאַנג.

א מאָדנע געפיל כאַפּט ארום א געשמידטן. א דערהויבנס, א שטאַרקס. דער גאַנצער ארום דערהויבט. מען שפּירט דעם אָטעם פון טויט... ווייט פון דר'ערד... נאָענט צום הימל.... אין אזעלכע מינוטן נעמט מען, ווארשיינלעך, אויף די גרעסטע טאָרטורן מיט באַגייסטערונג און מען טראָגט זיי לייכט איבער. צאַרט, מיט ליבשאַפט דריקן די הענט דאָס אייזן פון די קייטן, דער קאָפּ בויגט זיך נידעריק, נידעריק און די ליפּן באַרירן נישט ווילנדיק די קייטן...

## קאַפּיטל דריי

אין א פרעכטיקן קאָטש, באַגלייט דורך קאָזאַקן, איילן מיר צום וואָקזאַל. מיר פאָרן ארום דעם אייזנבאַן־פּלאַנט און צו דער גרויסער שטוינונג פון זייט־שטייענדיקן עולם — גלייך צום וואַגאָן. מען האָט אונז אָפּגעגעבן צוויי קופּעען, דעם וואַגאָן האָט מען דערנאָך צוגעטשעפּעט צום קוריער־צוג, און אין דער באַגלייטונג פון צוויי אָפיצירן און זעקס אונטעראָפיצירן — קיין „פּיטער".

אין וועג איז געווען א סך אינטערעסאנטס, אָבער אממיינסטן פון דעם מין, וואָס איז נישט באקוועם צו דערציילן.

אויף דער גאנצער ליניע האָט מען געשיקט טעלעגראַמעס, זשאנדאַרן זאָלן באגעגענען דעם וואגאָן נומער דעם און דעם. דעם נייגיריקן עולם האָט מען געזאָגט, אז עס פאָרט א וויכטיקער באאמטער. איין קוריאָז וועל איך קיינמאָל נישט פארגעסן.

אויפן צווייטן טאָג פון דער רייזע האָט דער דעזשורנער אָפיציר האַרגעלייגט צונעמען פון רעסטאָראַן־וואגאָן א מיטאָג. ער האָט באשטעלט אין פאראָרדנט, מען זאָל דערלאנגען אין קופּע. דער קעלנער, וועלכער איז זיכער געווען, אז ער באדינט א וויכטיקן פארשוין, לויפט עלעגאנט אריין אין קופּע מיט א זילבערנעם געדעק, און ער געפינט אויפן סאָפע אן אויסגעצויגענעם דזשענטלמען, א געשמידטן אויף אלע פיר, באוואכט דורך באוואָפנטע זשאנדאַרן. זיין שרעק איז געווען אזוי גרויס, אז אלץ האָט אים געגומען פאלן פון די הענט און א רעכטע ווייל האָט ער נישט געקאָנט קומען צו זיך.

דערנאָך אָבער, קומענדיק צו זיך, האָט ער עקשנותדיק געוואָלט נעמען צוריק דאָס זילבערנע געשיר, מורא האָבנדיק, אז ביי אזא ערנסטן פארברעכן קאָן דערנאָך עפּעס פעלן. פאר אזעלכע „אומגעלומפּערטע" באגריפן האָט אים דער דיזשורנער אונטער־אָפיציר אויסגעזידלט אלס „אומגעבילדעט" און טאָטער־רישער פּויער.

עס פאלט צו דער בין־השמשות. דער אָפיציר, א פארמאטערטער, זיצט אין קאָרידאָר. די אונטער־אָפיצירן זיינען ווייכהארציק געוואָרן און מסכים געווען אראָפּצולאָזן דאָס פענצטער. אין קופּע רייסט זיך אריין דער אראָמאט פון א ווארימען פרילינגס־אָוונט. די באן באוועגט זיך פאמעלעך איבער א מאָ־לערישער געגנט — נעבן דער ווילייקע. אויפן וואסער־שפּיגל וויגן זיך גלייכמעסיק שיפלעך. עס דערטראָגן זיך קלינגענדיקע שטימעס פון דער יוגנט. מיידלעך, אויסגעפּוצט אין בונטע פרילינגס־קליידונג, פאָכען צו אונז מיט טיכלעך. אויפן ברעג — א געדיכטער, גרינער וואלד. דאָרט און דאָ טיילן זיך אויס מאָלערישע גרופּקעס שפּאצירנדיקע. דאָס פרישע, זאפטיקע גראָז, מיט די פרייילעכע — ווי לאכנדיקע קינדישע אויגעלעך — „פארגעס מיך נישט", לאָקן פרייינטלעך צו זיך. ארום און ארום ווייעט מיט צארטקייט און פרילינג־דיקער ווארימקייט. די מענטשלעכע פּיין און ליידן, דער הונגער און די קעלט, די רעכטלאָזיקייט און דער גהינום פון אונטערדריקונג און קנעכטשאפט, וואָס איז געשאפן געוואָרן אין רוסלאנד — אלץ איז ערגיץ פארלוירן געגאנגען פארשווינדן. דאָס לעבן זעט אויס צו זיין אזוי שיין, אזוי לאָכנדיק. אפילו די זשאנדאַרן זיינען שטיל געוואָרן, באצויבערט דורכן בילד.

פיינלעך אומבאזיגבאר ציט אהין — אויף דער פריי. אין הארץ פארגנבעט זיך א ווייטיק. עפּעס א קלעמענדיקער טרויער דריקט צונויף די ברוסט. די געדאנקען זיינען אזעלכע שווערע, אומבאשטימטע: ספק אומקלאָרע פראגמענטן פון קינדהייט־דערינערונגען, ספק טריבע שטיקער פון דער נעפּלדיקער און אומזיכערער צוקונפט. פון דער ברוסט רייסט זיך ארויס האלב זיפץ, האלב קרעכץ. דער קערפּער ציטערט אויף, דער קלאנג פון די קייטן קערט אום צו

דער ווירקלעכקייט. א זשאנדאר גיט א מאך מיט דער האנט טרויעריק, האפנונגס־לאז: ע־ע־עך, דאס קאטארגע־לעבן!...

אבער די איינדרוקן און די שטימונגען בייטן זיך שנעל. מארגן אינדערפרי וועלן מיר אנקומען אין פעטערבורג. וועלן מיר טאקע דערפארן? וועט טאקע גארנישט געשען? דער געדאנק הויבט פיבערדיק אן צו ארבעטן.

אנטלויפן! אנטלויפן פאר יעדן פרייז! מען ארבעט אויס א פלאן פון אנטלויפן.

ביינאכט וועט דער אפיציר מיר ווערן, וועט זיצן אין קארידאר. די זשאנדארן וועט מען קאנען אנשכורן. ווען דער צוג וועט פארן בארג־ארויף — ארויסשפרינגען דורכן פענצטער. און די קייטן? צערייסן דאס העמד, פארוויקלען, זיי זאלן נישט קלינגען, מיטנעמען א שווערד, אין וואלד צעהאקן.

די האנט־קייטן? מיט זיך! מען דארף מיטנעמען מיט זיך זייף, גוט אנשמירן די רינגען — מוזן זיי ארויס. אלץ איז באקלערט, אלץ — פארויסגעזען. די טרויעריקע שטימונג, ארויסגערופן דורך דער פרילינגדיקער צארטקייט, איז אפגעטון ווי מיט דער האנט. די ברוסט אטעמט הויך און שטארק. די געדאנקען פליען גאט ווייס וווהין. נעמסט ארום די פרייהייט...

זאל שוין גיכער צופאלן די נאכט!ווארטסט אויף דער נאכט...

---

דער צוג שטעלט זיך אפ אויף עפעס א קלייניקער סטאציע. עס גייט פארביי דער סטאציע־שעף אין א רויט־היטל. רופט צו מיט דער האנט צום פענצטער. כ'קוק זיך צו — מוראשקעס לויפן דורך איבערן קערפער.

— מיכאאיל, דאס ביסטו? ווי אזוי קומסטו דא?

— שטילער! זיי גרייט! וואס עס זאל נישט געשען אויף דער דאזיקער סטאציע — זיי נישט אומרויק. ווען דו וועסט דערהערן: „מיר האבן בלומען" — גיי מיט זיי: דאס זיינען אונזערע. זיי געזונט! מירן זיך איינגיכן זען!

— שטיי נאר, מיכאאיל, ווי גאט איז דיר ליב, דערקלער, ווי קומסטו אהער? און פארוואס גייסטו אנגעטאן ווי א סטאציע־שעף? וואס באדייט דאס אלץ? ווי אזוי האט איר זיך אזוי שנעל ארגאניזירט?

כ'בין צוגעפאלן צו דער שויב, אבער מיכאאיל מאכט א ווארענונגס־צייכן מיט דער האנט, גייט אפ פון וואגאן און גיט דעם סיגנאל ווייטער צו פארן. דאס הארץ שלאגט, ווי אין דער ברוסט זאלן האמערס קלאפן.

דער צוג פארשנעלערט דעם גאנג, דערנאך לויפט ער מיט אומגלויבלעכער שנעלקייט — ווייזט אויס אן ארומפלאז. דערנאך פארלאנגזאמט ער דעם גאנג. און מיטאמאל — צום טייוול! דער וואגאן קייקלט זיך צוריק! קייקלט זיך לייכט און געררוישלאז, ווי אפגעריסן פון צוג. אין עטלעכע מינוט ארום פארלאנגזאמט ער דעם גאנג. מען הערט שטימעס און די קאמאנדע: די שווערדן אנטבלויזט! דער קלאנג פון שווערדן. אין קארידאר הערט מען א הילכיקע שטימע. „ווער איז דא דער שעף פון דער באגלייט־וואך? פארוואס איז דער שעף פון דער באגלייט־וואך נישט אויפן ארט?"

די זשאנדארן שפרינגען אויף, רייבן זיך די אויגן, וועקן אויף דעם דעזשורנעם אפיציר. צום קופע קומט צו א שרעק־אנווארפנדיקער זשאנדארמעריע־גענעראל און פאלט אן אויפן דעזשורנעם אפיציר.

— דאָס דערפֿילט איר אזוי אייערע פּליכטן? דאָס באַגלייט איר אזוי מלוכה־פאַרברעכער? — דער אָפיציר באַמיט זיך עפּעס אויפצוקלערן מיט א פאַרשלאָפן קול.

— שווייגן, ווען עס רעדט מיט אייך אייער העכערע מאַכט! צי ווייסט איר, אז אַנפאַלער האָבן אָפּגעטשעפּעט דעם וואַגאָן און זיך געגרייט אָפּצושלאָגן אייער אַרעסטאַנט, און בלויז א דאַנק דער געשיקטקייט פון מיין אַדיוטאַנט האָבן מיר באַוויזן פאַנאַנדערצוטרייבן די באַנדע!

איך הער צו זיך, נישט טויט, נישט לעבעדיק. „זיך געגרייט אָפּצושלאָגן דעם אַרעסטאַנט!" אָט וואָס! און אַלץ איז אַדורכגעפאַלן! אַרעמער מיכאַאיל, צי ווייס ער שוין דערפון?

— איר קענט אַלע אייערע מענטשן? — ברילט דער גענעראַל.

— אייער עקסעלענץ, די מענטשן זיינען זיכערע.

— זיכערע! דאָ איז זיכער געווען א פאַרראַט. מען וועט אייך אַלע שטעלן צום געריכט! באַטראַכטן ביים אַרעסטאַנט די קייטן!

מען באַטראַכט — די קייטן זיינען גאַנץ.

— הער ראָטמיסטער, פאַרבייט די אַלטע באַגלייט־וואַך אויף אונזערע! צעשטעלט טאָפּלטע וואַכן.

אין קופּע רייסן זיך אַריין זשאַנדאַרן מיט אַנטבלויזטע שווערדן. דער אָפיציר באַמיט זיך עפּעס צו זאָגן, אָבער דער גענעראַל פאַלט ווידער אָן אויף אים, דראָט מיטן געריכט, מיט דערשיסן. די טיר פון קופּע ווערט צוגעמאַכט. איין זשאַנדאַר בויגט זיך איין איבער מיר, גיט א קוש אין שטערן און פליסטערט: „מיר האָבן בלומען". צוויי הויבן מיך אויף אויף די הענט, גיבן מיך איבער דורכן פענצטערל די זשאַנדאַרן, וואָס שטייען פון דרויסן. עמיצן, וואָס זיצט רייטנדיק אויף א פערד, מען לייגט מיך אַוועק אויף די קני, און מיר טראָגן זיך.

— דערקענסטו? — פליסטערט א באַקאַנט קול.

— דו! מיכאַאיל!

— שטילער! די געפאַר איז נאָך נישט אַריבער.

מיר טראָגן זיך מיט דער שנעלקייט פון א בליץ.

מיטאַמאָל — געשרייען, ביקסן־שיסעריי.

— באַהאַלט זיך אין די קוסטעס, — פליסטערט מיכאַאיל, מיך אַראָפּלאָזנדיק פון פערד. דאָס פערד, פאַרוואונדעט דורך א קויל, האָט זיך גענומען טראָגן, ווי משוגע. נאָך אים איז פאַרבייגעלאָפן אַן אָפּטיילונג, נישט אויפהערנדיק שיסן. ס'איז שטיל געוואָרן. מיר האָבן זיך אויפגעהויבן און זיינען אַריין טיף אין וואַלד. די קייטן שטערן צו גיין, און צעקלאַפּן זיי גיט זיך נישט איין. ס'הויבט אָן צו טאָגן. די הענט מיט די פיס זיינען צעקלאַפּט, פון אומעטום רינט בלוט. עס פייניקט א שרעקלעכער דורשט. מיכאַאיל האַלט מיך אונטער מיט מי. עס נעמט מיך אַרום אַן אומגלויבלעכער טרויער.

— מירן נישט דערגיין, פריינט מיינער! כ'פיל, מירן נישט דערגייין.

— שנעל, שנעל! נאָך א ביסעלע — און מירן זיין ביים ציל, — באַרויקט מיכאַאיל.

פונוויטנס זעט מען א שטיבעלע. מיר גייען מיט גרויס מי. נוס־בוימער, א גלעזערנע וועראנדע... וואָס טוט זיך דאָ? דאָס איז דאָך אונזער זומער־וווינונג!... פון צימער הערט זיך א פרויען־שטים — „ווו איז ער? ווו איז ער? לאָזט מיך שוין צו צו אים!"

— מאמע! דו גאָט מיינער, כ'גיי אראָפּ פון זין! וואָס טוט זיך דאָ? ווי אַזוי קום איך אהער?

— איך, איך! קינדעלע מיינס! איצט וועלן מיר דיך שוין נישט אָפּגעבן! הייסע אָרימס דריקן מיך...

— — — — — — — — — — — — — —

— מיין הער! שטייט שוין אויף אמאָל, מירן איינגיכן אָנקומען! מען קען אייך גאָרנישט אויפוועקן! — האָט געוואָרטשעט דער דעזשורנער זשאנדאַר.

אין פענסטער האָט אריינגעקוקט א פריילעכער, קלאָרער פרימאָרגן. מיר פאָרן צו צו פעטערבורג. די אָפיצירן גייען אָנגעטאָן אין די פּאראד־אוניפאָרמען. דאָס זילבער פון די עפּאלעטן האָט שיין אונטערגעשטראָכן די הימל־בלאָקייט פון מונדיר.

דאָס קלייבן זיך דויערט נישט לאַנג. די שטימונג, אין וועלכער דער חלום האָט מיך אריינגעבראַכט, גייט שנעל איבער אין א צווייטער — אין א קעמפּעדישער. די נאָענטקייט פון צוזאמענטרעף מיט „זיי", מיט „פּעטערבורג" ברענגט אריין אין א געהויבענער שטימונג: דער געראַנגל איז נאָענט — און דער לעצטער געראַנגל! די פאַנטאַזיע מאָלט אויס דעם פּראָצעס, — דעם ערשטן גרויסן פּראָצעס פון סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. זיי האָבן צונויפגעקליבן א גרויסן עולם און א גוטן עולם. אַלץ באַקאַנטע און פריינט. מירן „זיי" ווייזן ווי אַזוי מען קעמפּט! האָפערדיק, פריילעך קוקט זיך אין דער צוקונפט. דער ערשטער פּראָצעס איז פאַר א רעוואָלוציאָנער, ווי דער ערשטער באַל פאַר א זעכצניאָריק מיידל. עס מאַכט נישט אויס, וואָס דער ערשטער איז אָפּט אויך דער לעצטער, וואָס עס דערוואַרט די תליה: גייסט, ווי צו א שלאַכט, ווי אויף א יום־טוב...

## קאַפּיטל פיר

אין אזא שטימונג האָט מען מיך געבראַכט מיט גרויס פּאראד אין דער זשאנדארמעריע־פאַרוואַלטונג. מען האָט מיך אריינגעפירט אין א צימער. אינמיטן א שטול: פאַרן „בענעפיציאַנט". ארום און ארום זשאנדארמען. כ'האָב זיך אוועקגעזעצט, כ'וואַרט, וואָס דערפון וועט ארויסקומען.

אויסטערליש, ווי העפלעך עס זיינען די פּעטערבורגער. כ'בין קוים געקומען צופאָרן צו זיי, און שוין גיבן זיי אָפּ כבוד איבער די אויערן. עס האָט זיך אָנגעהויבן א דעפילאַדע פון דעפּוטאַציעס: פון זשאנדארמען־קאָרפּוס, פון יוסטיץ־מיניסטעריום, פון מיניסטעריום פאַר אינערלעכע ענינים און אַזוי ווייטער.

די קייטן האָט מען נישט אראָפּגענומען. פאַר דער פאָטאָגראַפיע האָב איך פאָזירט אין די האַנט־ און פיס־קייטן.

— צום פאַרהער!

קלאַפּנדיק מיט די קייטן, שטערנדיק די געזעלשאַפטלעכע רו, גיי איך צום „פאַרהער־צימער". א זשאנדארמעריע־גענעראַל און דער באַצויבערנדיקער טרוסעוויטש — דאַן געהילף־פּראָקוראָר פון העכסטן געריכט פאַר געהיימע ענינים,

היינט מיט גאַנס הילף דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. אַן אַלטער באַ־קאַנטער, כ'וועל אָבער נישט זאָגן, אַז אַן אָנגענעמער.

— אייער פאַמיליע — ג.?

— דאָס דאַרפט איר בעסער וויסן. מיט וואָס קאָן איך דינען?

— לויטן געזעץ(!!), — דאַרף מען אַן אַרעסטירטן אין משך פון 24 שעה מודיע זיין אין וואָס מען באַשולדיקט אים. וועט איר אפשר זיין אַזוי גוט און אָנ־רופן אייער נאָמען?

— ניין, כ'וועל נישט זיין אַזוי גוט. אדרבה, אפשר וועט דער „פאַרשטייער פון געזעץ" זיין אַזוי גוט דערקלערן דעם אַרעסטירטן, פאַרוואָס עס האָבן אים אַרעסטירט אַגענטן, וועלכע האָבן אים נישט געקענט?

— די טעכניק פון אַרעסטירן געהער צו דער אָכראַנע: מיר וויסן וועגן דעם גאָרנישט. איר ווערט באַשולדיקט אין געהערן צו דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און צו דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אין אָנטיילנעמען אין מאָרד פון מיניסטער סיפּיאַגין און גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש, אין אַטענטאַט אויפן אויבער־פּראָקוראָר פּאָבעדאָנאָסצעוו.

— עס זיינען דאָך פאָרגעקומען אַטענטאַטן אויף אָבאָלענסקין און פאָן וואַל, טאָ פאַקט שוין צו צוזאַמען! איך קאָן גיין צו זיך אין צימער, נישט אמת?

— אָט איז די פאַראָרדנונג וועגן האַלטן אייך אין אַרעסט, איר וועט אונטערשרייבן?

— כ'וועל פּרוּוון זיצן אָן אַ אונטערשריפט. כ'האָף, אַז מען וועט מיך נישט עקספּעדירן.

— איר זאָגט זיך, הייסט עס, לחלוטין אָפּ צו געבן דערקלערונגען?

— יאָ, עס זעט אַזוי אויס. כ'בעט אַריינטראָגן אין פּראָטאָקאָל מיין פּראָ־טעסט קעגן אָנטאָן מיר קייטן, אין וואָס איך זע איין אַ נקמה־אַקט מצד דער רעגירונג...

ביז צוועלף אַזייגער ביינאַכט בין איך געזעסן אין דער זשאַנדאַרמעריע.

אין האַלבער נאַכט האָט מען מיך אַרויסגעפירט, אַריינגעזעצט אין אַ קאַטש און אונטער אַ זיכערער שמירה זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מיר פאָרן צו דער פּאַלאַץ־בריק. אהא! אין פּעטראָפּאַוולאָווער!

---

אייזערנע טויערן. אַ זשאַנדאַרמען־אָפיציר גייט אַרויס אויספּוּעלן, מען זאָל אונז געבן נאָכטלעגער. די אונטערהאַנדלונגען דויערן גאַנץ לאַנג. סוף־כל־סוף עפענען זיך די טויערן — ביטע! מיר גייען דורך די וואַך־שטוב, ווו עס שטייען מיט די ביקסן צוויי פּלוטאָנען זעלנער. דער קייטן־קלאַנג הילכט שטאַרק אָפּ אונטער די שטיינערנע געוועלבן. מיר גייען דורך דעם קאָרידאָר פון אונ־טערשטן שטאָק.

די טירן פון די צעלעם זיינען ברייט אָפן [1]) עס טראָגט פון דאָרטן מיט

---

[1]) אין אונטערשטן שטאָק האַלט מען זייער זעלטן אַרעסטאַנטן, צוליב דער צו שטאַרקער פייכטקייט. ביזן קאָנסטיטוציאָנעלן פּעריאָד זיינען דאָרטן די צעלעם געשטאַנען ליידיק.

חושך, קעלט און פארדומפנקייט. עס טויכן אויף די בילדער פון די טאָרטור־קאמערן. מיר הויבן זיך אויף אויף שטיגן און גלייך ביים אויסבויג—זייט מוחל!

א קליינע צעטומלעניש: לויט דער אינסטרוקציע מוז מען אויסטאָן און געוויי רעווידירן, צוליב די קייטן אָבער קאָן מען נישט אראָפּנעמען נישט די קליידער, נישט די שיך. אראָפּנעמען ווידער די קייטן דערלויבט נישט דער קאָ־מענדאנט ביינאכט, מורא האָבנדיק אויפצוּוועקן די גאנצע פעסטונג. האָט מען זיך געמוזט באגנוגענען מיט רעווידירן די קעשענעס און דאָס מויל.

דורכן פענסטערל שלאָגט זיך דורך דאָס פריע טאָגן פון פעטערבורגער פרימאָרגן. דאָס ליכט אין אייזערנעם לייכטער שימערט טריב. עס שמעקט מיט פייכטקייט. די צעלע איז גאנץ גרוים: זעקס טריט אין דער ברייט און צען אין דער לענג. דער פולאָפּ איז נידריק, מיט געוועלבן. דאָס פענסטערל — גאָר אויבן; קעגנאיבערן פענסטער, כמעט הארט פאר אים — די וואנט פון דער פעסטונג. א גרויע, א האלב־צעפאלענע[1]) אין די שפאלטן שלאָגט זיך דורך העלע, פרישע גרינס. א נארע — צוגעשלאָגן צום דיל, — אן אייזערנע פלאַטע — אריינגע־שניטן אין דער וואנט און וואָס דארף פאַרשטעלן מיט זיך א טיש, — און א קלאָזעט — דאָס איז די גאנצע מעבלירונג.

גאנץ פרי האָט מען מיך אויפגעוועקט. מען האָט מיך אראָפּגעפירט אונטן אראָפּצונעמען די קייטן. צוליב קנאפער פראקטיקע האָט דאָס געדויערט העכער א האלבע שעה. מען האָט צוגענומען די קליידער, ארויסגעגעבן מלוכהשע וועש, שטעק־שיך און א בלויען כאלאט — אָט דאָס איז די קליידונג. עס איז אראָפּ־געקומען דער פארוואלטער איבער די ארעסטאנטישע צעלעס — דער פולקאָוו־ניק ווריאָווקין — צו דערקלערן די „רעכט און פליכטן".

— שרייבן צו די קרובים מעג מען?

— יאָ, צוויי מאָל א וואָך, מען וועט אָבער מוזן ווארטן אויף א פאראָרד־נונג פון פאָליציי־דעפּארטאמענט.

— באזוכן?

— אוודאי, אוודאי! דינסטיק און שבת — אויב דער פאָליציי־דעפּארטא־מענט וועט דערלויבן.

— ביכער לייענען?

— מעג מען, מעג מען! מען דארף אָבער א דערלויבניש פון פאָליציי־דעפּארטאמענט.

— פארבעסערן דעם עסן?

— וויפל איר ווילט נאָר! ווי נאָר עס וועט אָנקומען געלט פון פאָליציי־דעפּארטאמענט.

— פולקאָווניק, און הענגען הענגט מען זיך דאָ ביי אייך אויך מיט דער דערלויבניש פון פאָליציי־דעפּארטאמענט?

— קיין דערקלערונגען האָט איר נישט אָפּצוגעבן?

— ניין, כ'האָב נישט...

מיין צעלע — דער 46־טער נומער — איז בארימט אין דער געשיכטע

---

[1]) פון דרויסן זיינען די פעסטונגס־ווענט באדעקט מיט גראניט, זעען אויס שרעקלעך, אָבער אויך מאיעסטעטיש. פון אינווייניק — איז עקלדיק און אָפּ־געלאָזן. א שפיגל־בילד פון אליינהערשערישן רעזשים.

פון דער פעסטונג. דאָס איז א פולשטענדיק איזאָלירטע צעלע מיט א טאָפּלטן שלאָס און א אייזערנעם ריגל. קעגנאיבער דער צעלע האָט מען גלייך אוועקגעשטעלט וואך־זשאנדארמען. די אקוסטיק איז אזא, אז דער קלענסטער שאָרך מאכט אַן א שטארקן רעש. אז מען קערט איבער אין דער צעלע א זייטל — הערט מען אין צווייטן עק קאָרידאָר. אין דער צעלע איז קאַלט און פייכט. מען הייצט ביז יוני, און אמאָל טאקע דעם גאנצן זומער. אַן אייביקער האלב־חושך. פון סעפּטעמבער ביז מערץ גיט מען ארוים באלייכטונג אויף 20 שעה אין מעת־לעת און פונדעסטוועגן מוז מען נאָך צוקויפן! אין משך פון גאנצע וואָכן קומט אוים צו ברענען ליכט א קיילעכדיקן מעת־לעת![1]).

די תפיסה געפינט זיך אין טרובעצקאָיער באסטיאָן; דאָס איז א פינפּקאנטיקע צוויי־שטאָקיגע געביידע, ארומגענומען מיט די ווענט פון באסטיאָן; די וואנט איז העכער פארן בנין, אָפּגערוקט קוים אויף א קלאפטער און זי לאָזט דורך זייער ווייניק ליכט.

אינמיטן בנין געפינט זיך א הויף, באזעצט מיט ביימער. אינמיטן הויף א באָד. די פעסטונג ווערט געהיט דורך מיליטערישע וואכן. אינווייניק זשאנדארמען און פּראָפעסיאָנעלע אונטעראָפיצירן, די אזוי־גערופענע געשווירענע. רעדן מיט די ארעסטירטע איז שטרענג פארבאָטן. קומען אריין אין דער צעלע, פירן ארוים אויפן שפּאציר און אזוי ווייטער — אומבאדינגט זאלבעצווייט. איינער שפּיאָנירט דעם צווייטן און אלע צוזאמען די ארעסטירטע אין א אומדערהערטער מאָס. די צעלע ווערט רעווידירט כמעט יעדן טאָג, בעת מען פירט אויפן שפּאציר, וועלכער דויערט 15—12 מינוט. די קליידונג ווערט אויך ארויסגעגעבן בלויז אויף דער דאָזיקער צייט.

עס האָבן גענומען פליסן טריבע, איינטאָניקע טעג. אַן ביכער, אַן בריוו, אַן באזוכן. עס מאטערט בסדר די פראגע: ווי אזוי האָט מען מיך ארעסטירט? האָט מען טאקע אויסשפּיאָנירט און די גאנצע קאָמפּליצירטע קאָנספּיראַציע־סיסטעם, אויף וועלכער מען האָט געלייגט אזויפיל האָפענונגען, האָט זיך ארויסגעוויזן אלס אומטויגלעך?[2]) וואָס וויסן זיי וועגן דער ארבעט? וועמען נאָך האָבן זיי ארייגעכאפּט אין דער נעץ? וועמען האָבן זיי ארעסטירט? נישטאָ קיין מעגלעכקייט ניט זיך עפּעס צו דערוויסן, ניט צו געבן צו וויסן. טרוסעוויטש איז

[1]) עלעקטריע איז איינגעפירט געוואָרן ערשט אין 1904. ביז דאן האָט מען באלויכטן מיט נאפט־לאָמפּן, און נאָך דער געשיכטע מיט וועטראָוואַ — מיט ליכט.

[2]) ערשט שפּעטער, נאָכן פארלאָזן די שליסעלבורגער פעסטונג, האָט מען מיר איבערגעבן, אַז די סיבה פון ארעסט זאָל האָבן געווען דער פאַראַט פון איינעם א סטודענט, וועלכער איז פונקט געזעסן ביי דער פרוי, אויף וועמענס אדרעס עס איז אָנגעקומען אין קיעוו די טעלעגראמע. דער סטודענט זאָל זיך האָבן דערוווסט, אז די טעלעגראַמע באדייט מיין קומען און פאר אַ געוויסע סומע האָט ער די דאָזיקע ידיעה פארקויפט די זשאנדארמען. די דאָזיקע ווערסיע שטאמט פון פארשידענע אָפיציעלע קוועלן, אָבער אויף וויפל דאָס איז ריכטיק — נעם איך זיך נישט אונטער צו אורטיילן. איך וויים בלויז איינס: אויסשפּיאָנירט האָט מען מיך נישט און די זשאנדארמעריע האָט אפילו נישט געוווסט, פונוואנען איך בין געקומען קיין קיעוו.

עטלעכע מאָל אראָפּגעקומען, אָבער היות איך האָב זיך קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו געבן דערקלערונגען און געבעטן מיך צורי״ לאָזן—האָט מען מיך געלאָזט צורו.

סאיז פארביי א חודש, א צווייטער. מיטן יולי ברענגט מען מיר די קליי־רונג: אָנטון זיך*) מען פירט מיך אריין אין פארהער־צימער. כ׳גיב א קוק — באקאנטע: טרוסעוויטש מיט א זשאנדארמעריע־פּולקאָווניק.

— ? !.

— מען גיט אייך איבער א צוגאָב־באשולדיקונג פאר אָנטיילנעמען אין אַטענטאט אויפן כארקאָווער גובערנאטאָר — פירשט אָבאָלענסקי.

— מער גאָרנישט?

— מער גאָרנישט! די באשולדיקונג באזירט אויף די דערקלערונגען און דער איפריכטיקער חרטה פון קאטשוראַן...

אינערלעך ציטער איך אויף, אָבער תיכף בארויק איך זיך:

א זשאנדארמישער שפּיצל! כ׳באמי מיך צו בלייבן קאלטבלוטיק.

טרוסעוויטש, וועלכער וויל, קאָנטיק, איבערראשן און ארויסרופן אויף א שבועס, ווערט אָפּנהארציק: אונטער וואָסער ווירקונג און וואָס קאטשורא האָט דערציילט, אז איצט וועט מען אים „באגנעדיקן און מען וועט באדייטנד פארלייכ־טערן זיין גורל״ און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער. אָבער פארבייגייענדיק זיי־נען ארייגעוואָרפן געוואָרן עטלעכע פרטים, וועלכע זיי האָבן געקאָנט וויסן בלויז פון קאטשוראַן אליין. דער מח ארבעט שנעל און פיינלעך.

איך באמי מיך תופס צו זיין די לאגע: איז דאָס א זשאנדארמישע פאסטקע, אָדער קאטשורא האָט זיך אויף אן אמת איינגעבראָכן? איך קאָנפראָנטיר קליינ־קייטן: א שרעקלעכער געדאנק דרינגט דורך דעם מארך, ווי א שטאָלענע נאָדל — עס איז קיין ספק נישטאָ: דאָס זיינען קאטשוראס ווערטער און דערקלערונגען.

אין דער נשמה הערשט אַן אמתער גהינום. אין איין מאָמענט האָט אַלץ גענו־מען שווימען פאר די אויגן. איך מאך איבער זיך אן אומגלויבלעכע אָנשטרענגונג און כ׳באמי זיך, בלייבנדיק אויסערלעך רויק, וואָס שנעלער פּטור ווערן פון זיי. אין דער צעלע! שנעלער אין דער צעלע!

דער ריגל קלאפּט זיך הילכיק צו — ביסט אליין. אין מח וואקסט אָן עפּעס גרויסעס, גרויסעס, שוידערלעך־עקלדיקס. ווי די פיל־פיסלעך פון א ספּרוט וואָלטן דיך איננאנצן ארומגעכאפּט מיט אייזערנע קלאמערן און א דריקנדיקע קבר־קעלט מאכט פרירן דאָס הארץ.

צי איז אייך באקאנט דאָס געפיל פון טויט־שרעק? אין יענעם מאָמענט האָב איך עס איבערגעלעבט! דער שוידער פארן מענטשן, דער שוידער פאר דער קאָמ־פּליצירטקייט און געהיימניספולקייט פון דעם, וואָס טראָגט דעם נאָמען — מענ־טשלעכע נשמה. ווי א שטיקנדיקער געשפּענסט איז דער געדאנק: קאטשורא — א פארעטער! דער שכל זאָגט זיך אָפּ צו גלויבן, אָבער ניט גלויבן איז אוממעגלעך.

דער כוח־הדמיון ארבעט פיבערדיק און אומרויק, פאָרשטעלנדיק זיך יענעס פּיינען און טאָרטורן, וועלכע זיינען בכוח געווען צו ברעכן קאטשוראַן, און דעם

---

*) דאָרט זאָגט מען קיינמאָל נישט, צו וואָס מען רופט אייך ארויס: אָנטון זיך! און גייענדיק מיט די זשאנדארמען, ווייסט איר נישט צי אויף א פארהער, אויף א זעאונג, צום דאָקטאָר, אויף א קאָנפראָנטאציע אָדער אויף א וואָסער־נישט איז אנדערן זשאנדארמישן געברויך.

ראַזיקן פעסטן, טרייען, באַוווסטזיניקן מענטשן, — דעם אָפּגאָט און שטאָלץ פון די אַרבעטער־קרייזלעך, — פאַרוואַנדלען אין אַ פאַרעטער, רכילותניק און בייז־ווילִיקן דענונציאַנט. אַזאַ צוזאַמענברוך פון אַ רעוואָלוציאָנער רופט תמיד אַרויס ווייטיק און פיין. אָבער ווען אַ מענטש געפינט זיך אין תפיסה, ווען אים שטייט פאַר דער זעלבער אומבאַקאַנטער דערנער־וועג פון די צאַרישע טאָרטור־קאַמערן, ווען עס גרייט זיך אייך איינצושלינגען דער זעלבער פינסטערער, געהיימניספולער פּיסק פון דער רוסישער יוסטיץ, — דאַן נעמט אָן אין זיינע אויגן דער דאָזיקער היטלעכער צוזאַמענברוך אַ באַזונדערס שוידערלעכן כאַראַקטער.

ער האָט נישט אויסגעהאַלטן, און דו וועסט יאָ אויסהאַלטן? ווי אַזוי קאָן מען קאָנטראָלירן די אייגענע כוחות? וואָס דאַרף מען טאָן, כדי מען זאָל זיך קאָנען זאָגן מיט זיכערקייט: איך וועל אויסהאַלטן! און רויק אַנטקעגנגיין די בייזע און פאַרברעכערישע צוטראַכטענישן פון דער רעגירונג?

אין לעבן איז אויסגעקומען איבערצולעבן אַ סך שווערע, דריקנדיקע מאָמענטן. אָבער אַזעלכע פיינלעכע, אייז־קאַלטע און נשמה־פאַרוויסטנדיקע מאָמענטן האָב איך זיך נישט געקענט פאָרשטעלן.

גלייך דערנאָך איז מיר קלאָר געוואָרן פּלעוועס פאַררעטערישער שאַכצוג.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן נישט שאַפן קיין גרויסן פּראָצעס פון סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערן, נאָר אויסטיילן עטלעכע מענטשן, גרופּירן זיי אַרום די טעראָריסטישע אַקטן און שאַפן אַ קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אָבער אינגאַנצן — אָן שום רעשטלעך. עס איז קלאָר געוואָרען, אַז צוליבן קינסטלעכן אָפּקלייב וועט די געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פון פּראָצעס מוזן זיין נישטיק.

## קאַפּיטל פינף

העכער אַ חודש צייט האָט מיך קיינער נישט באַאומרויקט. אין די לעצטע טעג פון אויגוסט, זעקס אין אָוונט, ווען מען טראָגט פאַנאַנדער אָונטברויט, עפנט זיך די טיר פון מיין צעלע. די אַרעסטאַנטן האָבן ביי זיך גרויסע קווערט אויף אוקראָפּ. ווען די זשאַנדאַרן טראָגן פאַנאַדער די שיסלעך מיט אָוונטעסן, גייט מען זיי געוויינלעך אַנטקעגן מיטן קווערטל. הערנדיק, אַז ס׳עפנט זיך די טיר, זיכער, אַז דאָס איז אַן אונטעראָפיציר מיט אַ שיסל, גיי איך אַנטקעגן, נישט אומקוקנדיק זיך, מיטן גרויסן קוואַרט אין די הענט. כ׳האָב נישט באַוויזן אומצוקוקן זיך — און שוין שפּרינגט צו מיר צו, — מיט דער שנעלקייט פון אַ קאַץ, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט, איינזוויגנדיק זיך אומרויק מיט די אויגן...

— פּלעווע!

ער איז צוגעשפּרונגען אַזוי נאָענט, ווי ער וואָלט וועלן מיך אַרומנעמען. ווי ס׳ווייזט אויס, האָט דער אַלרוסישער אַליינהערשער זייער שלעכט פאַרשטאַנען מיין אומשולדיק אַנטקעגנגיין, וואָס איז פּ״ל געווען מיט די איידעלסטע כוונות. איניקע רגע׳ס זיינען מיר געשטאַנען איינער קעגנאיבערן צווייטן.

לויט זיין באַפעל איז די טיר פאַרמאַכט געוואָרן, און מיר האָבן זיך געפונען אונטער פיר אויגן.

— איר האָט מיר וואָס צו זאָגן? — האָט ער אַרויסגערעדט.

היות איך האָב לחלוטין נישט דערוואַרט זיין דערשיינען און היות דאָס

איז פאָרגעקומען זייער האסטיק, האָב איך, ווארשיינלעך, זיך נישט גלייך געבאַפּט וואס אים צו ענטפערן און איך האָב עס אָפּגעפּטרט בלויז מיט אן אויסרוף — „אייך?!"

ווייזט אויס אָבער, אז דאָס דאָזיקע איינע וואָרט האָט זיך ארויסגעריסן צו אויסדרוקספול.

ער איז ארויסגעלאָפן פונקט אזוי שנעל, ווי ער איז אריינגעלאָפן. מער האָבן מיר זיך „נישט געטראָפן", און אלע דערציילונגען וועגן זיינע באזוכן זיינען נישט מער, ווי לעגענדעס. וואָס ער האָט געוואָלט, האָב איך זיך שוין קיינמאָל נישט דערוווסט, כ'האָב אָבער געהערט, אז ער איז שטארק אומצופרידן געווען מיטן וויזיט.

צו מיין גרויסער פארוווּנדערונג האָט מען מיך עטלעכע חדשים לאַנג מער נישט באאומרואיקט, און דאָס טאקע האָט מיך נישט ווייניק באאומרואיקט. וואס שלעפן זיי אָפּ? דאָס גלייכסטע, דאכט זיך, וואָלט געווען אָפּצופּטרן מיך זומערצייט, אין טויטן פעטערבורגער סעזאָן. ווייזט אויס, אז עס זיינען אנטשטאנען געוויסע שוועריקייטן, אָבער וועלכע? נאָך קאטשוראס פארראט פלעגט דאָס הארץ פארגליווערט ווערן יערעס מאָל, ווען עמיץ פלעגט פארבייגיין די צעלע: „צום פארהער", פלעג איך א טראכט טאָן א פארציטערטער, „שוין ווידער עפּעס א פארראט!.."

ס'איז פארגאנגען דער זומער, ס'איז פארגאנגען הארבסט. עס זיינען געקומען טעג אָן ליכטיקייט — כסדרדיקער בין־השמשות. אינמיטן טאָג זעט מען גאָרנישט אָן א ליכט. ס'איז אָפּגעווישט דער גרעניץ צווישן טאָג און נאכט. טרוסעוויטש באאומרויקט נישט. די זעלישע ווונדן הויבן זיך ביסלעכווייז אָן צו פארציען. צו דער געפאנגענשאפט געוויינט מען זיך צו. יעדער קלאנג, יעדער רויש פון דער פריי הויבט פון אָרט די ערשטע צייט, ווי א איבערגעשראָקן פויגעלע. די נשמה רייסט זיך צום דרויסן און קלאפט זיך אין די תפיסה־קראטעס. אלע געדאנקען זיינען דאָרט, אויף דער פריי. דאָס איז בייטאָג, אָבער ביינאכט — אנטלויפט מען. מען האלט אין איין אנטלויפן, אויף די סאמע פאנטאסטישסטע, קונציקסטע אופנים. און אלע ענדיקן זיך מיט א דורכפאל. און אין מאָמענט פון דורכפאל כאפּט מען זיך אויף, אָפּגעגאָסן מיט שוויים, מיט א שטארק קלאפנדיק הארץ, און ווי נאָר מען שלאָפט ווידער איין — אנטלויפט מען ווידער!*)

ביסלעכווייז אָבער געוווינט מען זיך צו. מען געפינט אפילו א מין גייסטיקע רו.

יעדער איבעריקער טאָג איז דאָך א מתנה פון גורל אָדער ריכטיקער פון דער מאכטס אָפּגעלאָזנקייט. אזוי ארום האָב איך, פון קיינעם נישט געשטערט, דערצויגן ביז סוף נאָוועמבער, ווען די טיר פון דער צעלע האָט זיך געעפנט און מען האָט ווידער אריינגעבראכט די קליידונג: אָנטאָן זיך!

---

*) די אנטלויף־טרוימען פארפאָלגן די האָפנונגסלאָז־ארעסטירטע זייער לאַנג — גאנצע יאָרן. אין צוויי יאָר ארום, ווען איך האָב זיך געזעגן מיט די אלטע שליסלבורגער און כ'האָב קאָנטראָלירט מיינע איינדרוקן, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די דאָזיקע קאשמארן האָבן זיי פארפאָלגט צו 10—6 יאָר.

מען פירט אין זעלבן פארהער־צימער. דאָרט געפין איך דעמזעלבן באַצויבערנדיקן טרוסעוויטש. א יום־טובדיקער, א פייערלעכער. אויפן טיש פּאַליאַנטן: „געריכטס־אקטן".

— די אויספאָרשונג וועגן אייער ענין איז פארענדיקט און ער גייט אי־בער אין דער ווייטערדיקער אינסטאנץ. ווילט איר אפשר מיט עפּעס פארפולן דעם אויספאָרשונגס־מאטעריאל?

— נישט איך האָב אָנגעפילט, און נישט איך וועל פארפולן. א פּרינציפּיעלע דערקלערונג וועל איך צושיקן אויפן פּראָקוראָרס נאָמען.

מיר האָבן זיך צעשיידט גאנץ קאלט. איצט, הייסט עס, איז שוין נישט לאנג! „דער ענין גייט איבער אין דער ווייטערדיקער אינסטאנץ" — דאָס הייסט, אז אין עטלעכע טעג ארום אין קריגס־געריכט, און דערנאָך — אויף יענער וועלט. סוף נאָוועמבער.

אויף וויינאכטן, הייסט עס, וועלן זיי פארענדיקן. מוז מען זיך צואיילן מיט דער פּרינציפּיעלער דערקלערונג, זי זאָל ארייַנגיין אין באשולדיקונגס־אקט. די גאנצע צייט האָב איך אָפּגעצויגן, ווייל כ'האָב געהאָפט, אז עס וועט געלינגען דערוויסן זיך כאָטש אומגעפער, וואָסער מאטעריאל זיי באזיצן. צום פּראָצעס זיינען צוגעצויגן געוואָרן עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן קיין שום שייכות נישט געהאט צו דער קאמף־אָרגאניזאציע. ווי ס'שיינט, האָבן זיי געהאט פארפלאָנ־טערטע באווייזן. איך האָב געוווסט, אז דער עיקר בויט מען אויף דענונציאציעס. אויב אזוי, טאָר איך נישט אנערקענען די טיילווייזע ריכטיקייט פון די דענונ־ציאציעס, וואָס שייך מיין פּערזאָן, ווייל דערמיט ווערט אומדירעקט באשטעטיקט די „געוויסנהאפטיקייט" פון דער דענונציאציע אויך בנוגע די איבעריקע. האָב איך באשלאָסן אָפּצוואַרטן און דערווייל געבן אן אלגעמיינע דערקלערונג, אויפקלערנדיק די טעטיקייט פון דער פּארטיי סאָציאליסטן־רעוואָלוציאָנערן און אנערקענענדיק זיך אלס אירן א מיטגליד.

* * *

אין עטלעכע טעג ארום, שפּעט אין אָוונט, שוין נאָך דער קאָנטראָל, וועקט מען מיך פּלוצלינג: טוט זיך אָן! מען פירט מיך אריין אין דער וווינונג פון פּולקאָווניק (דעם תפיסה־פארוואלטער). מיר אנטקעגן הויבט זיך אויף א הער אין א שווארצן סורדוט. די זשאנדארן גייען אוועק, און מיר בלייבן אונטער פיר אויגן. ער איז ליבנסווירדיק, העפלעך, קאָרעקט.

— איך קום צו אייך לויטן אויפטראג פון מיניסטער פאר אינערלעכע ענינים.

— ?!

— איר ווייסט שוין, זיכער, אז אייער ענין איז איבערגעגעבן געוואָרן אין קריגס־געריכט, ריכטיקער — אין שטאנד־געריכט.

א פּויזע. ער קלאַפּט מיט די פינגער אין טיש.

— קען מען ריידן אָפן? איר האָט דאָך שטארקע נערוון, נישט אמת?

— יאָ, ביטע.

— דער אורטייל לויטן פּאראגראף 279 איז באקאנט און פון פאָרויס גרייט. איך דארף אייך דאָך נישט דערציילן! איך מוז אייך אָבער אָפן זאָגן: די רעגי־רונג וויל נישט קיין עקזעקוציע, ד. ה. ריכטיקער, זי וועט גערן איינגיין צו

פארבייטן די טויט־שטראָף. הערט מיך אויס רואיק. איך ווייס גאנץ גוט, מיט וועמען איך האָב צו טון און איך בין ווייט פון געדאנק פאַרצולייגן אייך וועלכע־נישט־איז טויש־געשעפטן, אָפּנהארציקע דערקלערונגען און ענל. איר האָט אייער זאך געטון. שאנעוועט אייער לעבן!

— זייט ווען זאָרגט אזוי פלעווע פארן לעבן פון רעוואָלוציאָנערן?

— נישט אין דעם גייט עס. לאָמיר לאָזן פלעוועןאין א זייט. כ׳קען אייך נאָר זאָגן, אז אומזיסט באטראכט איר פלעווען פאר אזא אכזר. איך חזר איבער: די רעגירונג איז גרייט אייך שענקען דאָס לעבן...

— מיטן באדינג?...

— יאָ, געוויס, מיט א באדינג. אָבער פון א ריין־פאָרמעלן כאראקטער. איר האָט נישט געגעבן קיין שום דערקלערונגען. דאָס איז אייער רעכט. דאָס גיט אָבער צו א ספּעציפישן ניואנס אייער באציונג צו דער רעגירונג,א ניואנס, אזוי־צוזאָגן, פון גרינגשעצונג. לאכט נישט; אזוי איז דאָס. איך חזר איבער, איך לייג אייך נישט פאָר צו געבן דערקלערונגען. מען פאָדערט בלויז פון אייך צו באשטעטיקן די ריכטיקייט פון דער באשולדיקונג, אפילו בלויז אין יענע פונקטן, וועלכע שטייען מחוץ פון יעדן ספק. אנערקענט זיך אלס מיטגליד פון דער קאמף־אָרגאניזאציע — מער פאָדערט מען נישט און מען גאראנטירט אייך אָפּ־צושאפן דעם טויט־אורטייל. איר פארשטייט גאנץ גוט, אז מען שטעלט דאָ נישט פאר אייך קיין שום פּאסטקע: כדי דאָס קריגס־געריכט זאָל אייך פאר־משפּטן זיינען דאָ געגוג באווייזן אויך אָן אייער מודה־זיין־זיך.

— קורץ און שארף: פאר אנערקענען זיך אלס מיטגליד פון דער קאמף־אָרגאניזאציע לייגט איר מיר פאָר אזא גוטן פּרייז, ווי דאָס לעבן? ביז היינט איז מיר נישט געווען קלאָר — דערקלערן זיך אלס אזא אָדער נישט. איצט איז מיר קלאָר: ניין!

— ס׳ארא מאָדנע לאָגיק!

— פארשטייט איר מיר: אויב איר גיט פארן דאָזיקן מודה זיין זיך אזא גוטן פּרייז, הייסט עס, אז דאָס לוינט פאר אייך. און אויב דאָס לוינט פאר אייך, איז דאָך קלאָר, אז פאר אונז איז דאָס שעדלעך. איך ווייס נאָך נישט, אין וואָס דאָ גייט, צו וואָס איר דארפט דאָס האָבן. אפשר איז אייך איצט פשוט אומבאקוועם אן עקזעקוציע — איך ווייס נישט. דערפאר אָבער ווייס איך איצט, וואָס פאר אונז איז נוצלעך און באקוועם.

דער שליח — ער האָט זיך ארויסגעוויזן אלס וויצע־דירעקטאָר מאקאראוו — האָט א שעה דריי עקשנותדיק אויפגעוויזן, אז „פארן וויל פון פאטערלאנד, פאר וועלכן איר גיט אָפּ אייער לעבן" בין איך דאָס מחויב צו טאָן און „נישט קריכן אין פעטליע". פארענדיקט האָבן מיר דערמיט, אז „אויב מען דארף אפילו נישט קריכן אין פעטליע, דארף מען זיך אָבער פון איר אויך נישט ארויסדרייען".

דער דאָזיקער שמועס, ריכטיקער — פאָרשלאָג, האָט געצוווּנגען אויפצושפּיצן די אויערן. אז דאָ איז נישטאָ קיין פּאסטקע, אז זיי נויטיקן זיך נישט אין מיין מודה־זיין־זיך, כדי מיך אויפצוהענגען — דאָס איז געווען קלאָר. הייסט עס, אז זיי דארפן עס צוליב עפּעס אנדערש. ווייל דער שכר איז שוין א צו גרויסער. איז דאָך קלאָר, אזוי ארום, אז דערווייל טאָר מען זיך נישט אנערקענען אלס מיטגליד פון דער קאמף־אָרגאניזאציע. מען דארף אָפּוואַרטן און זיין אויף דער וואך.

אין צוויי טעג ארום, שפעט אין אָוונט — ווידער דיזעלבע געשיכטע. מאקאראָוו „באטראכט פאר זיין פליכט, צוליב דער נאַנטקייט פון געריכט און דער אנטשיידונג, איבערצוחזרן זיין פרווו צו ראטעווען דאָס לעבן".

— לאָמיר דאָס לאָזן אין א זייט. כ'וויל אייך נישט באליידיקן — ס'קאָן זיין, אז איר פערזענלעך האָט נישט קיין שום הינטער־כוונות. איר פארשטייט דאָך אָבער גאַנץ גוט די גאנצע אויסזיכטסלאָזיקייט פון אייער מיסיע. צי דען איז אייך אויף אָן אמת אזוי פרעמד די פסיכאָלאָגיע פון א רעוואָלוציאָנער? נו גוט, איך וועל מאכן אן אויסנאם און זיין מיט אייך אָפנהארציק: מיר האָבן זיך ביידע צוזאמענגעטראָפן ביי אזעלכע אויסערגעוויינליכע באדינגונגען. ווער ווייס אפשר זענט איר אינדערמאמתן אן ערלעכער מענטש. א פסול אין דער משפחה, אָבער קריצט זיך דאָס איין אין זכרון, איר זאָלט אין אייערע ווייטערדיקע באציונגען מיט רעוואָלוציאָנערן נישט פארלירן קיין איבעריקע צייט. איר, אין אייערע דעפּארטאמענטן, זענט אויפריכטיק איבערצייגט, אז מיר גייען אין דער רעוואָלוציע סתם אין דער וועלט אריין: ווער צוליב לײַדנשאפט, ווער צוליב דער מאָדע, ווער צוליב דער אויסרעכנונג אויף אומבאשטראָפטקייט, ווער סתם צוליב לייכטזיניקייט א. א. וו. איר פארשטייט נישט, אז א דערוואקסענער, באוווסטזיניקער מענטש, וועלכער רייסט איבער מיט זיין גאנצער פארגאנגענהייט און וואַרפט זיך אריין אין דער רעוואָלוציע, — לייזט באוווסטזיניק די פראגע פון זיין גאנצן לעבן. איבערדרייסנדיק מיטן אלטן לעבן און אריינגייענדיק אין נייעם — עקזיסטירט פאר אים מער גאָרנישט מחוץ דאָזיקן נייעם לעבן. קאמפּראָמיסן מיטן געוויסן פלעגט מען מאכן דאָרט, אין אלטן לעבן. אין נייעם ווערן זיי נישט געמאכט: דערפאר איז מען דאָך טאקע אוועק אין נייעם לעבן, בדי פטור צו ווערן פון די קאָמפּראָמיסן. צי עס וואַרט אויף אונז אין נייעם לעבן א דעפּוטאטן־בענקל אין פארלאמענט, פארשיקונג קיין סיביר אָדער די תליה — גלויבט מיר, אז מיר טראכטן וועגן דעם גאנץ ווייניק, ווייל מיר גרייטן פאר זיך צו דאָס לעצטע.

דער קריטעריום פון אונזערע האנדלונגען איז פאר אונז בלויז איינס — נעמט זיך עס אריין אין זינען — דער ווייל און די אינטערעסן פון ארבעטנדיקן פאָלק, אין דער פאָרם, נאַטירלעך, ווי אזוי מיר פארשטייען דאָס, ד.ה. דער ווייל און די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע. דער קריטעריום פון די רעגירונגס־האנדלונגען איז פונקט א קעגנזעצלעכער: גוט איז אלץ, וואָס עס איז שלעכט פאר דער רעוואָלוציע. מיר און איר — דאָס זיינען צוויי אייביק־פיינטלעכע לאַגערן. מיר האָבן נישט און קענען נישט האָבן קיין געמיינזאמע אינטערעסן, אונזערע אינטערעסן זיינען פיינטלעך און קעגנזעצלעך איינע די צווייטע. הייסט עס, אז דאָס, וואָס איז גוט, נוצלעך, באקוועם פאר אייך — איז שלעכט, שעדלעך און אומבאקוועם פאר אונז.

— אייך איז צוליב עפּעס נויטיק מיין דערקלערונג, אז איך געהער צו דער קאמף־אָרגאניזאציע — און דאָס אליין איז שוין גענוג פאר א רעוואָלוציאָנער, נישט צו איילן זיך מיט אזא דערקלערונג. מיר נעמען נישט אָן דאָס לעבן פון פלעוועס הענט, און בכלל פון קיין שום „פיינטלעכע" הענט.

און נאָך א זאך איז דאָ דערביי. איך בין א ייד. איר, — און אויך די אלע, וועלכע זיינען גענוג נאַריש אייך צו גלויבן — פארזיכערן, אז די יידן באַמיען

זיך אויסצומיידן די געפאַר, אַז צוליב פּחדנות מיידן זיי אויס די תּליה. נו גוט! מען וועט אייך געבן די מעגלעכקייט צו זען אַ ביישפּיל פון „יידישער פּחדנות"! איר זאָגט, אַז יידן קענען בלויז בונטעווען? וועט איר זען, צי זיי קענען שטאַרבן. זאָגט אייער פּלעווען: מיר האָבן נישט וועגן וואָס צו דינגען זיך, צונויפרעדן זיך. זאָל ער טאָן זיין זאַך: איך האָב דאָס מייניקע געטאָן!...

שפּעט ביינאַכט האָט מען מיך צוריק אָפּגעפירט אין דער צעלע.

אין לאַנגן געוועלבטן קאָרידאָר הערשט אַ אימהדיקער, שטיקנדיקער האַלב-חושך. די טריבע לעמפּלעך שימערירן קוים. שטייגן, שטייגן, שטייגן!... און אַלע צוגעשלאָסן. און אין יעדער שטייג פּייניקט זיך אַ יונגע נשמה, וואָס וואַרט אין דער דאָזיקער האַלב נאַכטיקער שעה געדרריקט דורך געשפּענסטער, געשטיקט דורך קאָשמאַרן!.. ווען וועט זי, ענדלעך, איינפאַלן, דאָס דאָזיקע הויז פון טרויער און צער, די קללה פון אונזער צייט!...

אָט איז שוין מיין שטייג. שטיל וויגט זיך דאָס פלעמל פונם ליכט, וואַרפנדיק ריזיקע שאָטנס אויף די ווענט. די טיר קלאַפּט, דער שלאָס קנאַקט. ביסט ווידער אַליין מיט דיינע געדאַנקען, מיט דיינע ספקות. וואָס קומט פאָר — אויף דער פריי? וואָס באַדייטן מאַקאַראָווס עקשנותדיקע צורעדעניש? וואָסערע נעצן שפּינען זיי דאָרט ווייטער? פילנדיק, אַז מען איז פון אַלע זייטן ארומגערינגלט מיט פּאַסטקעס, הויבט מען אָן אַכטונג צו געבן אויף יעדן איינעמען טריט ,אויף יעדן איינענעם וואָרט.

איינס, לכל הפּחות, איז קלאָר: אינגיכן וועט זיך אַלץ ענדיקן. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט מען מיר איבערגעבן דעם באַשולדיקונגס-אַקט, דערנאָך — דאָס „געריכט". צו ווייַנאַכטן וועט שוין אַלץ זיין גרייט. אויך איך דאַרף זיך צוגרייטן...

## קאַפּיטל זעקס

די טעג האָבן ווידער גענומען פליסן. אַ פיינלעך וואַרטן, און אַ פולשטענדיקע, באַאומרויקנדיקע איזאָלירטקייט. עס איז קלאָר, אַז עס איז אַנטשטאַנען עפּעס אַ קאָמפּליקאַציע, עס איז עפּעס פאָרגעקומען. אָבער וואָס?! אין דער דאָזיקער אומזיכערער שטימונג זיינען פאַרגאַנגען העכער צוויי חדשים! ערשט שפּעטער, נאָכן פאַרלאָזן שליסעלבורג, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז עס האָט זיך „פאַרהאַקט" צוליב פאָלגנדיקער סיבה:

אין אונזער פּראָצעס זיינען נישט געווען קיין שום באַווייזן, וואָס זאָלן שטאַמען פון דער זשאַנדאַרמעריע גופא. עס זיינען בלויז געווען די דענונציאַציעס פון גריגאָריעוון און קאַטשוראַן. לויטן „געזעץ" האָבן פּאָליטישע פּראָצעסן פאָלגנדע פּראָצעדור:1) צוערשט ווערט געפירט אַ זשאַנדאַרמישע אויספאָרשונג. אויב נאָך דער פאָרענדיקטער אויספאָרשונג קומט די פאַראָרדנונג פון פּראָקוראָר פון אַפּעלאַציע-געריכט איבערצוגעבן דעם ענין אין „געריכט", פירט קודם-כל דורך דער אויספאָרשונגס-ריכטער אַ אויספאָרשונג. אונזער ענין דאַרף, אַזוי אַרום, איבערגיין צום אויספאָרשונגס-ריכטער.

פּלעווע אָבער איז געווען קעגן דעם, ווייל ער האָט — מיט רעכט — מורא

---

1) לעצטנס, דאַכט זיך, האָט מען דאָס „פאַרייַנפאַכט".

געהאט, אז די אויספאָרשונג וועט נישט זיין אימשטאנד צונויפצוזאמלען די מינדעסטע באווייזן, אדרבה, ביי א קאָנפראָנטאציע און קרייץ־פארהער וועלן זיך פאנאנדערפאלן אלע אויסטראכטענישן פון גריגאָריעוון און קאטשוראן, וואָס אין זייער ליגנערישקייט און אומגעלומפּערטקייט האָט נישט געספקט די רעגירונג גופא. האָט מען צוגעטראכט זייער א כאראקטעריסטישן אויסגאנג פארן פלעוועשן פעריאָד: מען האָט באשלאָסן נישט דורכצופירן קיין אויספאָרשונג, און איבערשיקן אין קריגס־געריכט בלויז די זשאנדארישע אויספאָרשונג.

דאָ איז אָבער געשען א קלייניגקע שטרויכלונג. מען דארף אויפמערקזאם מאכן, אז דאָס איז פאָרגעקומען אין דער „פאר־קאָנסטיטוציאָנעלער" צייט, ווען די „געריכטן" זיינען נאָך נישט געווען אזוי פרעך, ווי היינט. דאָס געריכט, באַקומענדיק די אויספאָרשונג, איז געוואָרן אויסער זיך פון „פלעוועס חוצפה", ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט איינער פון די ריכטער, און האָט אָפּגעשיקט דעם גאַנצן ענין צוריק, פאָרשלאָגנדיק דורכצופירן די פרעווענטיוו־אויספאָרשונג, וואָס דאָס געזעץ ?עט פאָרויס. דאָס איז געווען די סיבה פון מאקאראָווס באַזוך ביי מיר.

דעם אויספאָרשונגס־ריכטער האָט מען, נאטירלעך, נישט געקאָנט איבערגעבן דעם ענין, ווייל ער וואָלט זיך פאנאנדערגעפאלן ווי טרוקענער שטויב. כדי צו ראטעווען דעם פּראָצעס, האָט מען באשלאָסן באָדאי אָפּצושאפן דעם טויט־אורטייל, אבי צו באקומען מיין מודה־זיין־זיך אין געהערן צו דער קאמף־אָרגאַניזאציע. ערשטנס וואָלט דאָס געווען באווייזן דעם געריכט אָנצונעמען דעם ענין אָן אן אויספאָרשונג, נעמענדיק אין באטראכט דעם באשולדיקטנס מודה־זיין־זיך, און צווייטנס וואָלט דאָס געווען זיין א אומדירעקטע באשטעטיקונג פאר דער ריכטיקייט פון גריגאָריעווס און קאטשוראס דענונציאציעס אויך בנוגע די איבריקע באשולדיקטע.

צוליבן זוכן אן אויסוועג האָט זיך דער ענין פארצויגן. סוף־כל־סוף האָט זיך דאָס געענדיקט דערמיט, וואָס די הערן מיניסטאָרן האָבן זיך דורכגעשמועסט מיטאנאנדער און איבערצייגט דעם קריגס־געריכט אָנצונעמען דעם ענין מיטן מאטעריאל בלויז פון איין אויספאָרשונג. דאָס האָט אָבער געפאָדערט א שטיקל צייט.

דעם 4־טן פעברואר ברענגט מען אריין די קליידונג: אָנטאָן זיך! איך האָב געטראכט, אז ענדלעך האָט מען באוויליקט א באַזוך און עס וועט אפשר געלונגען כאָטש דורך א רמז דערוויסן זיך, פארוואָס די זאָרגעוודיקע מאכט האָט פארגעסן אין מיר. מ'פירט מיך אבער ניט אין באַזוך־צימער (אין פעטראָפּאוולאָווער פעסטונג קומען פאָר די זעאונגען הינטער צוויי קראטעם), נאָר אין דער ווינונג פון פארוואלטער. צי דען גיט מען א פערזענלעכע זעאונג?

עס עפנט זיך די טיר, און אין דער ערשטער מינוט באגרייף איך גאָרנישט, וואָס דאָ קומט פאָר. עפּעס גאָר־גאָר א יום־טובדיקער גענעראל, עפּעס הויכע באַאמטע, ציווילע אין פראַקעם ....

גאָר גיך ווערט דער ענין אויפגעקלערט: דאָס איז געקומען צופאָרן דער פּאָרזיצער פון קריגס־געריכט איבערצוגעבן דעם באשולדיקונגס־אקט; אויך די פארטיידיקער זיינען דאָ; צווישן זיי קאראבטשעווסקי, וועלכער איז איינגעלאדן געוואָרן מיט מיין הסכם. דער פּאָרזיצער קלערט עפּעס אויף אומגעוויינלעך לאנג

און אומגעווײנלעך פײערלעך, אויפן סמך פון װאָסערע „געזעצן" דער ענין איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם שטאַנד־געריכט, רעכנט אוים אַלע רעכט פון די באַ־שולדיקטע, דערבײ װײזט זיך אַרויס, אַז זײ זײנען אויסערגעווײנלעך צאַלרײך, זײ האָבן אפילו דאָס רעכט אַרויסצורופן עדות אין משך פון 24 שעה.

איך וואַרט מיט אומגעדולד, די דאָזיקע קאָמעדיע זאָל זיך שוין ענדיקן און איך זאָל פאַרבלײבן אונטער פיר אויגן מיטן פאַרטײדיקער — דעם אײנציקן לעבעדיקן מענטשן, נישט פון פײנטלעכן לאַגער, וואָס האָט רעכט דערויף.

נאָך לאַנגע פײנלעכע צערעמאָניעס מאַכט זיך צו די טיר פון דער צעלע, און מיר בלײבן זאַלבעצווײט, בלויז זאַלבעצווײט!(2).

— פּלעווע איז נאָך בײ דער מאַכט? ער לעבט?

— יאָ. עס זײנען אָבער דאָ גרויסע נײעס: איר װײסט, אַז עס איז דער־קלערט געוואָרן אַ מלחמה?

— אַ מלחמה?! מיט וועמען?

— מיטן יאַפּאַן. אונזערע קרײצערס ווערן אויפגעריסן, מיר לײדן שוין מפּלות!...

— צווײטע קרימער קאַמפּאַניע? פּאָרט־אַרטור — סעוואַסטאָפּאָל?

„עקס אָריענט לוקס"?

— עס װײזט אוים אַזוי.

— און ווי זעט אוים דאָס לאַנד, אַרומגעכאַפּט מיטן פּאַטריאָטישן טשאַד, דײסט זיך צו פאַרײניקן מיטן „רעגירנדיקן פירער"?

— נו, געוויס, אָן דעם גײט עס נישט. אַלץ אָבער איז באַדײטנד אויפגע־בלאָזן און קינסטלעך. די מלחמה איז נישט פּאָפּולער. קײנער האָט זי נישט דער־וואַרט און קײנער וויל זי נישט.

מאָדנע! דאָ, אין דער האַלב־טונקעלער צעלע פון פּעטראָפּאַוולאָווער פעס־טונג, איז מיטאמאָל געוואָרן אַזוי קלאָר דאָס, וואָס די, וועלכע האָבן איבערגע־לעבט די געשעענישן אין לעבעדיקן לעבן, האָבן עס געזען אומקלאָר און פאַר־נעפּלט. עס האָט זיך געשפּירט, אַז עס רוקט זיך אָן עפּעס אומגעהויער גרויליקס, עפּעס אומענדלעך שווערס, עפּעס אומענדלעך טרויעריקס, אָבער אַז דאָס וועט שפּילן פאַרן לאַנד די ראָל פון יענעם דונער־קראַך, וועלכער וועט אויפוועקן די שלאָפנדיקע, וואָס וועט צערײסן און אויף אַש פאַרברענען דעם פאַרהאַנג, וואָס באַהאַלט אוים פאַר דער מערהײט פון לאַנד דעם עצם וועזן פון זעלבסטהער־שערישן רעזשים. און ווען ער וועט ווערן אָפּגערעקט און וועט שטײן פאַרן לאַנד אין זײן אמתער געשטאַלט, וועט עס זיך פאַרשעמען און וועט אַרומגעכאַפּט ווערן מיט גרויל בלויז בײם געדאַנק, אין וואָס עס האָט געגלויבט און אויף וואָס עס האָט געלײגט האָפנונגען...

אונזער שמועס האָט זיך לאַנג געדרײט אַרום די געשעענישן, וואָס וויקלען זיך פאַנאַנדער, און לגבי וועלכע אונזער „ענין", ד. ה. דער פּראָצעס, זעט אוים

(2) נישט רעכנענדיק יענעם דריטן, וועלכער הערט, נאַטירלעך, אונטער בײ דער טיר — עס זאָל דערפילט ווערן דאָס געזאָגטע אין דער יעוואַנגעליע: „דאָרט, וווּ צווײ האָבן זיך פאַרזאַמלט אין מײן נאָמען, בין איך אַ דריטער צווישן זײ".

אזוי קליין, אומבאדייטנדיק. איצט, זאָגט מען, איז קאראביטשעווסקי רעכטער געוואָרן און האָט זיך אָפּגערוקט פון פּאָליטישן לעבן. איך מוז אָבער זאָגן, אז אין אונזער פּראָצעס האָט ער זיך די גאנצע צייט געהאלטן איידל און מוטיק, די פליכט, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך, צו פארטיידיקן נישט א פּערזאָן, נאָר די זאך, וועלכע די דאָזיקע פּערזאָן האָט געדינט, — די דאָזיקע פליכט האָט ער געוויסנהאפט דערפילט.

מיר האָבן אָפּגערעדט, אז קודם־כל וועל איך זיך באקענען מיטן באשול־דיקונגס־אקט, און מאָרגן וועלן מיר רעדן וועגן ענין. ארויסצורופן עדות מצד דער פארטיידיקונג האָב איך זיך אָפּגעזאָגט.

## קאפּיטל זיבן.

דער באשולדיקונגס־אקט פון אונזער פּראָצעס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן ביי ספּעציפישע באדינגונגען און האָט פארפאָלגט ספּעציעלע צילן. פאר מיר האָט מען דאָס אפילו נישט אויסבאהאלטן, ווייל זיי האָבן מיך באטראכט אלס אן „אויסגעשפּילטן“, וועלכער וועט אלע סודות מיטנעמען אויף יענער וועלט; מיט אזא מענטשן קאָן מען זיין אָפנהארציק און אנטפּלעקן פאר אים דאָס, וואָס מען באמיט זיך אויסצובאהאלטן פאר יעדן „נישט־שטערבלעכן“. באזונדערס אָפנהארציק איז געווען מאקאראָוו און טיילוויין אויך טרוסעוויטש, אָבער דער לעצטער צוליבן פארלאנג מיך צו קרענקען.

סיפּיאגינס דערמאָרדונג האָט אויף זיי, לויט זייער אייגענער דערקלערונג, געמאכט דעם איינדרוק פון א דונער.

אלע האָבן זיך פארלוירן. די מורא און די פארלוירנקייט זיינען נאָך שטאר־קער געוואָרן צוליב דער פולשטענדיקער געהיימניספולקייט און דעם פעלן פון מינדסטן שפּור. נישט געקוקט דערויף, וואָס דער פּאָליציי־דעפּארטאמענט האָט דעלעגירט אלע זיינע זשעניען, צוזאמען מיט טרוסעוויטשן, איז גארנישט נישט געלונגען אויפצודעקן. אָן שום רעזולטאטן פאר זיי איז דורכגעגאנגען אויך דער אַטענטאַט אויף אָבאָלענסקין און שוין גאָר „סקאנדאליעז“ איז געווען די דערמאָרדונג פון באָגדאנאָוויטשן, ווו מען האָט אפילו נישט באוויזן צוצוציען צו פאראנטוואָרטלעכקייט די אוממיטלבארע אויספירער.

אָבער שוין נאָך די ערשטע צוויי טעראָר־אקטן האָט מען, — ווי באַקאַנט, — אין א טייל רעאקציאָנערער ליטעראטור זיך באמיט אָפּצושוואכן דעם איינדרוק, באמיענדיק זיך אפילו אויפצווייזן, אז סיפּיאגינס דערמאָרדונג איז געווען די ארבעט פון ס. באלמאשאָווס פּערזענלעכער איניציאטיוו.

נישט זייענדיק אימשטאנד אויפצודעקן די „וואָרצלען און פעדים“, האָבן די פירער פון דער אויספאָרשונג אויף די אָנפראגן און פאָרוווּרפן פון אויבן, פארלעגן געענטפערט, אז עס זיינען בכלל נישטאָ קיין וואָרצלען און קיין פעדים, אז דער גאנצער ענין איז נישט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי, אז אלע פארטייען זיינען קעגן טעראָר, א חוץ א הייפל פּערזאָנען, וועלכע האָבן נישט קיין שום פארבינדונגען מיט דער מאסע. אלס באשטעטיקונג האָבן זיי געבראכט ציטאטן פון אייניקע ביז גאָר „איבערצייגנדיקע און גאנץ־ריכטיקע“ אנטי־

טעראָריסטישע אַרטיקלען.*)

ס'איז אזוי לייכט אָנהויבן גלויבן אין דעם, וואָס עס ווילט זיך! לכל־הפחות מאַכן אַן אָנשטעל, אַז מען גלויבט. די גאַנצע מי פון דעפּאַרטאַמענט איז דאָן געווענדעט געווען דערויף, צו באַווייזן, אַז די טעראָריסטישע אַקטן זיינען נישט קיין רעזולטאַט פון דער קאַמף־שטימונג, וואָס האָט ברייט אַרומגעכאַפּט די מאַסן צוליב די אכזריותן פון דער רעגירונג, — אַ שטימונג, וואָס מוז וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער ווערן; נאָר אַ רעזולטאַט פון חוצפּה און שלעכטן ווילן פון עטלעכע פּערזאָן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז יידן, וועלכע פאַנגען נאַאיווע, אומדערפאַרענע בחורימלעך.

אין די „ספערן" האָט מען מיט פאַרשטענדניש אויפגעכאַפּט די דאָזיקע אַנשויאונג און — דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן! — נישט ווילנדיק איז אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז עס וואָלט נישט געשאַדט צו לאַנסירן אין דער עפנטלעכקייט דעם דאָזיקן „געזונטן קוק אויף דער עצם זאַך".

מען האָט דאָס איבערגעגעבן טרוסעוויטשן — דעם מייסטער אויף אַזעלכע זאַכן. מען האָט באַאַרבעט און ווי געהעריק אינסטרואירט גריגאָריעוון און קאַטשוראַן, מען האָט דיקטירט געהעריקע, „אָפּנהאַרציקע" דערקלערונגען און פון זיי פאַבריצירט אַ באַשולדיקונגס־אַקט, וועלכן מען האָט בדעה געהאַט אָפּצודרוקן אין „פּראַוויטעלסטווענִי וועסטניק". די „ספערן" האָבן שוין פון פאָרויס פאַסמאַקעוועט די מפּלה פון דער „קראַמאָלע" און — טריאומפירט. אין געריכט אָבער איז גלייך, אָן שום ספק, קלאָר געוואָרן די גאַנצע ליגנערישקייט און נאַרישקייט פון גריגאָריעווס דערקלערונגען; קאַטשוראַ האָט אַ סך פון זיינע דערקלערונגען צוריקגעצויגן, מיט איין וואָרט, עס איז קלאָר געוואָרן, אַז נישט אַלץ איז אַזוי פּשוט, ווי דאָס שטעלט פאָר דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, און אויב מען האָט גאָרנישט אַנטדעקט, איז דאָס אפשר געשען דערפאַר, ווייל די „וואָרצלען און פעדים" זיינען געווען גוט באַהאַלטן, און קאַטשוראַ און גריגאָריעוו ווייסן נישט קיין שום וויכטיקס.

די מיינונגען וועגן איינדרוק פון באַשולדיקונגס־אַקט זיינען געווען געטיילט. אפּיקורסים האָבן גערעדט, אַז עס קאָן חס־ושלום געשען אַ מכשול און די „דעמאַסקירונג" וועט זיך ענדיקן דערמיט, וואָס אויף מלוכהשע מיטלען וועט מען אָפּדרוקן אומלעגאַלע ליטעראַטור. סוף־כל־סוף האָבן זיך אַלע געאייניקט אויף דער דאָזיקער מיינונג און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן נישט נאָר נישט פאַרעפנטלעכן דעם באַשולדיקונגס־אַקט, נאָר בכלל פאַרשווייגן דעם גאַנצן פּראָצעס; און דער רעזולטאַט איז געווען אַ פינאַל, וואָס איז איינציקאַרטיק אין זיין מין: אפילו דער אורטייל איז נישט אָפּגעדרוקט געוואָרן!

אָט דאָס איז די באַדייטונג און דער כאַראַקטער פון באַשולדיקונגס־אַקט פון איין זייט. פון דער צווייטער זייט איז ער געווען אַ לעבעדיקער און בולטער דאָקומענט פון צוזאַמענברוך פון אַ שוואַכער מענטשלעכער נשמה, וועלכע פאַלט אַריין, — אַרומגעכאַפּט פון פאַרלאַנג אַרויסצורייסן זיך אויף דער פריי, מילדערן די דראָענדיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, — אין די דערפאַרענע הענט

*) טרוסעוויטש האָט פאַרפאַסט אַ ספּעציעלן מעמאָראַנדום, וועלכער איז ביינעלייגט געוואָרן צום 6־טן באַנד פון אונזער פּראָצעס.

פון די הערן טראָצקיסטן־טראָסעוויטשעס; זיי פאַרפּלאָנטערן זייערע קרבנות שנעל און געשיקט פון אַלע זייטן און פאַרוואַנדלען זיי אין ליגנערס, אינסינואַטאָרס און פאַררעטער. אָבער ביי דעם אַלעם איז זיך לייכט פאָרצושטעלן יענעם אומגעהויער־שווערן איינדרוק, וועלכן דער באַשולדיקונגס־אַקט האָט געמוזט מאַכן די ערשטע צייט אויף די יעניקע, קעגן וועמען ער איז געווענדעט געווען.

קיין איין גרויסער פּראָצעס באַגייט זיך נישט אָן פאַררעטער. אין פּראָצעסן, ווו עס זעט זיך פאָרויס אַ תּליה, קאָן מען, וואַרשיינלעך, נישט דערגרייכן, אַז אַלע זאָלן מיט דער זעלבער פעסטקייט דערגיין ביזן סוף. אָבער ווי איר זאָלט דאָס נישט ווייסן טעאָרעטיש, קאָן זיך פאָרט קיין שום זאַך נישט גלייכן מיט דער פּיין, ווען אויף אייער פּראָצעס געפינט זיך אַ פאַררעטער.

הגם די זשאַנדאַרמעריע האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן אירע אַלע קונציקע שפּיצלעך, וואָס טראָגן דעם נאָמען „אויספאָרשונג", האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אויך פאַר זיי איז „נישטאָ קיין שום געהיימעס, וואָס זאָל נישט אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין". לאַפּוכין און טראָסעוויטש האָבן פאַרזיכערט, אַז אויב איך וועל נישט געבן קיין דערקלערונגען, וועל איך זיך נישט באַקענען מיט די אויספאָרשונגס־אַקטן. אָבער נאָכן באַקומען דעם באַשולדיקונגס־אַקט, ווען איך בין אַריבער אין רשות פון קריגס־געריכט, האָב איך געשיקט אַ מעלדונג, אַז איך וויל דורכקוקן דעם „אויספאָרשונגס־מאַטעריאַל", און מען האָט מיר אים תּיכף צוגעשטעלט. זיבן ריזיקע בענדער! גרויסע געטער, וואָס איז דאָרט אַלץ נישט אַריינגעבראַכט געוואָרן? בנאמנות — „אויב דאָס איז נישט קיין שווינדל, איז דאָ דאָ אַלץ". אפילו אַ ריכטער, וואָס האָט מיר געוויזן די אַקטן, האָט זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון אַ שמייכל און פלעגט האַפנונגסלאָז אָוועקמאַכן מיט דער האַנט, ביים בלעטערן דעם „אויספאָרשונגס־מאַטעריאַל".

דאָ האָב איך זיך אויך באַקענט מיט די „אָפנהאַרציקע דערקלערונגען" פונם בעל־תשובה קאַטשורא. דאָס צעטל איז געשריבן נישט מיט זיין האַנט, עס איז אָבער אונטערגעשריבן דורך אים (קאַטשורא קאָן גוט שרייבן; געשריבן אפילו פּערזן). דער סטיל איז פון רעגירונגס־הכּחשות. גלייך אין דער ערשטער דערקלערונג פון דער שליסעלבורגער פעסטונג רופט ער מיך שוין אָן ביי דער אמתער פאַמיליע, הגם ווייטער ווייזט ער אליין אָן, אַז ער האָט אפילו מיין צונאָמען נישט געוווסט.

אַ גאַנצע ריי פּולשטענדיק זינלאָזע און אומגעלומפּערטע דערקלערונגען וועגן מענטשן און גרופּעס, מיט וועלכע איך האָב זיך קיינמאָל נישט געטראָפן און כ'האָב נישט געהאַט די מינדסטע פאָרשטעלונג וועגן זייער טעטיקייט.

דעם זעלבן — אָבער נאָך זינלאָזערן — כאַראַקטער האָבן געטראָגן גריגאָריעווס דערקלערונגען, וואָס האָבן פאַרנומען ביי הונדערט בויגנס געדיכט־באַשריבענעם פּאַפּיר. אין ביידנס אויפקלערונגען האָבן זיך געפונען ענטפערס אַבסאָלוט אויף אַלץ און וועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער פּאַרטיי. היות אָבער די דאָזיקע מענטשן האָבן די מינדסטע פאָרשטעלונג נישט געהאַט וועגן 9־צענטל פון דער פּאַרטיי־טעטיקייט, איז קלאָר, אַז דער גועניאַלער טראָסעוויטש האָט געשטעלט פראַגן און אליין אויף זיי געגעבן ענטפערס.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, סאַראַ „רייכער" מאַטעריאַל עס האָט

זיך באַקומען. אָבער, אָ ווײַ! דער זשעני האָט באַקומען אַן אָפּשניט פאַר זײַן גיריקייט. ער האָט אַזוי פיל געוואָלט אַרויסבאַקומען פון זײַערע „אָפּנהאַרציקע" דערקלערונגען, אַז סוף־כל־סוף האָבן די דאָזיקע לעצטע פאַרלוירן יעדן ווערט אַפילו פאַרן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, ווײַל אַלץ איז אויף אַן אומגלויבלעכן אופן פאַרפּלאָנטערט געוואָרן.

## קאַפּיטל אַכט

דער פּראָצעס איז באַשטימט געוואָרן אויפן 18־טן פעברואַר. כדי פאַרשפּאָרן צו פירן אַהין און צוריק פון קריגס־געריכט, האָט מען די זיצונגען אַריבערגעטראָגן אין בנין פון קרייז־געריכט; און אונז האָט מען באַשלאָסן אַריבערצופירן אין פּרעוווענטיוו־אַרעסט.

דעם 17־טן אינדערפרי האָט מען דערלאַנגט די קליידונג. אונטער אַ שטאַרקער שמירה האָט מען אַרויסגעפירט אויף יענער זײַט טויער. דאָרט שטייען פינף קאָטשן. בײַ יעדער קאָטש צו איין אָפיציר מיט צוויי אונטעראָפיצירן. מען פאַרקלאַפּט די טירלעך, מען לאָזט אַראָפּ די שטאָרן און מיר פאָרן צום שנעלן, געכטן און באַרמהאַרציקן געריכט.

אָנגעקומען אין פּרעוווענטיוו־אַרעסט, וועלכער איז מיר פאָרגעקומען — נאָך דער פעסטונג — ווי אַ גן־עדן. מען האָט מיך אײַנגעקוואַרטירט אין אונטערשטן שטאָק, אין אַן איזאָלירטן קאָרידאָר, צעלע נומ. 25.

מען דאַרף זיך גרייטן צו דער שלאַכט. כ'האָב שוין אויבן דערמאָנט, אַז ווען מײַן ענין איז אַריבער פון די זשאַנדאַרן צום פּראָקוראָר פון אַפּעלאַציע־געריכט, האָב איך געשיקט אויף זײַן נאָמען אַ פּרינציפּיעלע דערקלערונג — כדי בײַצולייגן צו די אַקטן און אַרײַנטראָגן אין באַשולדיקונגס־אַקט — וועגן דער טעטיקייט פון דער פּאַרטיי און וועגן דער ראָל פון טעראָר אין איר. אין באַשולדיקונגס־אַקט ווערט קורץ געזאָגט: דער און דער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן דערקלערונגען. ווען איך האָב, בײַם באַקענען זיך מיט די אַקטן פון פּראָצעס, אויסגעדריקט דעם ווונטש צו זען מײַן דערקלערונג, האָט דער ריכטער פאַרוווּנדערט באַמערקט, אַז אין די אַקטן איז נישטאָ קיין שום דערקלערונג. דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָט, וואַרשײַנלעך, נישט איבערגעשיקט. „דאָס טרעפט מיט אים, — האָט ער בײַסיק באַמערקט, — האָט נישט נושא חן געווען בײַ אים". האָב איך באַשלאָסן די עיקרדיקע טייל פון דער דערקלערונג אַרײַננעמען אין מײַן רעדע,*) אָבער די דאָזיקע טייל רעדע האָב איך פאַרשפּאָרט צו האַלטן, ווײַל אויפן פּראָצעס האָט דער פאָרזיצער געמאָלדן, אַז די דערקלערונג איז צוגעשיקט געוואָרן און זי געפינט זיך צווישן די אַקטן.

בײַטאָג איז דערשינען קאַראַבטשעווסקים געהילף ב. ט. באַרט (דער זון פון ג. א. לאָפּאַטין), מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט וועגן מאָרגנדיקן טאָג.

ענדלעך איז ער אָנגעקומען — דער דאָזיקער לאַנג־דערוואַרטעטער טאָג. אינדערפרי איז אַרײַנגעפאַלן אַ גאַנצע כאָפּטע אויפזעער און געהילפן. רעווידירט

---

*) אין פרילינג פון יאָר 1906 האָט עמיצער אַרויסגעצויגן די דאָזיקע דערקלערונג פון אַרכיוו און זי אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „אַראַבעסקי".

ביז גאָר גרינטלעך. אין קאָרידאָר הערשט א טומל, טירן סלאַפּן. פון קאָרידאָר שרייט מען: „דעם 25־טן ברענג".

— ביטע!

ארויסגעפירט אין קאָרידאָר, פארבייגעפירט די באראַטונגס־צימערן און אריינגעפירט אין קאָרידאָר, וואָס פאַרייניקט דעם פּרעווענטיוו־ארעסט מיטן געריכט.

צען זשאַנדארן, — אין יום־טובדיקע אוניפאָרמען שטייען אויסגעשטעלט אין א ריי, אייניקע אָפיצירן. מען שטעלט מיך צווישן די זשאַנדארן. ביים עק שטייט שוין ווייצענפעלד. אַזוי, דאָס איז ער! איך האָב אים נישט געקענט לויט דער פאַמיליע און בשום אופן נישט געקאָנט זיך דערטראַכטן, וועמען קאַטשורא האָט דענונצירט און ארויסגעשטעלט אלס זיין פאַרפירער. פאַריקן יאָר האָב איך זיך איינמאָל געטראָפן מיט אים וועגן ענין פון דער יעקאַטערינאָסלאַווער טיפּאָגראַפיע. צו דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אויף וויפיל איך האָב געוווסט, האָט ער נישט געהאַט די מינדסטע שייכות. ווייצענפעלד איז געשטאַנען צווישן די זשאַנדארן מונטער, פאַרוואָרפנדיק דעם קאָפּ אַהינטן. מיר האָבן זיך קוים באַגריסט — און שוין פירט מען ל. א. רעמיאַניקאָוואַן. פאַר איר האָט די גאַנצע צייט באַזונדערס ווי געטון דאָס האַרץ. דאָס איז געווען א באַשיידענע טועריןֹ, וואָס איז גרייט געווען שווייגנדיק, אומבאַמערקט אָפּצוגעבן דאָס לעבן פאַר דער זאַך. אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט זי נישט גענומען קיין אנטייל, אָבער דעם אויסוווּרף גריגאָריעוון, און באַזונדערס זיין ווייב איז צוליב עפּעס איינגעפאַלן אָנצודערציילן אויף איר נישט געשטויגנס און נישט געפלויגנס, און מען האָט זי צוגעצויגן צום פּראָצעס, מיט דער געפאַר, לכל־הפּחות, פון שליסעלבורג. די גאַנצע צייט האָט זי זיך געהאַלטן פעסט און מוטיק. אָט פירט מען אויך גריגאָריעוון. די אויגן קוקן אין א זייט, דאָס פּנים איז בלייך, אומרואיק.

די וואַך שטעלט זיך אוים. עס פאַלט די קאָמאַנדע: „שווערדן ארויס!" עס דערהערט זיך דער קלאַנג פון שווערדן, און נישט ווילנדיק ציטערט מען אויף. „רע־ע־עכטס!" מאַרש פאָרויס!

עס קראַכט א בלינדע אייזערנע טיר, וואָס עפנט אויף א וועג אין שמאָלן טונקעלן קאָרידאָר, וואָס פירט אין זיצונגס־זאַל. אונטער די געוועלבן הילכן שטאַרק אָפּ אומצאָליקע טריט, עס קלינגען שפּאָרן.

דער גאַנצער ריזיקער קאָרידאָר איז פול מיט זשאַנדארן, פּאָליציי און שפּיאָנען. גייסט ווי דורך פיינטלעכע שפּיצרוטן, אָבער אלס געפאַנגענער שפּירסטו זיך נישט.

*　*　*

געווים, דעם פּראָצעס האָט מען קאַליע געמאַכט; פונדעסטוועגן „ברויזט די נשמה און רייסט זיך צו דער שלאַכט". פליסט מיטן געדאַנק אהין, אין יענעם זאַל, וווּ דו וועסט זיך אינגיכן צונויפטרעפן פּנים אל פּנים מיט דער דאָזיקער הערשנדיקער קליקע. וועסט זיי שליידערן אין פּנים אריין ווערטער, פאַרסמטע מיטן ברענענדיקן גיפט פון פאָלקס־האַס, וועסט זיי זאָגן אויפן קול דאָס, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט הערן, ווען מיר האָבן דאָס גערעדט דאָרט, אויף דער פריי.

דאָ האָבן מיר זיי אין אונזערע הענט, דאָ וועלן מיר זיי צווינגען צו הערן! די שטימונג שטייגט אַלץ העכער און העכער... גייסט אַרויף אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, ווי אויף אַ טריבונע.

הויבסט אָן באַטראַכטן דעם זאַל. נעבן אונז — די פאַרטיידיקונג. קעגן איבער אונז, אויף די ערטער פון די געשוווירענע האָבן זיך באַזעצט „ראַנגען". אין זאַל — זשאַנדאַרן, זשאַנדאַרן און זשאַנדאַרן. קיין איין אינטעליגענט, גייסטיק פּנים. נישט קיין מיטגעפיל, נישט קיין שנאה, נישט קיין פאַרביטערונג. בלויז נייגיר: אַ צעקראַכענער, קאַלטער נייגיר פון קליינבירגער.

אין דער נשמה גנבענען זיך אַריין פּוסטקייט און נידערגעשלאָגנקייט. די שטימונג הויבט אָן זינקען. אַט־אָ־די זיינען די פיינט? מיט די־אָ דאַרף מען דאָ קעמפן מיטן וואָרט קלאָר מאַכן אונזער גערעכטיקייט?

מען האָט פאַר זיך קאַלטע, גלייכגילטיקע מענטשן, וואָס זיינען געקומען אין „געריכט" לויט דער פליכט פון זייער דינסט און טרוימען בלויז וועגן דעם, דאָס ס'זאָל זיך אַלץ ענדיקן וואָס שנעלער. ווי אַזוי קען מען דאָ רעדן? פאַר וועמען רעדט מען דאָ?!...

עס הויבט זיך אָן די נאַרישסטע, אומענדלעכע קריגס־יורידישע קאָמעדיע. דער פאָרזיצער — באַראָן אָסטען־סאַקען — פּראַוועט די „הייליקע עבודה". די „ריכטער" לאַנגווייליקן זיך און מאָלן פערדלעך. דער פּראָקוראָר — דער אומשטערבלעכער פּאַוולאָוו — זיצט, ווי אַ סטאַטוע, מיט אַראָפּגעלאָזטע וויעס, אָבער פון אונטער זיי גיט ער שאַרף אַכטונג, ווי אַ טיגער, ער זאָל נישט אַרויסלאָזן דאָס רויב און אין דער רעכטער צייט זיך אַרויפוואַרפן אויפן קעגנער.

עס פאָדערן זיך אומגלויבלעכע אָנשטרענגונגען, כדי צו צווינגען זיך אָנטיילצונעמען אין פּראָצעס. אויפן צונג הענגען, דאַכט זיך, געוויכטער און מיט גרויס מי קוועטשט מען אַרויס פון זיך אַ וואָרט. ס'איז לייכט צו רעדן פאַר פריינט, ס'איז לייכט צו רעדן פאַר באַוווּסטזיניקע פיינט, אָבער די דאָזיקע אוניפאָרמירטע, קאַלטע נשמות — סאַראַ פּיין צו רעדן פאַר זיי!...

## קאַפּיטל ניין.

אַלע באַשולדיקונגען האָבן זיך דער עיקר געשטיצט אויף גריגאָריעוום און קאַטשוראַס דערקלערונגען. גריגאָריעוו האָט געמאַכט אַפילו אויף די „ראַנגעס" אַ נעבעכדיקן איינדרוק פון אַ מענטשן, וואָס איז צעבראָכן, פאַרקריפּלט געוואָרן אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע. די גרעסטע טייל דענונציאַציעס פלעגט ער, אַ צוגעשפּאַרטער צו דער וואַנט, תיכּף צוריקציען און ווען נישט זיין שלעכטער מלאך־הגואל באַרישטשעוו־פּושקין, וועלכער האָט אים עקשנותדיק געצוווּנגען אונטערצוהאַלטן זיינע דענונציאַציעס, וואָלט ער זיך געוויזט אָפּנהאַרציק מודה זיין, אַז ער האָט דאָס אַלץ אָנגעברייעט פון נאַרישקייט, פּחדנות און אונטערן דרוק פון דער זשאַנדאַרמעריע.

בייזוויליקער און עקלהאַפטער איז געווען זיין פרוי — יורקאָווסקאַיאַ, וואָס האָט די גאַנצע צייט איבערגעוואַלט געשפּילט די ראָל פון אַ תשובה־טוענדער מאַגדאַלענאַ. וואָלטער איז גערעכט: ווען אַ פרוי זינקט מאָראַליש, זינקט זי תמיד נידעריקער פאַר אַ מאַנסביל. איר עקשנותדיקע באַמיונג צו דערטרונקען ל. רעמיאַניקאָוואַן האָט געמאַכט אַן אָפּשטויסנדיקן איינדרוק אַפילו

אויף די ריכטער. צום שטויגען חוצפהדיק איז געווען די זעלבסטבאהערשונג און קאלטבלוטיקייט פון דער דאָזיקער פרוי: זי האָט דאָך געוווסט, אז עס איז גענוג געווען איין וואָרט אונזערס, כדי אוועקצובלאָזן אירע אלע אויסטראַכטענישן און אוועקצוזעצן זי אויף רעמיאַניקאָוואַס אָרט. זי איז אָבער נישט אומזיסט אויסגעוואַקסן אין א רעוואָלוציאָנערער פאמיליע*) — זי האָט געוווסט, אז רעוואָלוציאָנערן צאָלן נישט אָפּ די פאררעטער מיט דערזעלבער מטבע און זי האָט דרייסט געגעבן אירע „דערקלערונגען". אין גאַנג פון פּראָצעס זיינען אַרויסגעקומען אויף דער ליכטיקער שיין אינטערעסאַנטע מיטלען פון דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע זי ווענדעט אָן, ווען מען דאַרף עמיצן שטויסן אויפן וועג פון פאררעט. נאָך גריגאָריעווס ארעסט האָט זיך יורקאָווסקאַיא א געווויסע צייט געהאַלטן אנשטענדיק. זי איז אליין געקומען צולויפן צו רעמיאַניקאָוואַן, זיך געקלאָגט, אז זי האָט שטארק מורא פאר אים, ער זאָל נישט פארקאָכן קיין קאַשע צוליב נארישקייט און מורא פאר איינצל־ארעסט.

די זשאַנדארן און, דער עיקר, טרוסעוויטש האָבן פון איין זייט געדראָט יורקאָווסקאַיאַן מיט ארעסט, און פון דער צווייטער האָבן זיי אויפגעוויזן גריגאָריעוון, אז ער דאַרף ווירקן אויף איר, אויך זי זאָל געבן אָפנהאַרציקע דערקלערונגען. מיטן דאָזיקן ציל פלעגט מען זיי איבערלאָזן אונטער פיר אויגן, מען פלעגט זיי געבן אַזעלכע „באַקוועמע" זעאונגען, אז אין פעברואר 1904, ד. ה. אין א יאָר ארום נאָכן אַרעסט, האָט יורקאָווסקאַיאַ געבוירן א קינד. נישט קיין שלעכטע מיטלען!

אויב מען זאָל אַראָפּוואַרפן פון די דערקלערונגען פון די גריגאָריעווס זייערע אלע סתירות, בולטע זינלאָזיקייטן און אומגעלומפּערטקייטן בנוגע א גאַנצער ריי פּערזאָנען, וועלכע זיי האָבן אפילו קיינמאָל פאר די אויגן נישט געזען, — בלייבט פון זיי אָט־וואָס:

דעם אָפיציר גריגאָריעוו האָט מען פאַרפירט, קינסטלעך אויפגעהעצט און דורכדעם באַוויגן אנטיילצונעמען אין די טעראָריסטישע אקטן. זי, יורקאָווסקאַיאַ, האָט נאַטירלעך מיט אַלע מיטלען זיך באמיט שטערן די אינטריגעס פון די פאַרפירער — צוליב צוגעבונדנקייט און ליבע צו איר מאַן און עקל צו געוואַלט, — ביז זי האָט סוף־כל־סוף אינגאַנצן איבערגעריסן מיט זיי.

איצט זיינען דאָס שוין זאַכן פון „לאַנג־פאַרגאַנגענע טעג". די גריגאָריעווס זיינען, וואַרשיינלעך, אין דער זשאַנדאַרמעריע אייגענע מענטשן, און חוצדעם זיינען אַלע אמאָליקע „זינד" שוין לאַנג־לאַנג אָפּגעמעקט דורך אמנעסטיעס.

איצט קאָן מען שוין — אָן מורא צו ברענגען זיי שאָדן, — אויפהויבן אביסינקע דעם פאָרהאַנג, וואָס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט זיך אויסצובאַהאַלטן הינטער אים. איך גיב דאָ איבער אין געציילטע ווערטער דעם אמת וועגן דער דאָזיקער געשיכטע, וואָס איז ביז איצט געבליבן אין טונקל.

גריגאַריעוו מיט א גאַנצער גרופּע זיינע חברים־אָפיצירן איז רעקאָמענדירט געוואָרן אלס „סימפּאַטיקער". ביי א נענטערער באַקאַנטשאַפט מיט זיי האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אז די דאָזיקע גרופּע, אָן עכט־„אָפיצירישע", איז גאָרנישט ווערט, און מען האָט זי געלאָזט צורו.

אַינצווישן איז גריגאָריעוו אריבערגעפאָרן קיין פּעטערבורג, אין דער

---

*) איר פאָטער איז א פּאָליאַק, וואָס איז פארשיקט געוואָרן פארן אויפשטאַנד פון 63־טן יאָר. די גאַנצע פאמיליע איז זייער אַן אנשטענדיקע.

אַקאַדעמיע. מען האָט אָנגעקניפּט מיט אים באַציונגען, כדי אויסצונוצן אים ביים פאַרשפּרייטן ליטעראַטור צווישן די אָפיצירן־אַקאַדעמיקער. דערמיט האָט ער זיך טאַקע פאַרנומען. זיין טעטיקייט האָט זיך דערמיט באַגרענעצט. די גאַנצע צייט, וואָס עס איז צוגעגרייט געוואָרן דער טעראָר־אַקט פון 2־טן אַפּריל, האָט גריגאָריעוו קיין אָנונג נישט געהאַט וועגן דעם און האָט נישט גענומען קיין שום אָנטייל, אפילו אין אומדירעקטן. פּרוי גריגאָריעוו האָט, אמת, כסדר באַטאָנט, אַז זי אָנערקענט בכלל נישט קיין שום רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, א חוץ טעראָר, אַז אויף דעם וואָלט זי גערן געגאַנגען. זייער אָנטייל — אויב מען קאָן דאָס אָנרופן מיטן דאָזיקן נאָמען, — האָט זיך אָנגעהויבן שפּעטער, זייט דעם 3־טן אַפּריל, ביי פאָלגנדיקע באַדינגונגען.

גלייכצייטיק מיט סיפּיאַגינען האָט דעם 2־טן אַפּריל געזאָלט דערמאָרדעט ווערן אויך פּאָבּעדאָנאָסצעוו. פּונקט איינס ביי טאָג פלעגט סיפּיאַגין קומען צופאָרן אין מאַריאַינסקי פּאַלאַץ, און פּאָבּעדאָנאָסצעוו פלעגט אַרויספאָרן פון סינאָד. צום ערשטן האָט געדאַרפט צוגיין א יונגער „אַדיוטאַנט", צום צווייטן — א אַלטער גענעראַל א פליגל־אַדיוטאַנט. צוליב איינעם פון יענע אומגעלומפּערט־סטע צופאַלן, וואָס צעשטערן אַזוי אָפט די קאָמפּליצירטסטע קאָנספּיראַטיווע פּלענער*) האָט מען זיך מיט „פליגל אַדיוטאַנט" נישט געטראָפן. אָפּלייגן די אונטערנעמונג האָט מען נישט געקאָנט, ווייל דעם 2־טן איז פאָרגעקומען די לעצטע זיצונג פון מיניסטאָרן־קאַבינעט, און פּאָבּעדאָנאָסצעוו האָט אויסגע־מיטן א זיכערן טויט. און אין דערזעלבער צייט, ווען גאַנץ פּעטערבורג האָט געיובלט צוליבן געלונגענעם אַטענטאַט פון סטעפּאַן באַלמאַשאָוו, האָט די אָרגאַניזאַציע איבערגעלעבט די פּיין פון אומגעלומפּערטן דורכפאַל — דעם דורכפאַל מיט פּאָבּעדאָנאָסצעוון.

דעם 3־טן אַפּריל האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פּעטערבורג און בין אוועק צו די גריגאָריעווס נאָך מיינע רייזע־זאַכן, וועלכע האָבן זיך געפונען ביי זייערע באַקאַנטע. דאָס איז געווען אוונטצייט. ווי נאָר איך בין אַריין צו זיי — פאַלט צו גריגאָריעוו צו מיר און באַגריסט מיטן „דערפאָלג". יורקאָווסקאַיאַ איז פינסטער, ווי די נאַכט.

— וואָס איז מיט אייך, איר טרויערט נאָך סיפּיאַגינען?

— נישט נאָך סיפּיאַגינען, נאָר נאָך זיך... איך האָב דאָך די גאַנצע צייט גערעדט מיט אייך, כ'האָב געמיינט, אַז אויב עס וועט זיין אַרבעט, וועט איר זי מיר אָנטרויען... פאַרוואָס־זשע האָט מען פון מיר אויסבאַהאַלטן און מען האָט נישט אָנגעטרויט דאָס אויסצופירן?... און איך האָב אַזוי געהאָפט, כ'האָב זיך אַזוי איינגעלעבט דערמיט...

זי האָט גערעדט מיט אַזאַ צעבראָכענער שטים און אויסגעזען אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז נישט־ווילנדיק האָט זי אַרויסגערופן צו זיך רחמנות און מיטגעפיל. איך האָב זי אָנגעהויבן באַרויקן, אויפווייזן, אַז אַזעלכע זאַכן ווערן נישט געמאַכט אַזוי פּשוט, אַז אירע שמועסן האָב איך באַטראַכט אַלס אַזעלכע, וואָס פאַרפליכטן זי צו גאָרנישט, אַז בכלל האָב איך נישט צום דאָזיקן ענין קיין דירעקטע שייכות און אַזוי ווייטער...

*) דער טעלעגראַף האָט פאַרדרייט צוויי אותיות פון אַדרעסאַטס פאַמיליע, ווען די טעלעגראַמע האָט באַשטימט א צוזאַמענטרעף אויף א באַ־שטימטער שעה. די טעלעגראַמע איז צוליב דעם נישט דערהאַלטן געוואָרן.

יורקאָווסקאַיא האָט וועגן גאָרנישט נישט געוואָלט הערן. זי האָט געוואַרט, זי האָט געהאָפט, און איצט זיינען אַלע אירע האָפענונגען צונישט געוואָרן! אָבער אויב מען וויל איר נישט העלפן, וועט זי אַליין אַלץ איינאָרדנען: זי האָט פעסט באַשלאָסן אויסצופירן אַ טעראָריסטישן אַקט. — צוערשט האָב איך אירע ווערטער נישט צוגעגעבן קיין באַזונדערע באַדייטונג, און זיך אַלץ באַמיט זי צו באַרויקן. זעענדיק אָבער אַז זי בלייבט עקשנותדיק ביי אירס, האָב איך זי ערנסט גענומען אויספרעגן, וואָס, אייגנטלעך, האָט זי בדעה צו טאָן?

— איך האָב באַשלאָסן אויסצופירן אַ טעראָריסטישן אַקט; אויב מען וועט מיר נישט העלפן — וועל איך אַלץ טאָן אַליין, — האָט זי כסדר איבערגעחזרט.

—און וואָס זאָגט איר דערצו? האָב איך זיך געווענדעט צו גריגאָריעוון, וועלכער איז די גאַנצע צייט געווען אַנוועזנד.

— מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין צוזאַמען.

— ווי, אויך איר?

—נו, יאָ, צוזאַמען, בעסער אַזוי!

— נו, גייט שוין גייט, איך מיינט עס ערנסט, צי אין שפּאַס? מען קאָן דאָך נישט אַזוי, פּלוצעהאַלבן, פון דער העלער הויט!...

— מיר האָבן פעסט באַשלאָסן, — האָט יורקאָווסקאַיא איבערגעריסן...

די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען זיך אַלע געהאַט פונאַנדערגעפאָרן, איבערגעבליבן איז נישט געווען מיט וועמען. מענטשן ווילן גיין, רייסן זיך מיט אַלע כוחות. לאָזן זיי אויף אייגענעם באַראָט — קענען זיי נאָך אָנמאַכן צרות. אָבער דאָס איז זייער זאַך — זאָלן זיי גיין: נישט קיין קלייניקייט!...

איך האָב זיי נאָכאַמאָל פאַרגעשטעלט די גאַנצע ערנסטקייט פון זייער געפּלאַנטער אונטערנעמונג, כ'האָב זיי פאַרגעלייגט גוט אָפּצווועגן זייערע כחות און דעם באַשלוס, זיי זיינען אָבער עקשנותדיק באַשטאַנען אויף זייערס: „מיר דאַרפן גאָרנישט, זאָל מען אונז נאָר העלפן מיט אַן עצה און מיטלען", — האָבן זיי געטענהט.

אָט דאָס איז די ריכטיקע סצענע, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָוונט פון 3־טן אַפּריל, און וועלכע יורקאָווסקאַיא האָט פאַרן געריכט פאָרגעשטעלט אויף פאָלגנדן אופן: ווען זי איז אַריין אין צימער, האָב איך צוגערעדט גריגאָריעוון גיין שיסן פּאָבעדאָנאָסצעוון, און ער האָט זיך געוואָלט אַרויסדרייען — „אַ מאַמע האָב איך, אַ שוועסטערל אַ קליינס..."

אָט אַזוי ווערט געשריבן די זשאַנדאַרישע געשיכטע.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז זיי וועלן דורכפירן דעם אַטענטאַט מאָרגן, אין טאָג פון סיפּיאַגינס לוויה. ער אין מונדיר פון אַ אָפיציר, זי — אַלס גימנאַזיסטל. ער דאַרף שיסן פּאָבעדאָנאָסצעוון, און ווען אויפן אָרט פון אַטענטאַט וועט אַראָפּקומען דער „גראַדאָ־נאַטשעלניק", קלייגעלס, וועט זי אומבאַמערקט זיך דורכשטופּן און שיסן אין אים.

אין איילעניש האָט מען איינגעשאַפט אַ גימנאַזיסטישן מונדיר, רעוואָלווערן, מען האָט אַץ געבראַכט אין אָרדנונג, מען האָט פאַרברענט אַלע בריוו, צעטעלעך, און דאָס האָט פאַרנומען זייער אַ סך צייט.

צומאָרגנס, אָוונטצייט, בין איך געקומען צו זיי זיך דערוויסן וואָס עס איז פאָרגעקומען, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פּאָבעדאָנאָסצעוון האָבן זיי נישט געזען, — אָדער עס איז זיי נישט געלונגען צוצוקריגן זיך צו אים. איך האָב

דערקלערט, אז מאָרגן פאָר איך אוועק. די גריגאָריעווס האָבן זיך גענומען בעטן נישט איבערצולאָזן זיי אליין, אז זיי איז זייער שווער צו לעבן אין דער אָפיצירי־שער סביבה, מען זאָל זיי, לכל הפחות, אָנווייזן, ווי זיי קענען באקומען ליטע־ראטור. צוזאמען דערמיט האָבן זיי אנטשלאָסן דערקלערט, אז פון פּלאן צו מאכן א אטענטאט אויף פּאבעדאנאָסצעוון זאָגן זיי זיך נישט אָפּ.

ביזן פּראָצעס האָב איך זיך מער נישט געזען מיט זיי. קיין פּארטייאישע באַציונגען האָט מיט זיי קיינער נישט אָנגעהאלטן. אמת, א געוויסע צייט פלעגט קומען צו זיי א געוויסער הער, וועלכער האָט ביים טיי געשמועסט מיט זיי וועגן פארשידענע פּלענער; זיי האָבן צוזאמען געבויט פאנטאסטישע פּלענער וועגן אטענטאטן אויף פּלעווען, זיי האָבן זיך אפילו דערטראכט ביז אָפּצוצוימען די גאַס, איבער וועלכער פּלעווע פאָרט דורך, מיט שטעכיקן דראָט, אָבער פארשטייט זיך, קיין איין צד האָט נישט גענומען ערנסט די דאָזיקע פּלענער. דאָס זיינען בלויז געווען „טרוימען”...

אין הארבסט איז אנטגילטיק באשלאָסן געוואָרן צו איזאָלירן זיי פון דער קאָנספּיראטיווער סביבה. יורקאווסקאיא האָט אויסגעדרוקט דעם ווונש צו לערנען זיך און אריינטרעטן אין מעדיצינישן אינסטיטוט. מען האָט איר געגעבן 50 רובל אויף שכר־לימוד, מען האָט איר פארשאפט לעקציעס, מיט איין וואָרט, מען האָט זיך באמיט זי איינאָרדנען. פאר דעם אלעם האָבן זיי אָפּגעדאנקט מיט רכילות און שמוץ.

אויפן פּראָצעס האָט גריגאָריעוו גאַנץ אָפּנהארציק דערקלערט זיין פארראט: ער איז ארעסטירט געוואָרן לויט דער דענונציאציע פון זיין חבר־אָפיציר וואסי־ליעוו און איז צוגעצויגן געוואָרן צו פאראנטוואָרטלעכקייט פאר „אנטיילנעמען אין א מיליטערישער פארשווערונג”. ווענדיק זיך ארויסדרייען און איבערצייגן די זשאנדארן אין דער אויפריכטיקייט פון זיינע ווערטער, האָט ער באשלאָסן צו דערציילן זיי די געשיכטע פון זיין אָנטייל אין אטענטאט אויף פּאבעדאָנאָס־צעוון און פּלעווען, ווייל ער האָט גערעכנט, אז דערפאר וועט אים גאָרנישט קומען, ווייל דאָס איז דאָך אן אלטער ענין. און מיר האָט דאָס, לויט זיין מיינונג, נישט געקאָנט ברענגען קיין שאָדן, ווייל ער האָט געמיינט, אז איך געפין זיך אין אויסלאנד. נאָך דער ערשטער נאָיוועד דערקלערונג איז ער אָבער אריינגעפאַלן אין טרוסעוויטשעס הענט און האָט אָנגעפּלאָנטערט 100 בויגן נארישקייטן, אין וועלכע די זשאנדארן גופא האָבן זיך נישט געקאָנט פאנאנדערקלייבן.

## קאַפּיטל צעז

אַ גאַנץ אנדער איינדרוק האָט געמאכט קאטשורא. דער מאָמענט, ווען ער איז דערשינען, איז געווען דערשיטערנדיק און טיף־פארכאפּנדיק מיט זיין טראַגיזם. ער איז דערשינען אין אַרעסטאַנטישע בגדים, אונטער דער שמירה פון צוויי זשאַנדאַרן מיט אַנטבלויזטע שווערדן, און גלייך גענומען גלאָצן אויף דער באשולדיקונגס־באַנק. ער האָט געשיינט צו זיין איבערראַשט, וואָס ער זעט אונז דאָ, אין געריכט. זיין בליק האָט אויסגעדריקט פּיין און עפּעס אַזוינס, וואָס מען האָט געקאָנט אָננעמען סיי פאר באַדויערונג, סיי פאַר אַ פאָרוווּרף.

אַלץ איז ווי אָפּגעשטאָרבן אַ פאַר מינוט האָט געהערשט אַ פולשטענדיק שווייגן. עס האָט געשיינט, אַז די טראַגעדיע, וואָס שפּילט זיך אָפּ אן זיין אומ־

גליקלעכער נשמה, האָט אַלעמען דערדריקט. עטלעכע מאָל האָט דער פּאָרזיצער מיט אַ געריירט קול פּרובירט אים ברענגען צו זיך: „קאַטשוראַ! קאַטשוראַ!" — אומזיסט אָבער.

ענדלעך האָט ער טיף אָפּגעזיפצט און געפרעגט.

„וואָס?"

דער פּאָרזיצער לייגט אים פאָר צו דערציילן אַלץ, וואָס ער ווייס וועגן דאָזיקן פּראָצעס.

— איך האָב אייך דאָך שוין אַלץ געזאָגט — ענטפערט קאַטשוראַ מיט אַ פאַרשטיקט קול—צו דען איז נאָך נישט גענוג? פרעגט, וואָס אייך איז נאָך נויטיק!

פּאַוולאָוו הויבט אָן שטעלן פראַגן. אַ סך פון זיינע ערשטע דערקלערונגען נעמט ער צוריק. אַזוי, למשל, איז ער זיך מודה, אַז ער האָט אומזיסט דענונצירט ווייצענפעלדן, דער לעצטער זאָל אים האָבן צונויפגעפירט מיט דער קאַמף־אָר־גאַניזאַציע.

— איך האָב נישט געוואָלט אריינמישן פּערזאָנען, וועלכע געפינען זיך אויף דער פריי, — האָט ער דערקלערט.

אויף מיין פראַגע, צי ער דערקלערט אַנטשידן, אַז דער מענטש, וועגן וועלכן ער רעדט, בין איך — האָט ער געגעבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער. דאָס פּנים איז אַן אַנדערס, הגם אַן ענלעכקייט איז דאָ.

— און די שטים, — פרעגט דער פּאָרזיצער, — איז ענלעך?

— ניין, די שטים, דאַכט זיך, איז אַן אַנדערע.

— אין וואָס־זשע איז די ענלעכקייט?

— די אויגן זיינען ענלעך.

אָבער דעם עיקר פון דער דענונציאַציע און זיין מאָראַלישער כאַראַקטער, ד. ה. אַז מען האָט אים אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג, אַז מען האָט אים קינסטלעך באַוויזן צו טעראָר און דאָס איבריקע, — דאָס האָט ער אונטערגע־האַלטן אויך אויפן פּראָצעס.

ער האָט אויך אונטערגעהאַלטן דאָס, אַז איצט האָט ער חרטה און ער באַ־טראַכט די רעוואָלוציאָנערן אַלס שעדלעכע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט.

וועגן אופן, ווי אַזוי מען האָט אַרויסגעקריגן ביי אים די ערשטע דערקלע־רונגען, איז פון קאַטשוראַן גופא געלונגען צו דערגיין פאָלגנדעס: זומער פון 1903 האָט אים טרוסעוויטש געוויזן פּאָטאָגראַפיעס, אויף וועלכע איך בין געווען פאָטאָגראַפירט אין האַנט־ און פיס־קייטן, דערביי איז דורך־אַגב באַמערקט געוואָרן, אַז דאָס איז דער־און־דער, פאַרמשפּט פאַרן ענין אָבאָלענסקי.

אַן איינדרוק האָט עס געמאַכט זייער אַ שווערן. דער געדאַנק האָט, ווי עס שיינט, געאַרבעט מיט גרויס מי. עס איז שווער צו זאָגן, צי עס איז דאַן געווען אומנאָרמאַל, אָדער דאָס איז בלויז געווען אַ ביז־גאָר דערדריקטער פּסיכישער צושטאַנד. וואָס דער דאָזיקער מענטש האָט איבערגעלעבט, איז נישט געלונגען צו דערגיין *), עס איז אָבער קלאָר, אַז ער האָט געמוזט איבערלעבן אַן אויסער־

*) ערשט שפּעטער, אין צוויי יאָר אַרום, ווען מען האָט אונז אַריבערגעפירט פון שליסלבורג, האָבן מיר זיך דערוווּסט אַביסל וועגן דעם.

געוויינלעך־שווערע טראגעדיע, אויב קאטשורא איז אזוי נידריק געפאלן, אז ער האָט אָפן דערקלערט וועגן זיין פיינטלעכער באציונג צו רעוואָלוציאָנערן און וועגן דעם, אז מען האָט אים פארפירט צום טעראָר.

קאטשורא האָט זיך באוויזן אין יעקאטערינאָסלאוו אין 1901 אלס פולשטענדיק־באוווסטזיניקער סאָציאַליסט, וועלכער האָט אָנטיילגענומען אין דער באוועגונג זייט 1896. ער האָט גלייך ארויסגערופן צו זיך די ברייטסטע סימפּאַטיעס און צוטרוי. ביי די יעקאטערינאָסלאווער ארבעטער געפינט זיך זיינער א בריוו, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין מאי 1901, נאָך א דעמאָנסטראציע, ווען מען האָט געשלאָגן די ארבעטער מיט נאהייקעס. דער בריוו איז פול מיט קראפט און רעוואָלוציאָנערן פייער און אָטעמט מיטן ווילן צו טעראָר. אין אויגוסט־סעפטעמבער פון זעלבן יאָר 1901 האָט ער אנטגלטיק דערקלערט די חברים, אז מיט קיין שום ארבעט וועט ער זיך מער נישט פארנעמען, אז ער האָט באשלאָסן צו דערהרגענען פּאָבעדאָנאָסצעוון, אלס שטארקסטן און געפערלעכסטן שונא פון פרייהייט און וויסן. דאָס איז פון איצט אָן דער ציל פון זיין לעבן און אויב די חברים וועלן אים נישט העלפן — וועט ער צופוס זיך דערקלייבן ביז פּעטערבורג און אויספירן זיין פלאן.

די חברים, וועלכע האָבן געקענט זיין אייזערנעם ווילן, האָבן אים צוגעזאָגט הילף. צו אונז איז דער פאָרשלאג וועגן אים דערגאנגען אין אָקטאָבער 1901. איינער פון די מיטגלדער פון קיעווער קאָמיטעט האָט באקומען דעם אויפטראג צו זאמלען וועגן אים אינפאָרמאציעס. זיי זיינען געווען זייער גינסטיק. האָט מען פאָרגעלייגט קאטשוראן נישט פארלאָזן יעקאטערינאָסלאוו, נישט אוועקווארפן די אלגעמיין־רעוואָלוציאָנערע ארבעט און מען האָט אים צוגעזאָגט, אז אין א געוויסער צייט ארום וועט מען אים ארייננעמען אין דער קאמף־אָרגאניזאציע. ער האָט ארויסגעוויזן א באדייטנדיקן אויסדויער, אָפּווארטנדיק רויק דעם רוף אין דער אָרגאניזאציע. אינצווישן האָט מען נישט אופגעהערט אים צו באָאבאכטן, נישט איילנדיק זיך מיט איבערגעבן אים א פאראנטוואָרטלעכע ארבעט.

אין 1902־טן יאָר האָט זיך קאטשורא אריבערגעקליבן קיין קיעוו און דאָרט, דאכט זיך, האָט ער זיך געטראָפן מיט זיין פריינט טשעפּעגין, א איבערצייגטן טעראָריסט. זיי האָבן זיך איינער פארן צווייטן געקלאָגט אויף דער אָרגאניזאציע, אז מען שלעפּט אָפּ, מען גיט נישט וואָס צו טאָן. נאָכן 2־טן אפּריל האָבן קאטשורא און נאָך אים טשעפּעגין אָנגעהויבן פאָדערן, מען זאָל זיי לאָזן אויספירן א טעראָריסטישן אקט. דערביי האָט טשעפּעגין דערקלערט, אז אויב די אָרגאניזאציע וועט אים נישט שיקן, וועט ער גיין אליין. קאטשורא איז געווען איינגעהאלטענער, ער האָט דערקלערט, אז ער איז גרייט צו ווארטן, אָבער מיטן תנאי, מען זאָל אים זאָגן אויף באשטימט, צי מען וועט אים העלפן פטרן פּאָבעדאָנאָסצעוון.

ווי באקאנט האָט טשעפּעגין אויסגעפירט זיין דראָאונג, היות מען האָט אים אָפּגעזאָגט ארייננעמען אין דער אָרגאניזאציע, האָט ער גענומען א קיך־מעסער, איז אוועק אין זומער־גאָרטן פון סוחרים־קאזינאָ, כדי צו טויטן נאָוויצקין, און אנשטאָט דעם דאָזיקן, פארוואונדעט עפּעס אן אומשולדיקן גענעראל וו יי ס.

דער דאָזיקער פאל האָט געמאכט א דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף אלע, וועלכע האָבן געקענט דעם מסירת־נפשדיקן טשעפּעגין. עס איז קלאָר געוואָרן, אז ביי די ארבעטער שטייגט אויף א שטימונג, מיט וועלכער מען טאָר נישט שפּאסן,

מוראַ האָבנדיק, אַז אויך קאַטשורא זאָל נישט אָפּטאָן אַ נאַרישקייט, איז באַשלאָסן געוואָרן אנטגילטיק אים אויפנעמען אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

פאַרן אויפנעמען האָט זיך מיט אים געזען אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכער האָט אים אויפגעקלערט די גאַנצע וויכטיקייט פון זיין באַשלוס, אָנגעוויזן אויף די סכנות, אויף וועלכע ער איז אויסגעשטעלט ביים אויספירן אַ טעראָריסטישן אַקט.

— געדענקט, פּאַמאַ, עס קען זיך פון אייך פאָדערן עפּעס שווערערס, ווי שטאַרבן: מען קען אייך פּייניקן, צי זענט איר זיכער אין אייערע כוחות?

— כ'בין זיכער! — האָט ער פעסט געענטפערט. — זאָלן זיי אויף שטיקער שניידן, — זיי וועלן פון מיר גאָרנישט דערגיין!

— געדענקט, פּאַמאַ, איר זענט אַן אַרבעטער! פון אייך פאָדערט זיך מער, ווי פון אַן אינטעליגענט. גיט נאָר אַ טראַכט סאַראַ גרויל דאָס וועט זיין, אויב איר וועט זיך נישט האַלטן אויף דער זעלבער הויך, ווי באַלמאַשאָוו. ווענגט אַליין אָפּ, כל־זמן עס איז נאָך נישט צו שפּעט: עס פעלן דאָך נישט אַזעלכע, וואָס ווילן גיין אויף טעראָר. אפשר וועט איר נאָך אויספּרוון אייערע כוחות, אפשר פילט איר זיך פעיק צו טאָן אַן אַנדער אַרבעט?

— איך וואַרט שוין העכער אַ יאָר, — האָט ער געענטפערט, פול טרויער, מיט טרערן אין דער שטים. — זאָל איך נאָך לענגער וואַרטן? כ'בין דאָך נישט קיין קינד: איך בין אַלט 27 יאָר. כ'ווייס גאַנץ גוט אויף וואָס איך גיי, כ'בין זיכער, אַז די פּאַרטיי וועט נישט באַדויערן, וואָס זי האָט מיך אויפגענומען...

מען האָט אים צוגענומען. ער האָט אויסגעפירט זיין אַרבעט דרייסט, מענליך. אויפן פּראָצעס און נאָכן פּראָצעס האָט ער זיך געהאַלטן אויסערגעוויינלעך פעסט. אַ קיילעכדיקן יאָר האָט ער איבערראַשט די זשאַנדאַרמען מיט זיין מונטערקייט, און דער סוף איז געווען, ער איז פאַרט געפאַלן, און אַזוי נידריק, נידריק!!

אַך, די פינסטערע געהיימניסן פון דער מענטשלעכער נשמה!..

## קאַפּיטל עלף

דער פּראָצעס האָט זיך געצויגן 8 טעג, פון פרי ביז האַלבער נאַכט, אויסמאַטערנדיק אַלעמען ביז דער לעצטער מעגלעכקייט. איך בין געבונדן געווען מיט הענט און פיס און האָב נישט געקענט אָפּשלאָגן די קלעפּ. אָנערקענען זיך אַלס מיטגליד פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָב איך נישט געטאָרט, ווייל דאָס וואָלט געהייסן באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון גריגאָריעווס און קאַטשוראַס דענונציאַציעס בנוגע מיר, און במילא — אומדירעקט — אויך בנוגע די אַנדערע, קעגן וועמען עס זיינען נישט געווען קיין שום אָביעקטיווע באַווייזן; זיי האָבן געפעלט אויף אַזוי ווייט, אַז דאָס „געריכט" איז געצוווּנגען געווען זיי צו באַפרייען. — צעשטערן די גאַנצע נעץ פון קאַטשוראַס און גריגאָריעווס אינסינואַציעס און רכילות האָט מען אויך נישט געטאָרט. פון קאַטשוראַס דערקלערונגען איז קלאָר געוואָרן, אַז ער מיידט אויס צו פאַרפלאָנטערן און פאַרשיטן פּערזאָנען, וועגן וועלכע ער גלויבט, אַז זיי געפינען זיך אויף דער פריי. ווייצענפעלדן און מיך האָט ער שוין באַטראַכט אַלס פאַרמשפּטע, און דעריבער האָט ער אַלץ אַרויפגעלייגט אויף אונז — טויטע קענען אַלץ פאַרטראָגן.

עס איז לייכט געווען מיט איין ריר צו צעשטערן דאָס גאַנצע קאַרטאָן־שטיבעלע, וואָס טרוסעוויטש האָט אויסגעבויט און קאַטשורא האָט פאַרפעסטיקט מיט זיין אונטערשריפט, — אז ער, אַן אומשולדיקער, אויבאַוווסטזיניקער אַרבעטער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין טעראָר שיער נישט מיט גוואַלט.

עס איז לייכט געווען צו דערווייזן, ווי גרויס עס איז געווען זיין, קאַטשוראַס ווירקונג אין די אַרבעטער־קרייזן פון יעקאַטערינאָסלאַוו, אַז מען האָט זיך אים אונטערגעוואָרפן, אַז ער האָט געהויבן די שטימונג פון די אַרבעטער, און נישט פאַרקערט. אָבער ערשטנס וואָלט מען אין דאָזיקן פאַל געמוזט אָנרופן נעמען, ערטער, און צווייטנס וואָלט ער צוליב כעס און נקמה געקאָנט אַריינפלאָנטערן אַ גאַנצע ריי זיינע חברים־אַרבעטער. האָב איך מיט ווייצענפעלדן באַשלאָסן ווי ווייט מעגלעך נישט דערווידערן אים.

די גריגאָריעווס האָט מען לייכט געקענט דעמאַסקירן, און דעם אמת גערעדט האָבן זיי דאָס כשר פאַרדינט. דאָס וואָלט אָבער זיי — באַזונדערס איר — געקאָנט פאַרטרינקען אינגאַנצן. האָב איך מיט רעמיאַניקאָוואַן באַשלאָסן צו שווייגן..

אויף דער נשמה איז געווען שווער און טרויעריק: האָב איך דען געטרוימט וועגן אַזאַ פּראָצעס! ווייטיקדיק האָט געדריקט דער געדאַנק וועגן די חברים אויף דער פריי: ווי שטאַרק זיי מוזן דאָרטן ליידן! נאָכמער דערפאַר, ווייל זיי ווייסן דאָך נישט דעם אמת וועגן די גריגאָריעווס און קאַטשוראַן, און עס איז נאַטירלעך, אַז עס קען זיך פאַרגנבענען ביי זיי שווערע געדאַנקען און אומרויקע ספקות.

ל. רעמיאַניקאָווא און ווייצענפעלד האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן מוטיק און מיט גרויס ווירדע; אָבער זייער ראָל אין פּראָצעס איז געווען אַזאַ, אַז קיין סך האָבן זיי נישט געקאָנט אויפטאָן.

אויפן זעקסטן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן די רעדעס. די ערשטע רעדע האָט געהאַלטן גריגאָריעווס פאַרטיידיקער — באַברישטשעוו־פּושקין. אַ געניטע קאָפּיע פון מוכאַוויאָווס רעדע אין פּראָצעס וועגן ערשטן מערץ, פאַרמישט מיט אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס איז אַנטליען געוואָרן פון די „שדים" *) און מאָדנע: נישט געקוקט אויף דער גאַנצער בולטער נישטיקייט און טאַנדעטקייט, נישט געקוקט אויף דעם ריין־זשאַנדאַרמישן סטיל, אויף דער זינלאָזיקייט און ליגנערישקייט פון די באַשולדיקונגען, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף אונז, — האָט זיין רעדע אָנגערירט און אַ הויז אַ עקלדיקער פאַראַכטונג אַרויסגערופן אויך אַ ווייטיק פאַר די אומפאַרדינטע באַליידיקונגען.

איך האָב דערנאָך אַ לאַנגע צייט געטראַכט: וואָס האָט דעם דאָזיקן מענטשן געקענט באַוועגן צו וואַרפן אויף אונז שמוץ ביים פאַרטיידיקן גריגאָריעוון? ער האָט דאָך זיכער געוווּסט דעם אמת וועגן גאַנצן ענין, ער האָט דאָך זיכער געוווּסט, אַז די באַליידיקונג, וועלכע די גריגאָריעווס גיבן, איז ליגנעריש, און אַלס יוריסט האָט ער דאָך נישט געקאָנט נישט אָפּשאַצן אונזער קאָרעקטע באַציונג צו זיין קליענט, וועלכן מיר האָבן געקאָנט דערטרינקען, צוזאַמען מיט יורקאָווסקאַיאַן, וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער פריי, ווען מיר וואָלטן דערציילט אפילו בלויז אַ טייל פון דעם, וואָס זיי האָבן געטאָן. און ווייסנדיק דאָס, האָט ער זיך געמאַכט גאָרנישט ווייסנדיק און — אינסוניאירט.

*) דאָסטאָיעווסקיס אַ ראָמאַן.

צום סוף פראָצעס האָט אונז אַלע אַרומגעכאַפּט עפּעס אַן אומגלויבלעכע מידקייט. ממש אַ פיזישע מידקייט. איין געדאַנק האָט אונז אַלע באַהערשט: זאָל זיך דאָס שוין אַלץ ענדיקן! עס איז קיין כוח נישט געווען צו ציִען די דאָזיקע קאָמעדיע שוין העכער אַ וואָך... צום גליק האָט זיך דער פּראָצעס דערנענטערט צום סוף. עס זיינען פאַרענדיקט געוואָרן די רעדעס פון די צדדים, עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „לעצטע ווערטער".

אַ מאָדנע זאַך: דער זאַל, וואָס איז פול געווען מיט „ראַנגען", צוזאַמען מיטן גרויספירשט, וועלכער איז אָן אויפהער געזעסן די גאַנצע וואָך און כסדר געזויגן צוקערלעך, האָט די גאַנצע צייט געמאַכט אַ דערהויבנדיקן איינדרוק. פאַר דער שטימונג איז דאָס געווען ווי אין אייזערנער געוויכט, וואָס ציט אַראָפּ. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס מענטשלעכע וואָרט איז נישט צוטריטלעך און אומפאַרשטענדלעך פאַר די דאָזיקע אייז־קאַלטע הערצער.

אָבער — דאָס איז שוין די גרויסקייט פון דער מענטשלעכער נשמה — זי בלייבט פאָרט מענטשלעך!

איך האָב אויפמערקזאַם באַטראַכט דעם זאַל, ווען עס האָט גערעדט ל. אַ. רעמיאַניקאָווא. צוערשט איז מיר אַ שאָד געווען, וואָס זי האָט גענומען רעדן מיט זיי אויפריכטיק, אמתדיק, אָבער צו מיין שטוינונג האָב איך דערפילט, אַז אין די דאָזיקע אוניפאָרמירטע נשמות האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן.

די רעדע פון ל. אַ. איז געווען פּשטותדיק, אָן קונצן און אמתדיק, ווי פּשטות־דיק און אמתדיק זי איז אַליין. דאָס זיינען פּשוט געווען עטלעכע פּשוטע ווערטער וועגן געוויינלעכן לעבן פון אַ רוסיש מיידל. דאָס דאָזיקע לעבן איז אונז אַלעמען באַקאַנט. פאַר אונז איז עס אַזאַ טאָג־טעגלעכקייט, אַז מיר רעדן שוין נישט וועגן דעם צווישן זיך. די דאָזיקע מענטשן זיינען אָבער אַזוי אומענדלעך ווייט פון ווירקלעכן לעבן, אַז פאַר זיי איז דאָס געווען אַן אמתע אַנטפּלעקונג. דאָס פּשוטע מענטשלעכע וואָרט איז טיף אַריינגעדרונגען אין זייערע נשמות און גע־מאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק.

געוויס, דער דאָזיקער איינדרוק וועט זיי לחלוטין נישט שטערן אונז אַוועק־שיקן, סוף־כל־סוף, אויף דער תליה, „כדי צו דערפילן דעם אַמטלעכן פליכט". אָבער פאַרשטעלן פאַר זיי די גרויסקייט פון אונזער זאַך, פאַרגיפטן זייער געדאַנק און געוויסן מיטן באַוווסטזיין וועמען און פאַרוואָס זיי פאַרמשפּטן און טויטן, צייטווייליק צווינגען זיי אַראָפּצולאָזן די אויגן פאַר דער עקלדיקער זאַך, וועלכער זיי דינען — דאָס קען מען דערגרייכן...

## קאַפּיטל צוועלף

„דאָס געריכט גייט אַוועק אויף דער באַראַטונג! הער פּריסטאַוו! פירט אַוועק די באַשולדיקטע!""... — באַפעלט פייערלעך דער פאָרזיצער.

דאָס איז, דאַכט זיך, פאָרגעקומען אויפן 8־טן טאָג, 11 אַ זייגער אינדערפרי.

די זשאַנדאַרן שטעלן זיך אויס און מען צעפירט אונז איבער די צעלעס.

„דאָס געריכט באַראַט זיך"... וואָס שייך מיר, וואָלט רעכט געווען אָן אַ באַראַטונג. דער ענין איז קלאָר, ד. ה. נישט דער ענין, נאָר דער אויסגאַנג פון

„פּראָצעס",*) און אַלס נאַטירלעכער רעזולטאַט פון דער אָביעקטיווער קלאָרקייט — אַ סוביעקטיווע קלאָרקייט און רואיקייט. נישט וויסנדיק, ווי לאַנג זיי וועלן זיך דאָרט „בּאַראַטן", אײַלסטו זיך ברענגען אין אָרדנונג דײַנע ענינים — אָנשרײַבן בּריוו. באַמיסט זיך איבּערצוכיטרעווען די אויפזעער, וואָס קוקן נאָך. די בּריוו זײַנען שוין ווי־נישט־איז אויפגעקריצלט. שוין דרײַ בייטאָג, און זיי „בּאַראַטן" זיך נאָך אַלץ. הויבּסט אָן צו ווערן אומגעדולדיק. וואָס באַבּרען זיי זיך דאָרטן? סאַראַ סך צײַט עס איז שוין פאַרבּײַ! אַנטשלאָפן געוואָרן צו וואָס? עס ווערט טונקל. הערסט זיך צו צו יעדן שאָרך. אַהאַ! זיי גייען...

— בּיטע אויף אַ שפּאַציר.

— דאָס גאָר? און איך האָב געמיינט, מען וועט פאַרלייגן צו מאַכן אַ לענגערן שפּאַציר...

דער אויפזעער לאָזט אַראָפּ די אויגן.

אַ קלאָרער, פּראַסטיקער אָוונט. אויפן הימל שימערירן העל די שטערן. אונטערן הימל, אויפן וואַך־טורעם, גייט אַרום דער וואַך־זעלנער. אויף „שפּאַצירן" איז באַשטימט אַ קליינער, מיט ברעטער אָפּגעצוימטער שטח פון 15 טריט אין דער לענג און 5 אין דער ברייט. וואָס דערמאָנט שטאַרק אָן אַרט, וווּ מען טרײַבּט אַרײַן דאָס פי. דיך זעט בּלויז גאָט און דער וואַך־זעלנער, אָבער דו אַליין זעסט קיינעם נישט.

„מען באַטראַכט זיך..." נו, הײַנט וועלן זיי יעדנפאַלס פאַרענדיקן. און דערנאָך וויפל צײַט וועט פאַרגיין? אַ דרײַ־פיר טעג וועט נאָך מסתמא דויערן... אַ זעונג וועט מען געבן?... אָרימע, אָרימע עלטערן!... ווי אַזוי וועלן זיי זיך אַן עצה געבן מיט זייער אומגליק?פאַר זיי איז דאָך דאָס אַזאַ אומגליק... די חברים... צי וועט אָנקומען צו זיי דער בּריוו?... מ'עט דאַרפן...

— פאַרענדיקט דעם שפּאַציר!

„מען באַראַט זיך"... עס איז פאַרבּײַ די קאָנטראָל. פון פיינלעכן וואַרטן ווערן די געדאַנקען אַזוי נידערגעשלאָגן, כּאַאָטיש. לאַנגווייליק! סאַראַ מאָדנע שטימונג בעתן וואַרטן אויפן „אורטייל"!... מען דאַרף זיך לייגן שלאָפן, — די באַראַטונג שלאָפט, זיכער, אויך...

שטיל, ווי פאַרגנבעטערהייט, עפנט מען אויף די טיר פון דער צעלע. — „זײַט מוחל אין געריכט, — שטייט אויף!"

מען האָט זיך שוין באַראַטן!... מען רעווידירט נאָך שטרענגער, ווי דאָס ערשטע מאָל. דער זייגער שלאָגט אוים האַלבע נאַכט. מען רעדט אין פליסטער־טאָן. אין קאָרידאָר הערשט האַלב־חושך. עס קלינגען שווערדן, עס קלאַפּן שפּאָרן, עס הילכן טריט. די אָפּטיילונג פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע איז פאַרשטאַרקט. מען שטייט כמעט אין געדיכטע שפּאַלערן. אין זאַל איז ליידיק: עס זיצט בּלויז אָנגעכמורעט עפּעס אַ זשאַנדאַרמעריע־גענעראַל. פון דער פאַרטיידיקונג איז געקומען בּלויז די יוגנט. די פּנימער זײַנען בײַ אַלע אומרואיק. קוקנדיק אויף זיי קאָן זיך דאַכטן, אַז דאָס דערוואַרטן זיי דעם אורטייל.

— דאָס געריכט גייט!

*) אַ וואָרט־שפּיל, וואָס לאָזט זיך נישט איבּערגעבן אין יידיש. אין רוסיש איז „דעלאָ" דער טײַטש סיי „ענין", סיי „פּראָצעס" (איבּ.)

אַלע „ריכטער" האָבן פאַרמאַטערטע פּנימער... „הענגען, ווייזט אויס, איז נישט אַזאַ אַנגענעמע זאַך" — טראַגט זיך דורך אַ בייזוויליקער געדאַנק. אַפילו דער פּראָקוראָר פון קריגס־געריכט—פּאַוולאָוו — פעלט, ער האָט געשיקט זיין געהילף. דער פאָרזיצער אַסטען־סאַקען איז בלאַס, די האָר — צעשויבערט. מען לייענט דעם אורטייל. דער גאַנצער זאַל שטייט. מיט אַ אויפגערודערט, אָפּגעריסן קול וואַרפט דער פאָרזיצער אַרויס: קאַטאָרגע אויף 4 יאָר, טויט־שטראָף, אַרעסטאַנטישע ראָטעס, טויט־שטראָף, קאַטאָרגע אויף 10 יאָר...

אין דער אַנטגילטיקער פאָרם וועט דער אורטייל פאַרעפנטלעכט ווערן איבערמאָרגן. הער פּריסטאַוו, פירט אַוועק די באַשולדיקטע!

מיר זעגענען זיך אויף גיך מיט דער פאַרטיידיקונג. מען פירט אָפּ צוריק אין די צעלעס. די פּאָליציי־לייט און די זשאַנדאַרמען, קוקן אויף אונז מיט אַ אומהיימלעכן, אומרואיקן נייגיר. זיי פילן זיך אַלע נישט גוט, ווי זיי וואָלטן אין עפּעס שולדיק געווען...

די צעלע. שטייסט אָן איבעראַשטער. איז דאָס טאַקע דער טויט־אורטייל!? ווי פּשוט! פאַרוואָס־זשע זיינען נישטאָ קיין שום באַזונדערע געפילן? וועלן זיי נאָך אפשר קומען? טוסט זיך שנעל אויס און לייגסט זיך אויף דער נאַרע. קוים איינגעשלאָפן, — און כ'הער שוין אין שלאָף, ווי עס עפנט זיך ווידער די טיר פון דער צעלע און עמיץ וועקט מיך.

— וואָס איז געשען?

— אַ באַפעל אָנצוטאָן זיך, איר וועט באַלד פאָרן.

— ביינאַכט? וווהין וועלן מיר פאָרן?

— כ'קאָן נישט וויסן — אַ באַפעל צוצוגרייטן זיך.

צי דען וועט מען תיכף פירן צו דער עקזעקוציע? אָדער, אפשר, עפּעס ערגערס?

מען האָט מיך אַרויסגעפירט אויפן הויף, אַריינגעזעצט אין קאָטש און אונטער דער שמירה פון זשאַנדאַרן אַוועקגעפירט. וווהין? אומבאַוווּסט! אין אַ צוואַנציק מינוט אַרום איז די קאָטש שטיין געבליבן, — ווייזט זיך אַרויס, אַז מען האָט צוריקגעבראַכט אין דער פעסטונג. — הייסט עס, אַז נישט צו דער טאָרטור, — טראַכט זיך מיט פאַרלייכטערונג און מען גיי אין דער אַלטער צעלע ווי צו זיך אין שטוב.

אויפן וועג באַגעגנט מיך דער פאַרשלאָפענער פּולקאָווניק — דער פאַר־וואַלטער.

— נו, מיט וואָס האָט זיך דאָס פאַרענדיקט? — פרעגט ער אומרואיק.

— טויט־שטראָף! — שריי איך אויס אומישנע וואָס העכער, כדי די זשאַנדאַרן זאָלן הערן.

ביים קריגסמאַן ווערט אויסגעצויגן דאָס געזיכט און נעמט אָן אַזאַ דער־שראָקענעם אויסדרוק, אַז נישט־ווילנדיק רופט עס אַרויס אַ שמייכל.

און איצט שלאָפן! דערנאָך וועט מען שוין זען! כ'האָב זיך געלייגט, אָבער איינשלאָפן לאָזט מען נישט. ס'הערט זיך אַ קלאַנגלאָז פליסטערן (אַזוי „קלאַנגלאָז" פליסטערן קענען נאָר זשאַנדאַרן־תפיסה־אויפזעער.) חוץ דעם: יעדע עטלעכע מינוט קוקט מען לאַנג און אויפמערקזאַם אַריין אין טיר־פענסטערל. קיין שום זאַך דענערווירט נישט אַזוי שטאַרק, ווי דאָס דאָזיקע דערעסנדיקע אַריינקוקן, וואָס

איז אומדערטרעגלעך אפילו אין אַ געוויינלעכער צייט. ווייזט אויס, אַז מען האָט באַפּוילן גוט אכטונג געבן אויפן „פּאַרמשפּטן". ווי אַזוי וועט מען פּטור דערפון? כ'קלינג, עס באַווייזט זיך דער דעזשורנער זשאַנדאַר.

— הערט נאָר, טייערער! מען האָט מיך פאַרמשפּט צום טויט. כ'וויל שלאָפן, כ'בין טויט־מיד, אָבער אייער קוקן אין פענסטערל לאָזט נישט איינ־שלאָפן. געוויס, איר זענט נישט שולדיק — אַ באַפעל, גיט אָבער אַ טראַכט — צוואָס טויג אייך דאָס קוקן? איר זעט דאָך, כ'בין רואיק, כ'וועל זיך קיין מעשה נישט אָנטאָן, אַ חוץ אויסשלאָפן זיך, נו?

כ'האָב אָנגעטראָפן אויף אַ גוטן זשאַנדאַר. ער האָט זיך פאַרלוירן, דער אָרימער, וויים נישט, וואָס צו טאָן.

— אַנטשולדיקט, הער, איר פאַרשטייט דאָך אַליין גאַנץ גוט! וואָס קאָן מען טאָן? אַ דינסט אַזאַ פאַרשאָלטענער!

צומאָרגנס, ווי נאָר כ'האָב זיך צוגעקליבן שרייבן בריוו — עפנט זיך די טיר אין צעלע: דער שליח פון מיניסטער פאַר אינערלעכע ענינים, דער וויצע־דירעקטאָר מאַקאַראָוו!

— ?!

— דער אורטייל איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן; צי דען ווילט איר טאַקע גיין צו דער תליה?

— דאָס הייסט?

— גאַנץ פּשוט! זאָגט וואָס איז דער זין פון קריכן אויף דער תליה? נו שוין, איר האָט שוין אָפּגעטאָן אייערס, דורכגעפירט דעם פּראָצעס, ווי אייך האָט זיך געוואָלט, איר האָט דערפילט, אַזוי־צוזאָגן, אייער פליכט. אָבער וואָס ווייטער?

— וואָס הייסט?

— איך האָף, אַז איר גלויבט נישט אין אַ יענער וועלט, טאָ וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס שטאַרבן? פּירט דורך אַ פאָרמאַליטעט! גיט נאָר אַ קלער: בלויז אַ פּשוטע פאָרמאַליטעט! כ'וויים דאָרט, אַ בקשה, אַ מעלדונג, רופט עס ווי איר ווילט, — וואָס פאַרא שלעכטס קאָן מען איינזען דערין? און מען פאָדערט נישט פון אייך קיין שום דערקלערונגען, קיין שום חרטה־האָבן. איר ווענדט זיך דאָך נישט צו דער רעגירונג, נאָר צו דער העכערער מאַכט. און די העכערע מאַכט איז דאָך, וואָס איר זאָלט נישט זאָגן, אַ גרויסע זאַך...

— אָן ספק. פאַר אייך אַלע, וואָס איר באָדט זיך אין די שטראַלן פון דער דאָזיקער מאַכט — איז זי אַ גרויסע זאַך, ווייל זי גיט אייך גרויסע פּריווילעגיעס. פאַרן פאָלק אָבער, פאַר אונז... — מיר גייען זיך אַ ביסל פאַנאַנדער אין דער אָפּשאַצונג. אָבער עס גייט דאָך, אייגנטלעך, נישט אין דעם. מיר האָבן דאָך שוין איינמאָל געשמועסט. פאַר דער דאָזיקער צייט האָט זיך גאָרנישט געענדערט. טאָ וואָסערע סיבות אויף ענדערן דעם באַשלוס?

— דאָן האָט מען געפאָדערט דערקלערונגען, היינט גייט בלויז וועגן אַ בקשה.

—נישט מער? צו דען ווייסט איר נישט, אַז אַ בקשה וועגן באַגנעדיקונג ווערט ביי אונז פאַררעכנט אַלס שענדלעכסט פאַרברעכן? לאָמיר דאָס לאָזן צורו.

— אַנטשולדיקט מיר, אָבער פון מענטשלעכקייט וועגן (!) קאָן איך די זאַך אַזוי נישט לאָזן. איך וויים, מיך וועט איר נישט הערן, מוז איך אייך וואָרענען:

עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצורופן אייערע נאָענטע, זיי זאָלן אייך באַווייגן דערצו.

— אַזוי גאָר! איך זאָג אייך און גיט איבער דאָרט ווו מען דאַרף. איך פאַרוועך אַנטשידן אַריינצומישן אין דאָזיקן ענין די אייגענע. דאָס וועט שוין זיין אַן אמתע אכזריות — איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז איר וועט גאָרנישט אויספועלן, צוואָס־זשע פאַרשאַפן זיי אומזיסטע ליידן? אויב איר זענט אַן ערלעכער מענטש — דאַרפט איר די קרובים לאָזן צורו.

אין מאַקאַראָוון האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן.

— —גוט, איך וועל זיך באַמיען דערפילן אייער פאַרלאַנג, — האָט ער פאַרשטיקט אַרויסגערעדט און פאַרלאָזן די צעלע.*)

צומאָרגנס האָט מען ווידער אַוועקגעפירט אין פּרעווענטיוו־אַרעסט. שוין שפּעט אין אָוונט, שבת, האָט מען אונז ווידער אויסגעשטעלט אין קאָרידאָר און אַוועקגעפירט אויסהערן דעם אורטייל אין אַ אַנטגילטיקער פאָרם. אין זאַל איז קיינער נישט געווען, אַ חוץ דער פאַרטיידיקונג. מען האָט איבערגעלייענט אַ לאַנגן אורטייל.

— הער פּריסטאַוו, פירט אוועק די פאַרמשפּטע...

צום לעצטן מאָל! מער וועט שוין נישט אויסקומען צו זיין אין דאָזיקן זאַל. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט דער פאַרטיידיקונג, כ'האָב זיך צעזעגנט מיט די חברים לויטן פּראָצעס. אין קאַלטן, געוועלבטן קאָרידאָר איז טונקל און אומעטיק. ס'איז טונקל און טרויעריק אויף דער נשמה. עס דריקט די איינזאַמקייט: „מיט קהל איז אויך דאָס שטאַרבן שיין"... יאָ, מיט קהל איז עס שיין! אָבער ווי גרוי עס איז דאָ, אויף די הינטערהויפן, ווייט פון אַלדאָס לעבעדיקע! ווי פיינלעך עס ווילט זיך זען אַ נאָענט געזיכט! כאָטש איין מיטפילנדער בליק — ווי ער וואָלט געלייטערט די שטימונג! ווי שטאַרק מען איז מקנא די אַלע קעמפער, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק צו שטאַרבן אָפן, איבערלאָזנדיק פאַר איינע ליבע, און פאַר די צווייטע — פאַראַכטונג! איצט אָבער!... ביינאַכט וועט מען אַרויספירן אויפן הויף. אַ תליון, עטלעכע זשאַנדאַרן... מ'וועט דערשטיקן און אַריינוואַרפן דערלעבן אין אַ גרוב... דער ביטערער גורל פון אַ רוסישן רעוואָלוציאָנער! בעת דער „אַרבעט" ווערט ער פאַרפאָלגט, ווי אַ געיאָגטע חיה, דורך זשאַנדאַרן, אין תפיסה היטן אים זשאַנדאַרן, בעת דער אויספאָרשונג ווערט ער פאַרהערט דורך זשאַנדאַרן, אין געריכט איז ער אַרומגערינגלט דורך זשאַנדאַרן, אויפן עשאַפאָט פירן אוים די עקזעקוציע זשאַנדאַרן, און דער לעצטער זיפץ, דער לעצטער גרוס צו די חברים־קעמפער און דעם אומגליקלעכן היימלאַנד, ווערט איבערגעכאַפּט דורך זשאַנדאַרן.

דער מידער, טרויעריקער בליק גליטשט זיך איבער די אַנטבלויזטע שווערדן און אומצאָליקע מונדירן, און עס הויבט זיך אויף פאַר דיר — אַלץ מער און מער צעוואַקסנדיק זיך, — ווי אַ סימבאָל פון לאַנדס אומגליק — אַ ריזיקער זשאַנדאַר. ער ווערט אַלץ גרעסער, גרעסער, ווי אומגעהויערע לאַפּעס כאַפּן אַרום דאָס קאָנוולסיוו־זיך - וואַרפנדיקע און קרעכצנדיקע רוסלאַנד. איבער

---

*) קעגן דער דערוואַרטונג האָט מאַקאַראָוו דערפילט זיין צוזאָג — מיט די קרובים האָט ער נישט גערעדט.

דעם אומגעהויער צעוואַקסענעם זשאַנדאַר — דער לאָזונג פון רוסישן אוראַלטן וועזן: „אַלץ פאַר די זשאַנדאַרן און אַלץ מיט דער הילף פון זשאַנדאַרן״

## קאַפּיטל דרייצן.

עס איז געווען אָנהויב מערץ. עס האָט אַ בלאָז געטאָן מיט וואַרימקייט. ס'איז געקומען אַ אָדליגע. בייטאָג האָט די זון שטאַרק געוואַרימט און פייגעלעך האָבן געצוויטשערט הינטער די אייזערנע קראַטעס. וויפל וועט נאָך אויסקומען צו וואַרטן, ביז זיי וועלן פאַרענדיקן אַלע פאָרמאַליטעטן? אַ פּאָר טעג וועט עס נאָך דויערן, מסתמא? ווי גוט אָבער, וואָס מען וועט שוין מער נישט אַרומשלעפּן איבער די געריכטן! און באַומרויקן וועט שוין, ווייזט אויס, אויך קיינער נישט...

דעם שונאס געריכט איז פאַרענדיקט; אָבער ערשט איצט הויבט זיך אָן דאָס אמתע, אומפּאַרטייאישע געריכט — דאָס געריכט פון אייגענעם געוויסן, אַ געריכט איבער זיך אַליין. אַ שטרענג און אומברחמנותדיק געריכט!

ניט איינמאָל קומט אויס דעם באַיוּוסטזיניקן רעוואָלוציאָנער זיך צו גריבלען: צי איז דער וועג, מיט וועלכן ער גייט, דער ריכטיקער?.. נישט איינמאָל קריכן אין דער נשמה אַריין, ווי ווערים, פּיינלעכער אומרו און שווערע ספקות און שטעלן איין-און-דיזעלבע ברענענדיקע פראַגע: זיינען באמת נישטאָ קיין אַנדערע, נישט אַזעלכע שווערע, דערנערדיקע וועגן אויף צו דערגרייכן דעם וויל און דעם גליק פון אַרבעטנדיקן קלאַס? צי איז טאַקי אומפאַרמיידלעך דער איינציקער וועג דער יעניקער, אויף וועלכן דו האָסט זיך געשטעלט?

און וויפל מאָל דו זאָלסט ביי זיך נישט אָפּמאַכן, אַז יאָ — דער דאָזיקער וועג איז דער ריכטיקער, יאָ, — דער דאָזיקער וועג איז דער איינציקער! ווי רויק און זיכער דו זאָלסט נישט האָבן געגאַנגען אין משך פון גאַנצן קאַמף מיטן אויסגעווילטן וועג, — פונדעסטוועגן, ווען דיין וועג איז פאַרענדיקט און אַלס נאַטירלעכער רעזולטאַט פון דאָזיקן סוף ווייעט דיר אין פּנים די קעלט פון אָפּענעם קבר, שטייט אויף פאַר דיר באַפעלעריש דאָס גאַנצע אָפּגעלעבטע לעבן און פאָדערט שטרענג, אומברחמנותדיק אַ ענטפער. האָסטו מיך טאַקע געלאָזט אויסלעבן זיך אַזוי, איך זאָל פרייִדיק, אָן באַדויערן קענען אַריבער־שפּרייזן די גרעניץ, וואָס טיילט מיך אָפּ פון טויט?...

לאַנגזאַם, טריט נאָך טריט, גייסטו דורך דיין לעבנס-וועג. און סאַרא באַגליקטע רו עס כאַפּט דיך אַרום, ווען נאָך עקשנותדיקע, לאַנגע און לײַדנשאַפטלעכע זוכענישן זאָגסטו מיט טיפן גלויבן צום שטרענגן מאָנער — דעם געוויסן: קענסט זיין רויק, — דיין וועג איז געווען דער ריכטיקער און דיין לוין איז אַ פאַרדינטער: נעם אָן דעמדאָזיקן לוין ווי אַ כשר־פאַרדינטן.

און ווען דו טראָגסט אַרויס איבער זיך דעמדאָזיקן אורטייל — ווערן אין דיינע אויגן אַלע אַנדערע אורטיילן אַזוי קליינלעך, נישטיק! די חשבונות מיטן לעבן זיינען פאַרענדיקט, און גוט פאַרענדיקט!

איצט בלייבט איבער צו דערליידיקן דאָס לעצטע: רויק דעקן דעם חשבון. מען איז באַמיט איינצוגעווינען זיך מיט דער אויסערלעכער זייט פון דער זאַך. מען מאָלט פאַר זיך דאָס בילד פון דער עקזעקוציע. און יעדעס מאָל ביים

דערגייז צום מאָמענט, ווען דער תליון רייסט אַרויס דאָס בענקעלע און דער שטריק פאַרציט דעם האַלז, גייט דורך אַ ציטער איבערן גאַנצן קערפּער און כאַפּט אַרום אַ שוידער — נישט אויסצוהאַלטן. מען שטודירט די ליטעראַטור וועגן דאָזיקן ענין. ווייזט זיך אַרויס, אַז אויב דער שלייף קומט נישט אויס אויפן ריכטיקן אָרט, קומט דער טויט זייער לאַנגזאַם. אַ סך הענגט אָפּ פון דער קראַפט, מיט וועלכער דער קערפּער פאַלט אַראָפּ. דער בעסטער אופן איז דער אירלענדישער: דאָרט וואַרפט מען אַראָפּ דעם געהאָנגענעם פון אַ הויך פון 3—4 קלאַפטער און דער טויט אַנטשטייט כמעט מאָמענטאַל צוליבן איבערברוך פון חוט־השדרה.

איינער א דייטשער פּראָפעסאָר האָט אפילו דערפונדן א פאָרמול, ווי אזוי מען זאָל צום בעסטן הענגען. אויף יעדן פונט פון קערפּער־וואָג אומגעפער א צאָל שטריק פון א געוויסער גרעב. דער הומאַניטאַרער געלערנטער פון טאָרטור־קאַמער גיט, אגב, צו, אז אויך דאָס גאַראַנטירט נישט תמיד א מאָמענטאַלן טויט, ווייל גאַנץ אָפט טרעפן זיך אנאָמאַליעס אין דער שטאַרקייט פון די חוט־השדרה־בענדער. אויב אזוי שטעלט זיך די פראַגע: צי האָסטו אַן אנאָמאַליע אָדער האָסטו נישט קיין אנאָמאַליע?

מיט קנאה טראַכט מען וועגן טויט דורך דערשיסן. אָט א גוטער טויט! שיסן קענען זיי גוט, אָבער אויפהענגען וועלן די רוסישע זשאַנדאַרמען זיכער נישט ווי געהעריק, און עפּעס א שטרויכלונג וועט שוין זיכער געשען *). דאָס כסדרדיקע טראַכטן וועגן דער עקזעקוציע און וועגן אַלע פּרטים געוויינען סוף־כל־סוף צו אויך צו דער אויסערלעכער זייט פון דער זאַך. שווערער איז איינצולעבן זיך מיטן תוך פון דער זאַך. קאָנסט זיך בשום אופן נישט פאָרשטעלן רעאַל דעם טויט — דעם נישט־זיין. אָט איז אַלץ דאָ — א קערפּער, געדאַנקען, פאַרלאַנגען, ליבע, האָפנונגען — און מיטאַמאָל וועט פון דעם אַלעם גאָרנישט ווערן! טאָ וואָס־זשע וועט זיין?, שלאָף?

קוקסט אויף דיין קערפּער, באַטאַפּסט אים און שטרענגסט זיך אָן פאָרצושטעלן, ווי אזוי דאָס וועט אויסזען דאַן? און וואָס הייסט? קיינמאָל? וועסט שוין קיינמאָל נישט וויסן, וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט, מיט וואָס דער קאַמף

---

*) שפּעטער, אין שליסעלבורג, האָב איך זיך דערוווסט, אז דער דאָזיקער אומצוטרוי צו די רוסישע זשאַנדאַרמען איז פולשטענדיק ריכטיק: אין רוסלאַנד הענגט מען עקלהאַפט, היהש — זעלטן גייט אָפּ אן עקזעקוציע אָן פיינלעכע קאָמפּליקאַציעס; דער קרבן וואַרפט זיך אין שלייף אמאָל גאַנצע 10—20 מינוט. סטעפּאַן באַלמאַשאָוון האָט דער תליון געהאַלטן פאַר די פיס, ווייל זיי האָבן זיך איינגעקלעמט אין דיל פון עשאַפאָט. ביי דער עקזעקוציע פון איוואַן קאַליאַיעוו איז צוליב נאַכלעסיקייט און אומגעלומפּערטקייט פאָרגעקומען א שוידערלעכע סצענע: דער תליון האָט נישט געקענט ווי געהעריק פאַרוואַרפן דעם שלייף און איוואַן קאַליאַעוו האָט זיך אזוי לאַנג געוואָרפן אין קאָנוווּלסיעס — אז דער שטאַבשעף פון זשאַנדאַרמען־קאָרפּוס, באַראָן מעדעם, וואָס איז געווען אָנוועזנד דערביי, האָט געדראָט דעם תליון מיט דערשיסן, אויב ער וועט נישט א סוף מאַכן צו די ליידן פון געהאָנגענעם. גערשקאָוויטשן האָט מען אַראָפּגענומען פון דער תליה אין דרייסיק מינוט אַרום און דאָס האַרץ האָט נאָך שוואַך געקלאַפּט.

האָט זיך געענדיקט? און עס וועלן נישט זיין קיין שום גערֿאנקען, זאָרגן, האָפּנונגען? ווי מאָדנע!...

און פאַרקערט ווידער — וואָס פאַרא מאָדנעקייט איז דאָ דאָ? אַנטשלאָפן געוואָרן און גאָר! אַנטשלאָפן געוואָרן און שוין מער נישט אויפגעכאַפּט זיך — קיין שום שרעקלעכעס איז נישטאָ. וואָס איז דאָ מורא צו האָבן? עס איז דאָס זעלבע, ווי מורא האָבן פאַר פינסטערניש — עס איז פּשוט נאַריש! מורא צו האָבן איז נישטאָ וואָס, מורא צו האָבן איז נאַריש, אָבער די אומענדלעכע ווארטעניש באַאומרויקט און פּייניקט. ווען וועט עס שוין ענדלעך קומען? אין דער פּעסטונגס־ביבליאָטעק האָב איך אויסגעזוכט שטשאַדרינען און ביי אים האָט זיך דער געדאַנק אָפּגערוט. וואָס פאַר אַ אומענדלעכער קוואַל פון מונטערקייט, ליבע און האַס. דער עיקר — ברענענדיקן, אומקאָמפּראָמיסלעכן, דאָס גאַנצע וועזן דורכדרינגנדיקן האַס צו דער אַלטער אָרדנונג און אומענדלעכע ליבע צום געפּייניקטן פון דער דאָזיקער אָרדנונג — דעם אַרבעטנדיקן פאָלק. און אומקאָמפּראָמיסלעכקייט, אַ לויב־געזאַנג פאַרן אומקאָמפּראָמיסלעכן קאַמף.

עס איז פאַרביי אַ וואָך, אַ צווייטע. אַלע פאָרמאַליטעטן זיינען פאַרענדיקט. דער אורטייל געפינט זיך ביי פּלעווען, און יעדע מינוט קען ער אָפּגעגעבן ווערן אויף אויסצופירן אים. וואָס שלעפּן זיי אָפּ?

די עקזעקוציע וועט זיכער פאָרקומען אין שליסעלבורג. ווען וועט מען אַהין אַריבערפירן? אין אָוונט ווארשיינלעך. און יעדן אָוונט, נאָך דער קאָנטראָל, ווארטסטו: אָט, אָט וועט זיך עפענען די טיר, מען וועט אַריינברענגען די קליידער — זייט מוחל! און לאַנג, לאַנג ליגסטו אַזוי אויף דער נאַרע, צוהערנדיק זיך מיט ציטער צום קלענסטן שאָרך — צי גייט מען נישט? אָפּט הערן זיך טריט, אָפּט גייט מען צו צו דער טיר, — אָבער אַלץ פאַרביי. ענדלעך ווערט מען אַנטשלאָפן מיט אַן אומרויקן שלאָף, וואָס ווערט איבערגעריסן פון קלענסטן גערויש. פאַרטאָג קוקסטו זיך פאַרוווּנדערט אַרום — נאָך נישט? אָבער היינט שוין אויף געוויס...

עס זיינען פאַרביי ד ר יי וו אָ כ ן, זייט דער אורטייל איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן. עס איז געווען אינמיטן דער זעקסטער וואָך פון דער פאַסט־צייט. אין דער פּאַסיאָנס־וואָך, און אין דער הייליקער וואָך טאָר מען נישט הענגען. הייסט עס, אַז אין דער דאָזיקער זעקסטער וואָך מ ו ז ן זיי פאַרענדיקן. אינמיטן וואָך איז אויסגעפאַלן עפּעס אַ יום־טוב, בקיצור ס'איז אויסגעקומען אַזוי, אַז דעם 16־טן מערץ האָב איך באַטראַכט אַלס לעצטן טאָג פון מיין פאַרברענגען אין פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג. אויב מען פירט איצט אויס עקזעקוציעס, האָט דאָס, לויט מיינע אויסרעכנונגען, געמוזט געשען אין דער דאָזיקער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן מערץ.

עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. כ'האָב באַטראַכט צי דער מאָרפיום *) איז

*) פאַרן אַרעסט בין איך געווען זיכער, אַז נאָכן אורטייל וועט מען מיך פּייניקן. נישט ווייסנדיק פאַרוואָס, ווי ווייט מיין אויסהאַלטונגס־קראַפט גרייכט, האָב איך זיך פאַרזאָרגט מיט אַ גענוגנדיקער דאָזע מאָרפיום, וועלכע איך האָב באַוויזן אָפּצוראַטעווען פון אַלע ראַפינירטע רעוויזיעס. פאַרניכטעט האָב איך אים אין שליסעלבורג, ווען איך האָב זיך איבערצייגט, אַז עס וועט נישט נויטיק זיין.

אין אָרדנונג, זיך אַריינגעבראַכט אין אַ געהעריקער שטימונג, און — כ׳וואַרט.
די קאָנטראָל איז אַריבער. אין דער פעסטונג איז שטיל געוואָרן, ווי דאָס קאָן זיין בלויז אין אַ תפיסה. עס איז געווען 10 אַזייגער. איך הער זיך שאַרף צו, צי עס איז נישטאָ קיין באַוועגונג. אין דער טויטער שטילקייט הערט מען פלוצלינג אין קאָרידאָר דעם אָפּהילך פון טריט. טריט שנעלע, הערשערישע, וועלכע דערנענטערן זיך צו מיין צעלע. ביי דער סאַמע טיר הערט זיך אַ קול — „אָט דאָ, אייער עקסעלענץ"!.

עס קנאַקט דער געעפנטער רוקער, נאָך אים דער שלאָס, די טיר עפנט זיך ברייט אויף. עס גייט שנעל אַריין דער פּולקאָווניק, נאָך אים דער פּאָרזיצער פון געריכט אָסטען־סאַקען; אין קאָרידאָר זעט מען זשאַנדאַרמען. „וואָס טוט דאָ דער פּאָרזיצער פון געריכט? — טראָגט זיך דורך אין קאָפּ אַ געדאַנק, — וועט ער דען ביישטיין די עקזעקוציע?"...

— גוטן אָוונט, הער ג., — דערהערט זיך זיין ווייכע באַס־שטימע. ער איז גאָר שטאַרק אויפגערעגט, די ברוסט אָטעמט שטאַרק. דאָס געזיכט איז אָן אויסער־געוויינלעכס. ער איז צוגעגאַנגען נאָענט, נאָענט און זאָגט מיט אַ פייערלעכער שטים:

— איך האָב אייך געבראַכט די אַלערהעכסטע גנאָד! עס ווערט אייך גע־שענקט דאָס לעבן!

די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך איינגעשניטן אין זכרון. דאַן האָבן זיי ווי מיט אַ מעסער אַ שניט געטאָן.

עס האָט זיך מיר געוואָלט אים איבעררייסן, ער האָט אָבער געהאַט אַזאַ אויפריכטיק־באַגליקטן אויסזען, ער איז אַזוי אויפריכטיק דורכגעדרונגען געווען מיט דער דערהויבנקייט פון זיין מיסיע, ער האָט זיך אויף אַזוי ווייט באַטראַכט אַלס שליח פון הימל, וואָס ברענגט די בשורה פון אויסלייזונג, אַז די צונג האָט זיך מיר נישט באַוועגט צו זאָגן אים אַ גראָב וואָרט. איך האָב בלויז געפרעגט:

— איך האָב נישט געבעטן וועגן דעם, ווייסט איר דאָס?

— יאָ, איך ווייס.

ער איז אַרויסגעגאַנגען. עטלעכע רגעס בין איך געבליבן שטיין אומבאַוועג־לעך. דערנאָך האָב איך זיך שטיל, אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין, אַראָפּגעלאָזט אויף דער נאַרע, לעבן וועלכער איך בין געשטאַנען. דער גאַנצער קערפּער האָט אָנגעהויבן צו ציטערן. צוערשט שוואַך, דערנאָך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. די הענט האָבן אַזוי געציטערט, אַז זיי האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין דער קאָל־דרע מיט אומגלויבלעכער קראַפט. די ציין האָבן אויסגעקלאַפּט אַ מאַרש. כ׳בין אינגאַנצן קאַלט געוואָרן, דערנאָך בין איך אינגאַנצן באַגאָסן געוואָרן מיט אַ קאַל־טען שווייס. כ׳געדענק גוט: אין קאָפּ זיינען נישט געווען קיין שום געדאַנקען. אָט אַזוי איז אַדורך, וואַרשיינלעך, אַרום אַ האַלבע שעה אין אַ מאָדנע־געדרוקטן צושטאַנד. איך בין אינגאַנצן, ווי פאַרגליווערט און פאַרשטיינערט געוואָרן. כ׳האָב זיך געשפּירט אַזוי צעבראָכן און שוואַך, אַז נישט געקוקט אויף אָן אויסערגעוויינ־לעכער מידקייט, האָב איך קיין כוח נישט געהאַט צו לייגן זיך אויף דער נאַרע, אויף וועלכער איך בין געזעסן ווי אַ לעבלאָזע מאַסע. — די קעלט איז פאַרביטן געוואָרן דורך אַ היץ. דער גאַנצער קערפּער האָט בוכשטעבלעך געברענט. די לייב־טע תפיסה־קאָלדרע האָט געשיינט צו זיין אַן אומדערטרעגלעכע משא. אין מויל — אַ פיינלעכע טרוקנקייט. די גאַנצע נאַכט בין איך דורכגעלעגן מיט אָפענע

אויגן, מיט אַ ווילדער גערַאנקען־זאַוויערוכע אין קאָפּ. דאָס איז געווען די צווייטע נאַכט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אָן שלאָף: די ערשטע — נאָך קאַטשוראַס פּאַראַט.

כ'האָב נישט גלייך באַגריפן די גאַנצע באַדייטונג פונם געשעענעם. עס האָט זיך געשפּירט אַ הילפסלאָזיקייט, אַ נישט־צוגעגרייטקייט צו עפּעס גרויסעס. עס האָט זיך אויסגעבילדעט עפּעס אַ ריזיקע פּוסטקייט. די גאַנצע צייט האָב איך זיך אַריינגעבראַכט אין אַ באַשטימטער שטימונג. אַלע באַמיונגען זיינען געווענדעט געוואָרן דערויף, צוגעוווינען זיך צו טראַכטן וועגן זיך, ווי פון אַ מענטשן, וואָס שטייט מחוצן לעבן. און כ'האָב דאָס דערגרייכט ביז אַ געוויסער מאָס. קיין לעבן האָט נישט עקזיסטירט — דאָס גאַנצע לעבן איז געווען דער צוקונפטיקער טויט. בלויז דער געדאַנק וועגן טויט האָט דערנערט דאָס לעבן.

און דאַן, ווען דאָס גאַנצע וועזן, אַלע געפילן און געדאַנקען זיינען שוין געווענדעט, אַ דאַנק גרויסע אָנשטרענגונגען, אין אַ געוויסער זייט, אין מאָמענט פון העכסטער געשפּאַנטקייט און דערוואַרטן טאַקע די דאָזיקע זייט, — דרייט מען אייך ראַפּטום אויס, אָן אַ וואָרנונג, אין אַ אַנדערער. דער אומגעריכטער איבערגאַנג פון טויט צום לעבן איז אפשר נאָך שווערער, ווי פון לעבן צום טויט.

אָבער... דאָס לעבן איז דערהאַלטן געוואָרן אַלס „געשאַנק", מען מוז עס אויף עפּעס אָנווענדן!

## קאַפּיטל פערצן

אינדערפרי קומט אַראָפּ באַגריסן דער פּולקאָווניק (דער תפיסה־פאַרוואַלטער), אַ שיינענדיקער, אַ צעשטראַלטער.

— הערט אויס, פּולקאָווניק, אויב איר ווילט אויף אַן אמת עמיצן דערפרייען מיט דער דאָזיקער בשורה, — טעלעפאָנירט אָן דעם ברודער, אנישט וועלן זיי זיך דערוויסן וועגן דעם ערשט אין אַ דריי טעג אַרום.

צו מיין פאַרוואונדערונג האָט דער קאָמענדאַנט דערלויבט די דאָזיקע „אומגעזעצלעכע" האַנדלונג, און די קרובים האָבן טעלעפאָניש באַקומען די דאָזיקע ידיעה.

הויבסט אָן פונדאָסניי אָנצושטעלן דאָס לעבן אויף — לעבן. ווען דאָס ניי־געבוירן קינד וואָלט אַלץ באַגריפן און געקאָנט דענקען, וואָלט עס מסתמא איבערגעלעבט עפּעס ענלעכס. אָבער קיין לעבנס־פרייד איז נישט געווען. איין אומשטאַנד האָט אַריינגעבראַכט שטאַרקע חלוקי־דעות ביים אָפּשאַצן דעם באַקומענעם געשאַנק.

ד א ן איז רוסלאַנד נישט צוגעוווינט געווען צו עקזעקוציעס. אַן עקזעקוציע האָט אַלעמען גערדריקט, אויפגערודערט, איז געשטאַנען פאַר אַלעמען, ווי אַ לעבעדיקער פאָרוורף. און אַלע האָבן זיך געשעמט. ס'האָט זיך געשעמט די רעגירונג, וואָס האָט אויסגעפירט די עקזעקוציע, ס'האָט זיך געשעמט די געזעלשאַפט, וואָס האָט דערלאָזן צו דער עקזעקוציע און זיצט מיט פאַרלייגטע הענט, ווען אַנדערע קומען אום אויפן עשאַפאָט. דער טויטער קערפער פון עקזעקוטירטן איז געלעגן ווי אַ תהום צווישן דער געזעלשאַפט און דער רעגירונג. אויף דער לעצטער האָט געברענט דער שטעמפּל פון תליון, זי האָט אַרויסגערופן צו זיך האַס, פאַראַכטונג און עקל.

אָבער אַט ווערט די טויט־שטראָף פארביטן, עס ווערט „געשענקט" דאָס לעבן און די גאַנצע אומרויקע אַטמאָספער ווערט אַנטשפּאַנט.

אַלע הויבן זיך אָן פילן גוט. ערגיץ ווייט־ווייט פאַרפליט דאָס באַוווּסט־זיין, אַז די רוסישע רעגירונג איז דאָך געבליבן די זעלבע, וואָס געווען, אַז קיין איין זינד איז נישט אויסגעקויפט געוואָרן, אַז עס איז נישט פאָרגעקומען קיין שום זאַך, וואָס וואָלט געקאָנט ווייכער מאַכן די באַציונג צו דער דאָזי־קער רעגירונג.

דאָס איז איינס. אָבער דער דאָזיקער קאָנקרעטער פאַל האָט נאָך פאַר־מאָגט ספּעציעלע באַדינגונגען. דער פאַרראַט האָט געטראָגן אַזאַ כאַראַקטער, אַז ביי אַ „גוטן" ווילן האָט ער געגעבן אַ רייכן מאַטעריאַל צו דיסקרעדיטירן די טעראָריסטישע ריכטונג בכלל. געוויס, די געשיכטע האָט גענוג אויסגע־לערנט, אַז מען טאָר נישט גלויבן אויפן וואָרט די דערקלערונגען פון אַ פאַר־רעטער, און קיין איין געוויסנהאַפטער קעגנער וועט זיך דערמיט נישט באַ־נוצן. עס איז אָבער גענוג אויפהערן זיין „פּעדאַנטיש", מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מען גלויבט די פאַררעטער, — און אויף דער דאָזיקער קאַנווע קאָן מען אויסנייען וואָסערנע מוסטערן איר ווילט נאָר.

אַ ביישפּיל דערצו איז — באָברישטשעוו־פּושקין. אמת, אפילו די בור־זשואַזע געזעלשאַפט האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון אים. אמת, די אַדוואָקאַטי־שע קאָרפּאָראַציעס האָבן אים אויסגעשלאָסן פון זייערע רייען.

ווו זיינען אָבער די גאַראַנטיעס, אַז אַנדערע און פון אַנדערע לאַגערן וועלן דאָס נישט טאָן געשיקטער, מיט וויניקער ציטווייליקן שאָדן פאַר זיך און מער שאָדן — פאַר אונז?

די מורא, אַז דער פאַרראַט פון צוויי פערזאָן אין פּראָצעס, זייערע דורך די זשאַנדאַרן דיקטירטע טראַפאַרעטע דערקלערונגען וועגן דעם, אַז מיט זיי האָבן זיך באַנוצט די אָנפירער פון טעראָר — אויסבאַהאַלטנדיק זיך הינטער זייערע פּלייצעס — ווי מיט האַרמאַטן־פלייש, — וועלן נישט־געוויסנהאַפט אויסגענוצט ווערן, — האָט באַוויזן צו וועלן די עקזעקוציע: נישט יעדער איינער וועט זיך אַנטשליסן אַריבערצושפּרייזן איבער אַ טויטן קערפּער צו אַזעלכע צילן.

פון דער צווייטער זייט אָבער איז דאָס לעבן באַקומען געוואָרן אין אַזאַ מאָמענט, ווען אַלע אין דיר האָט געשריגן, אַז די שעה פון רוסלאַנדס באַ־פרייונג איז נאָענט, אַז דיר וועט באַשערט זיין צו זען די דאָזיקע באַפרייונג מיט די אייגענע אויגן. די מלחמה האָט זיך ערשט קוים אָנגעהויבן, און שוין האָבן זיך פאַרן לאַנד אַנטפּלעקט די אומהיימלעכע מכות פון אַלטן רעזשים, וועלכע דאָס פאָלק מוז באַגיסן מיט זיין אייגענעם בלוט. און דאָס, וואָס איז בריער פאַרבאָרגן געווען פאַר דער מערהייט, און קלאָר בלויז פאַר וויניקע, איז איצט אָפּגעדעקט געוואָרן און איז קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען.

און אפילו דער דאָזיקער פונדאַמענט, דער הויפּט־וואַלפיש, אויף וועלכן עס איז געשלאָפן דאָס איינגעליולעטע געוויסן פון דער פאָלקס־מאַסע — די מעכטיקייט און אומבאַזיגבאַרקייט פון רוסישן געווער — אפילו דער דאָזיקער מיסטישער מולך, וועמען דאָס לאַנד האָט גערנווויליק אָפּגעגעבן אַלץ, ביז זיין אייגן בלוט, האָט זיך אַ וואַקל געטון און איז צעשמעטערט געוואָרן אויף פּיץ־

פּיצלעך גלייך ביים ערשטן נסיון.

עס זיינען אַדורך אַ וואָכן דריי. מען האָט מיר געגעבן זעאונגען און אפילו פּערזענלעכע, און נישט דורך קראַטעס. כ'האָב אָנגעהויבן זיך באַזאָרגן מיט ביכער, גרייטנדיק זיך צו „לייענען". ס'האָט זיך לייכט געאָטעמט. ס'האָט געשיינט, אַז די תמיד־וואַכע מאַכט האָט פאַרגעסן וועגן מיר — דאָס גרעסטע גליק, וואָס אַן אַרעסטאַנט קאָן פאַרלאַנגען פאַר זיך. אַ ליאַרע טאָג האָב איך דערוואַרט מען זאָל מיך אַריבערפירן קיין שליסעלבורג. און פּלוצלינג, אין די ערשטע טעג פון אַפּריל, ווייזט מיר דער פּולקאָווניק — רויט־ווערנדיק, אַ פאַרשעמטער — אַ „פּאַפּיר". פּלעווע האָט פאַראָרדנט „אָפּצונעמען". וואָס? אַלץ! זעאונגען, קאָרעספּאָנדענץ, שרייב־געצייג, ביכער... מער איז נישטאָ וואָס אָפּצונעמען.

מען האָט צוגענומען — און תיכף בין איך ווי פאַרזונקען געוואָרן אין אַ תהום. שווער איבערצוגעבן, וואָס פאַראַ מאַנגל דאָס איז — דאָס פעלן פון ביכער. מיט אַלץ קאָן מען שלום־מאַכן, צו אַלץ קאָן מען זיך צוגעוווינען: צו איינזאַמקייט, צום פעלן פון שפּאַצירן, זעאונגען, קאָרעספּאָנדענץ, צו דער אַבסאָלוטער אָפּגעריסנקייט פון דער לעבעדיקער וועלט, צו אַ פינסטערער דירה, צו עקלדיקער דערנערונג, צו אַלץ, צו אַלץ, — כל־זמן עס בלייבט עפּעס אַ באַשעפטיקונג, עפּעס אַן אינטערעס צום לעבן. פאַר אַ מינימאַל־אינטעליגענטן מענטשן שאַפט דעם גרעסטן אינטערעס, נאַטירלעך, דאָס בוך. כל־זמן עס איז דאָ דאָס בוך — איז דאָ לעבן. אַן אייגנאַרטיק, איינזייטיק לעבן, אָבער דאָך — לעבן.

ווען מען לאָזט אייך איבער אין די פיר ווענט, און מען לאָזט אייך איבער נישט־צייטווייליק, נאָר אויף תמיד, ווען אַ חוץ די דאָזיקע פיר ווענט זעט איר גאָרנישט, באַקומט איר קיין שום איינדרוקן נישט; ווען אין משך פון אַ גאַנצן טאָג האָט נישט אייער גערדאַנק אין וואָס צו פאַרהעקלען זיך, ווען איר קענט זיך נישט זאָגן: אין דער און דער שעה וועל איך נעמען טאָן אָט־דאָס, ווען אייערע געדאַנקען פיקסירן זיך אַרום איין־איינציקער זאַך: וואָס זאָל מען דאָ טאָן? ווי אַזוי לעבט מען אָן אַ שום אַרבעט? און קיין שום זאַך קאָן נישט אָפּלענקען אייער געדאַנק אין אַן אַנדער זייט, — דאַן וועט איר שוין אין עטלעכע טעג אַרום אָנהויבן שפּירן, אַז אין קאָפּ ביי אייך קריכן אַרום ווי זשוקעס. שרעקלעך איז נישט דאָס, וואָס איר זיצט אָן אַרבעט דעם דאָזיקן טאָג. שרעקלעך איז דער כסדרדיקער, אומאָפּוועגדבאַרער געדאַנק, אַז די גאַנצע צייט וועט דאָך זיין אַזוי. איר זענט כסדר אַרומגעכאַפּט פון גרויל, אַז נאָכן היינטיקן טאָג וועט קומען פונקט אַזאַ מאָרגנדיקער, און נאָכן מאָרגנדיקן פונקט אַזאַ איבערמאָרגנדיקער און אַזוי אָן אַ סוף, אָן אַ סוף.

אָט דאָס איז טאַקע אויסגעדריקט אין דער ביבלישער קללה, וועלכע קאָן באַגריפן ווערן בלויז דורך די קרבנות פון רוסישן רעזשים: „און גאָט דיין האַר וועט פאַרשעלטן דיין לעבן: און דו וועסט אויפשטיין אינדערפרי און וועסט טון בעטן: אָ, זאָל שוין קומען אָוונט", און אָוונט־צייט וועסטו טון בעסטן: „אָ, זאָל שוין קומען דער מאָרגן!"

דערין באַשטייט דער גאַנצער אינהאַלט פון לעבן, אויף וועלכן עס איז פאַראורטיילט אַ מענטש, וואָס האָט נישט אין איינצל־אַרעסט קיין ביכער און

קיין פיזישע אַרבעט. עס שלעפּט זיך אַ טריבער, פיינלעכער, דריקנדיקער טאָג, מיט מי' דערוואַרט מען זיך אויפן בין־השמשות. וואַרפסט זיך אויף דער נאַרע, דער שלאָף וואָלט געקאָנט זיין אַן אויסלייזער. דער שלאָף קומט אָבער נישט, דער קערפּער און דער מאַרך האָבן אַ גאַנצן טאָג געפּוסט־און־פּאַסטעוועט און זיי נויטיקן זיך נישט אין שלאָף. די נאַכט גייט ווי־נישט־איז אַריבער אין אַ קאָשמאַרנער, שווערער האַלב־דימלעניש. איינס אַזייגער איז שוין ליכטיק און ווי אין אייביקייט ציט זיך דער צו־להכעיסדיקער ווייסער פּעטערבורגער פרימאָרגן. און אינדערפרי טראַכסטו מיט טרויער און יאוש: מען דאַרף שוין ווידער דורכלעבן אַ גאַנצן טאָג! אָבער ווי אַזוי?!... מיט וואָס פּילט מען אָן דעם ליידיקן שטח, דעם ריזיקן שטח פון 24 שעה?!...

דאָס אָפּנעמען ביכער איז די ראַפינירסטע, טייוואָלנישסטע טאָרטור. ס'איז אַ ספק, צי מען קאָן זי לאַנג איבערטראָגן אָן רעזולטאַטן: די צעשמעטערונג פון דער פּסיכיק איז אומפאַרמיידלעך.

אָבער אויך דערין איז דאָ עפּעס גוטס, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען. דער אַרעסטאַנט זעט, נאַטירלעך, קלאָר איין די גאַנצע זינלאָזיקייט פון דאַזיקן מיטל אפילו פון שטאַנדפּונקט פון רעגירונגס־„געזעץ". זיין זין קאָן זיין בלויז דער: דער אומגעהויערער כעס פון דער רעגירונג, דער ווילן צו געבן שפּירן דעם געבונדענעם פריינט איר שנאה, דער ווילן צו צעברעכן זיין ווילן און צווינגען צו בעטן רחמים.

די רעזולטאַטן זיינען אָבער קעגנזעצלעכע. אין דער נשמה קומט אויף אַ ווילדע שנאה און אַ עקלדיקע פאַראַכטונג צום דאַזיקן פאַרחיהשטן פאַרזעניש, וואָס אַנטפּלעקט פאַר דיר זיין טיפסטן וועזן אין די דאַזיקע קלייניקייטן. נישט נאָר דיין פריערדיקע באַציונג הויבט זיך נישט אָן צו וואַקלען, ווערט נישט מילדער, נאָר פאַרקערט: זי ווערט פאַרפעסטיקט און פאַרשאַרפט. מי טאָ בייזער פרייד צערייצסטו די אייגענע ווונדן, באַטראַכסט דאָס דאַזיקע פינסטערע, שטאָק־פינסטערע לעבן און מיט ברענענדיקער שאַדנפרייד קריצסטו מיט די ציין: „אַזוי גאָר, איר ווילט צעברעכן מיט אייערע טאָרטורן? נו, גוט, מיר וועלן זען, ווער וועמען עס וועט צעברעכן?"...

שווער, פיינלעך! אָבער דאָס, וואָס דו טראָגסט אַריבער דאָס דאַזיקע שווערע און פיינלעכע און האָסט קיין מורא נישט צו פאַלן, מאַכט לייכטער די פּיין און העלפט אַריבערטראָגן דעם דאַזיקן, ווי ס'שיינט, אומדערטרעגלעכן צושטאַנד.

און דו לעבסט איבער עפּעס אַ ווילדע הנאה און אַ טיפע באַפרידיקונג ביים באַוווסטזיין, אַז מען פּייניקט דיך, און דיין גייסט ווערט נאָך מער געהאַרטעוועט.

און נישט־ווילנדיק דערמאָנען זיך די פערזן פון שליסלבורגער מאָראָזאָוו:

„אויך אין תפיסה, ווו יאָרן
„זיינען לאַנג, אָן נחמה,
„וועט מען קיינמאָל נישט ברעכן
„אונזער פרייע נשמה!"

## קאַפּיטל פופצן

עס האָבן זיך געצויגן טעג, וואָכן, חדשים. אַרום יוני־חודש איז די פּעמטונג כמעט אויסגעליידיקט געוואָרן. עס זענען פאַרבליבן אַ 7—8 פערזאָן, און

די שפּאַצירן פלעגן פאַרענדיקט ווערן שוין צען אַזייגער אינדערפרי. אין דער נשמה פאַרגנבעט זיך אומרו. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? האָט דאָך די רעגירונג פרייוויליק נישט אויפגעהערט צו אַרעסטירן?! הייסט עס, אַז דער קאַמף ווערט שוואַכער? דער פּאַטריאָטישער טשאַד האָט אַרומגעכאַפּט די מאַסן און די רעוואָלוציאָנערן זענען געצוווּנגען צייטווייליק צו פאַרלאָזן די אַרענע פון קאַמף? צי דען האַלט רוסלאַנד אָפּ נצחונות?... דערוויסן זיך עפּעס איז אוממעגלעך, און טעג פליסן גרויע, מוטלאָזע, האָפענונגסלאָזע.

פאַרוואָס פירט מען מיך נישט אָפּ קיין שליסעלבורג? נישט שוין זשע וועט מען מיך דאָ האַלטן, אין 46-טן נומער? אָדער פלעווע גרייט עפּעס צו אַזוינס, צו וואָס מען קאָן זיך גאָרנישט דערטראַכטן?

אינצווישן — איין אומגליק ברענגט מיט זיך דעם צווייטן — האָט די פוס אַזוי שטאַרק גענומען ווי טאָן, אַז אין משך פון אַ חודש האָב איך זיך נישט געקאָנט רירן פון דער נאַרע*), אַזוי אַז אויך אויף די שפּאַצירן פלעג איך נישט אַרויסגיין. דאָס איינציקע, וואָס האָט געראַטעוועט פון דער אומדערטרעגלעכער איינטאָניקייט — זענען געווען די טויבן און שפּערלעך. מיט זיי האָב איך זיך אַזוי באַפריינדעט, אַז ס'איז גענוג געווען אַ פייף צו טון, זיי זאָלן זיך צונויפפליען פון אַלע זייטן, זיך אַוועקזעצן אויפן קאָפּ, אויף די אַקסלען, זיך קלאַמערן אין דער ברוסט, אין דער באָרד א. א. וו.

סוף יולי האָט די פעסטונג ווידער גענומען פול ווערן. (היות איך פלעג תמיד שפּאַצירן דער לעצטער, און די שפּאַצירן דויערן דאָרטן צו אַ פערטל שעה, אָנהויבנדיק פון 8 פרי, פלעג איך תמיד האָבן אַ מעגלעכקייט צו וויסן די צאָל אַרעסטאַנטן). הייסט עס, אַז די בוואָליע שטייגט ווידער — טראַכט זיך מיט פאַרלייכטערונג — און איך פריי מיך מיט די פריש־צוקומענדיקע עדות, וועלכע ווייזן דעם וווקס פון דער רעוואָלוציע.

דעם 29-טן יולי, אַרום 3 אַזייגער בייטאָג, האָט פלוצלונג אָפּגעהילכט

*) אין קיעוו, בעתן שמידן מיך אין קייטן, האָט מען צוליב אומפּאָרזיכטיקייט אַ קלאַפּ געטון מיטן האַמערל איבערן פינגער פון פוס. עס איז וואַרשיינלעך פאָרגעקומען אַ קליינער אינערלעכער בלוט־אויסגוס און אַ שטיקל צאָגל האָט זיך איינגעשניטן אין פינגער. די קייטן פלעגט מען נישט אַראָפּנעמען און אין משך פון פיר טעג האָט מען נישט געקאָנט זען, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. ביים אָנקום אין דער פעסטונג האָב איך קאָנסטאַטירט אַ קליינע געשווילעכץ, אָבער היות ווי אויף יענער וועלט גייט מען נישט צופוס, האָט דאָס מיך באַזונדערס שטאַרק נישט באַאומרויקט. ווענדן זיך צום דאָקטאָר איז געווען אומבאַקוועם: אַ מענטש שטייט פאַר דער תליה, נעמט ער גאָר היילן אַ פינגער. אַזוי איז פאַרביי אַ יאָר. ווען מען האָט ביי מיר אָפּגענומען די ביכער און איך האָב גענומען אַרומשפּרייזן איבערן צימער, פון ליידיקגיין, — ווי אַ חיה אין שטייג, האָט דער פינגער דערמאָנט וועגן זיך דורך אַ שטאַרקער און זייער פיינלעכער אָנטצינדונג. דער דאָקטאָר פון דער פעסטונג האָט געעצהט תיכף צו אָפּערירן, אָבער דער איינגעלאַדענער כירורג האָט פאָרגעלייגט אָפּוואַרטן אַ ביסל. דערנאָך האָט מען מיך איבערגעפירט קיין שליסעלבורג און דאָרט בין איך אַריינגעפאַלן אין די הענט פון נישט־אויפמערקזאַמען

א הארמאטן־שאָס. די סאלוט־שאָסן אין די קייזערלעכע טאבעל־טייג קומען פאַר געוויינלעך ארום צוועלף אזייגער; וואָס־זשע איז געשען? כ'הויב אָן ציילן די שאָסן: 33... 75... 101...: דער הארמאט שיסט ווייטער! דער העכסטער סאלוט איז 101 שאָסן, און דאָ נעמט גאָר קיין סוף נישט צו זיי. מיט אַן אָפּשטארבנ־דיקן הארצן האָב איך אָנגעצייל̇ט ארום 300. דער ערשטער געדאנק, פון וועלכן איך בין אינגאנצן קאלט געוואָרן: זיי האָבן אָפּגעהאלטן א גרויסן נצחון! און אזא גלענצנדן, אז איינמאָל אָנגעהויבן שיינען, קענען זיי שוין נישט אויפהערן פון שמחה.

און וואָס מער עס האָבן געדונערט די הארמאטן־שאָסן, פון וועלכע עס האָבן געציטערט די חפיסה־ווענט, אלץ פינסטערער און ווייטיקדיקער איז גע־וואָרן אויף דער נשמה: וואָס דאָרט זאָל נישט האָבן פאָרגעקומען — אויב ביי „זיי" איז א גרויסע שמחה, איז פאַרן לאַנד א גרויס אומגליק! איך הער זיך שאַרף איין, וואָס עס קומט פאָר אין קאָרידאָר. איך שטיי אָפּ שעהנווייז, צולייגנדיק דאָס אויער צו דער אייזערנער טיר, — אפשר וועל איך אויפכאַפּן כאָטש א וואָרט, כאָטש אַ קלאַנג, וואָס וועט אויף עפּעס מרמז זיין! עס פילט זיך, אַז עס איז פאָרגעקומען עפּעס אומגעריכטס, אָבער אַ חוץ דעם „קלאַנגלאָזן" פליסטער, וואָס איז קלאַנגלאָזער, ווי ווען־נישט־איז, גיט זיך גאָרנישט איין אויפצוכאַפּן.

דערנאָך איז אַנטשטאַנען עפּעס א טויטע, דערדריקנדיקע שטילקייט. כ'ליג אויף דער נארע און כ'מאָל זיך אויס, ווי אין יעדער צעלע ליגט איינער מיט דיזעלבע ציטערנדקע, אומרואיקע געדאַנקען, געפּייניקט פון דער פראַגע, איבער וואָס „זיי" יובלען, און ניטאָ קיין מעגלעכקייט דערוויסן זיך וועגן דעם.

כ'געדענק, דאָס איז געווען אַ פרייטיק. שבת האָט געזאָלט זיין אַ באָד. דעם פרימאָרגן־אוקראַפּ אויף טיי טראָגט מען פאַנאַנדער זיבן אינדערפרי, און דעם האַנטוך, וואָס ווערט אויף ביינאַכט צוגענומען, ברענגט מען אַ ביסל פריער. דער טורעם־זייגער שלאָגט אוים זיבן, האַלב־אַכט, אַכט — קיינער קומט נישט! האַלב־ניין — קיינער נישטאָ, בלויז אין קאָרידאָר עפּעס אַן אומ־רואיקער פליסטער און אַ לויפעריי. ערשט ניין אַ זייגער האָט מען אייליק גענומען פאַנאַנדערטראָגן דעם אוקראַפּ, דאָס וועש צו דער באָד און דאָס איבריקע. די פּנימער פון די זשאַנדאַרן— פאַרמאַטערטע, ווי נאָך א הוליאַנקע. הייסט עס, די געשעעניש איז אַזאַ פריידיקע, אַז די גאַנצע נאַכט האָבן זיי

און עם־הארצישן פעסטונגס־דאָקטאָר סאמטשיק. ער האָט זיך באַגרענעצט מיט כסדרדיקע אָפּעראַציעס — ער האָט דעם פינגער אויפגעשניטן נישט ווייניקער ווי 26 מאָל. שוין אין דעצעמבער 1905, ווען די קרובים האָבן זיך משתדל געווען אין פּאָליציי־דעפּארטאמענט וועגן צולאָזן א כירורג א ספּעציא־ליסט, האָט סאמטשיק געענטפערט, אַז דער קראַנקער פילט זיך גוט און ער וועט נישט איין די נויטיקייט פון א כירורג. צום גליק האָט מען מיך אין פעב־רואר אריבערגעפירט קיין מאָסקווע, אין בוטירקי. דאָרט האָט מען אראָפּגע־נומען דעם פולשטענדיק־פאַרקריפּלטן פינגער און אזוי ארום געראַטעוועט דעם פוס. דאָס צוהינקען איז פאַרבליבן ביז היינט.

דורכגעשכורט! אָבער וואָס?! און אפשר איז געבוירן געוואָרן בלויז א טראָנ־פּאַלגער?

איך קער זיך אום פון דער באָד — אין דער צעלע געפינט זיך דער פּולקאָוו־ניק. דאָס איז אַן אומגלויבלעכער פאָרמאַליסט, אַן אמתער פּראָנט־זעלנער, אָבער די גאַנצע צייט האָט ער זיך באַצויגן זייער גוט, און נאָך דער פאַר־אורטיילונג — גאָר באַזונדערס. זיין פּנים שיינט באַגליקט. עס איז קאָנטיק, מ'האָט גוט אריינגעגאָסן. „מען דאַרף גאָר ביי אים אַרויסקריגן" בליצט דורך אַ לאָקנדיקער געדאַנק.

— וואָס איז דאָס ביי אייך, איר האָט נישט ווי אהינצוטון קיין פּולווער וואָס איר האָט נעכטן געשאָסן אַ גאַנצן טאָג?

— און צוליב וואָס האָט מען געשאָסן, אַנו טרעפט? — פרעגט ער, ביטרע צווינקענדיק מיט איין אויג.

— ער וועט זאָגן צי נישט? מסתמא אָנפּליאדערן?

— סאיז קלאָר, אַ טראָנפּאָלגער איז געבוירן געוואָרן! — איבעראַש איך אים, און אַליין וואַרט איך, אַז אָט וועט ער אַ זאָג טאָן מיט שטאָלץ: גייט שוין, גייט! אַ נצחון האָבן מיר אָפּגעהאַ־אַ־אַלטן! אָט וואָס!

— ריכטיק! אויפן שכל זענט איר נישט געפאַלן.

— און איך האָב שוין גענומען קלערן: האָבן זיי אפשר אָפּגעהאַלטן אַ נצחון?

דער פּולקאָווניק האָט בלויז האָפנונגסלאָז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט...

אין אַ צוויי וואָכן אַרום, נאָך דער טויפונג פונם טראָנפּאָלגער, באַווייזט ער זיך ווידער אַ טריאומפירנדער.

— פּולקאָווניק, האָט איר באַקומען גרויסע חסדים פון מאַניפעסט?

— מיר האָבן גאָרנישט באַקומען, פאַר אייער איינעם אָבער איז דאָרט דאָ פארשידנס!

— וואָס איר רעדט, צי דען טאַקע אַזוי פיל?

זייער אַ סך! דער קאָמענדאַנט חלשט צו געבן אייך איבערלייענען דעם מאַניפעסט, אַליין אָבער, זעט איר, קענן מיר זיך נישט אַנטשליסן; מען וועט זיך מוזן פארשטענדיקן מיטן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט.

— רעדט דאָך ווערטער, האָט מען אפשר געגעבן אַ קאָנסטיטוציע אונטער פּלעוועס גאַראַנטיע?...

אין אַ פּאָר טעג אַרום אַן אומגעריכטער גאַסט: מאַקאַראָוו! ווייזט זיך אַרויס, ער איז געקומען באַגריסן: מאָרגן פירט מען אַוועק קיין שליסעלבורג. פון פרייד בין איך אים שיר נישט געפאַלן אויפן האַלז. דערנאָך האָט ער גע־נומען דערציילן וועגן די גרויסע חסדים: די אויסקויף־צאָלונגען האָט מען אָפּגעשאַפט, די קערפּער־שטראָפן האָט מען אָפּגעשאַפט, די פּאָליטישע האָט מען פארקלענערט די שטראָף־טערמינען, בקיצור, אַ גן־עדן!

— אויך קערפּער־שטראָפן האָט מען אָפּגעשאַפט? הייסט עס, אַז פון היינט אָן טאָר מען שוין נישט שמייסן לויטן געזעץ?

כ'האָב זיך באַמיט אַרויסצוקריגן עפּעס וועגן דער מלחמה — כ'האָב זיך אָבער גאָרנישט דערשלאָגן, — ס'איז אָבער קאָנטיק געווען „רימען זיך איז נישטאָ מיט וואָס."

מארגן קיין שליסעלבורג! ענדלעך! די פרייד איז אזא, ווי מען וואלט גע־מאלדן, אז מארגן וועט מען ארויסלאזן אויף דער פריי. איצט וועל איך, לכל הפחות זיך דערוויסן, וואס עס דערווארט מיך:*) כ'צייל די מינוטן, אט וועט מען אוועקפירן! עס גייט פארביי א טאג, עס פארגייען צוויי — קיין שום פאראָרדנונגען! ווידער ענדערונגען, טראכט איך מיט שרעק. אין עטלעכע טעג ארום קומט אראפ דער פאלקאָווניק און זאגט, אז מארגן וועט מען מיך אריבער־פירן — אזוי האט מען מודיע געווען, קיין פאפיר אבער איז נאך נישטא. עס פארגייט דער „מארגן" — ווידער גארנישט! עס זיינען פארביי נאך עטלעכע טעג. מען ברענגט מיר אראפ די קליידער און אלע זאכן: א באפעל איבערגעבן, אין האנט אריין, היינט, ווייזט אויס, וועט מען אוועקפירן. ווידער פארגייט א טאג נאך א טאג — נישט מען הערט און נישט מען זעט! אין דאזיקן פיינ־לעכן ווארטן זיינען פארגאנגען ארום דריי וואכן! אפילו די זשאנדארמען זיינען געווען אויסער זיך — אן אמתער סקאנדאל! א מענטש איז פאר זיי אלע אײנס,, ווי א — בוים!

ענדלעך, דעם 1־טן סעפטעמבער, פיר א זייגער ביינאכט, וועקט מען אויף: ביטע, מען איז געקומען צופארן! די זאכן זיינען שוין פון לאנג איינגעפאקט. כ'טו זיך שנעל אן, עס זאל זיך ווידער נישט מאכן קיין אפהאלט. מיר גייען. נו, אדיע, 46־טער נומער! מער וועלן מיר זיך נישט זען. כ'האב זיך ווארים צעזעגנט מיט מיט די זשאנדארן, מיט וועלכע איך האב זיך אביסל איינגעלעבט פאר דערדאזיקער צייט. מיר זיינען דורכגעגאנגען דורך א קארידאר פון זעלנער. ביים טויער — א קאטש. אן אפיציר, צוויי אונטעראפיצירן. — „פאר!" פינף א זייגער. דער ערשטער שפראץ פון סעפטעמבער־פרימארגן. מיר פארן צו צום האפן ביי דער פאלאץ־בריק. דארט שטייט א מלוכהשער דאמפער. די זשאנדארן באפן אונטער די ארעמס און מיט שמאלע טרעפ פירט מען מיך אריין אין א אונטערשטער קאיוטע. כ'ווארף אײליק דעם לעצטן קוק אויף פעטערבורג, אויף דער פעטראפאוולאווער פעסטונג, אויף די פאלאצן, וואס האבן זיך אויסגע־שטעלט קעגנאיבער איר. ערגעץ־ווו לאזט זיך הערן א סירענע. אדיע! אדיע!...

וועט נאך אמאל באשערט זיין דיך צו זען, דו אומגליקלעכע הויפט־שטאט פון אומגליקלעכן לאנד?...

---

*)דערנאך האב איך זיך דערוווסט, פארוואס מען האט ענדלעך באשלאסן מיך אריבערצופירן. ערשטנס, ווייזט זיך ארויס, זיינען דאן, לויט דער השגחהס ווילן, איבערגעשניטן געווארן די טעג פון אייביק־צו־געדענקענדיקן פלעווע. צווייטנס, ווען מען וואלט מיך איבערגעלאזן דא, וואלט מען, לויטן מאניפעסט געמוזט קירצן מיין טערמין און פון דער קאטעגאריע לעבנסלענג־לעכע איבערפירן אין דער קאטעגאריע פערצניאריקע; דאס איינציקע ארט, וואס איז ביי אונז אויסגעטיילט געווארן פון דער „ווירקונג" פון מאניפעסט — איז שליסעלבורג. דארט ווערן לויטן „געזעץ" די מאניפעסטן נישט אנגעווענדעט, א חוץ ספעציעלע אלערהעכסטע פאראָרדנונגען לויטן פארשלאג פון מיניסטער.

(סוף פון דער ערשטער טייל.)

# קאַפּיטל איינס.

אַ קליינינקע קאַיוטע פון אַ מלוכהשן דאַמפּער. ביי דער טיר — זשאַנדאַרן. אונטערן רעגלמעסיקן גערויש פון די כוואַליעס שטייט אויף — נישט ווילנדיק — די פאַרגאַנגענהייט פון דער דאָזיקער פינסטערער טאָרטור־קאַמער פון זעלבסטהערשאַפט.

שליסעלבורג איז געשאַפן געוואָרן אונטער דער הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, טאָלסטאָי און פּלעווע פאַר די „שווערסטע מלוכה־פאַרברעכער". ער האָט געדאַרפט פאַרבייטן טויט־שטראָף. אָבער פאַרבייטן אויף אַזאַ אופן, אַז די רעגירונג זאָל קיין היזק נישט האָבן. מיט אַנדערע ווערטער — באַזאָרגן זיך מיט אַ גענוג־גרוימען אַלעקסעעווער ראַוועלין, ווו אין די ערשטע צוויי יאָר איז מער ווי אַ העלפט אויסגעשטאָרבן, און די איבעריקע זיינען געלעגן האַלבנגעלאָז־קראַנק און צעבראָכן.

אין חודש אָקטאָבער פון 84־טן יאָר, אין טיפער נאַכט, איז פון פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג אָפּגעשוועמען אַ שוואַרץ־אָפּגעפאַרבטע באַרזשע, אַ צעטיילטע אויף קליינינקע שטייגן. אין די שטייגן האָט מען אַריינגעזעצט אין קייטן־געשמידטע „מלוכה־פאַרברעכער", צווישן זיי ל. א. וואָלקענשטיין און וו. נ. פיגנער. די באַרזשע האָט זיי אַריבערגעפירט אויף אַן אינזעלע, אַ באַוואַינטן בלויז דורך זשאַנדאַרן; פון די באַרזשע־שטייגן האָט מען זיי אַריבערגעפירט אין די תפיסה־שטייגן.

פולשטענדיקע איינזאַמקייט. שפּאַצירן צו דריי־פערטל שעה. נישט קיין ביכער, נישט קיין פיזישע אַרבעט. דאָס דורכקלאַפּן זיך איז פאַרבאָטן און ווערט שטרענג פאַרפאָלגט. די דערנערונג איז עקלהאַפט: קאַשע מיט זאַמד און שוואַרץ ברויט מיט זאַמד. נישט קיין זעאונגען, נישט קיין קאָרעספּאָנדענץ. און אַזוי אויף אַ גאַנץ לעבן. — צי קאָן אָבער לאַנג אָנהאַלטן אַזאַ לעבן? איז דען נישט בעסער אומצוקומען אין קאַמף, איידער פאַרפוילט ווערן לעבעדיקערהייט?

צווישן די אַרעסטירטע האָבן זיך געפונען די באַרימטע רעוואָלוציאָנערן מינאַקאָוו און מישקין, וועלכע מען האָט אַריבערגעפירט פון דער קאַרישער קאַטאָרגע פאַר אַנטלויפן. אַלס ערשטער הויבט אָן דעם קאַמף מינאַקאָוו. ער דערקלערט די חברים, אַז ער וועט באַליידיקן דעם דאָקטאָר, מען וועט אים משפטן, און אויפן פּראָצעס וועט ער דערציילן וועגן אומדערטרעגלעכן רעזשים. רוסלאַנד און אייראָפּע וועלן זיך אַריינמישן אין לעבן פון די אַרעסטאַנטן פון דער זעלבסטהערשאַפט.

צומאָרגנס האָט מינאַקאָוו אויסגעפירט זיין באַשלוס. די זשאַנדאַרן האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים, אַוועקגעשלעפט אין דער אַלטער תפיסה און מער האָבן

אים שוין די חברים נישט געזען. מען האָט זיך דערוווּסט, אַז מינאַקאָוו האָט זיך דערשלאָגן אַ געריכט, אָבער אַ רוסישן: עס זיינען געקומען צופאָרן צוויי אָפיצירן, געפרעגט ווי מען רופט אים, און ווען ער האָט געגומען רעדן וועגן דעם, פאַרוואָס ער האָט באַליידיקט דעם דאָקטאָר, האָט מען אים איבערגעריסן מיט דער באַמערקונג, אַז דאָס „גייט דעם געריכט נישט אָן".

פאַרטאָגס האָט מען אים דערשאָסן.

עס זיינען געפאָלן טעג פיינלעכע, האָפנונגסלאָזע, שווערע. אין עטלעכע חדשים אַרום באַשליסט מישקין: מינאַקאָוו איז טויט — לאָמיר גיין אין זיינע שפּורן; אפשר וועט דאָס העלפן. ביי דער אָוונט־קאָנטראָל וואַרפט מישקין אַ טעלער אין אויפזעער. עס וואַרפן זיך אַרויף אויף אים די זשאַנדאַרן און פירן אָפּ אין דער אַלטער תפיסה. מער האָט מען אים נישט געזען. אינגיכן האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ס'איז אים באַשערט געווען דער זעלבער גורל, וואָס מינאַקאָוון: עס זיינען געקומען צו פאָרן צוויי אָפיצירן, געפרעגט, ווי מען רופט אים; ריידן האָט מען אים נישט דערלויבט. פאַרטאָג — דערשאָסן.

אין גרויל פון איינזאַמקייט, פינסטערע געדאַנקען און אומרו פאַר די חברים, האָט מען באַשלאָסן אויסצופּרוּוון אַ צווייטן וועג פון קאַמף: דערשלאָגן זיך אַ פאַרבעסערטן רעזשים אָדער אויסגיין פון הונגער. די תפיסה האָט אויפגעהערט עסן. אויפן פינפטן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן קראַנקהייטן. צעבראָכענע, אָפּגעשוואַכטע, ליגן די איינזאַמע פאַרחלשט אויף די נאַרעס. עס זיינען פאַרגאַנגען 9 טעג. ווען די אַרעסטאַנטן האָבן שוין קיין כח נישט געהאַט זיך אָנטקעגנצושטעלן, האָט די תפיסה־מאַכט דערקלערט, אַז אויב זיי וועלן נישט נעמען עסן, וועט דער דאָקטאָר דערנערן קינסטלעך. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך אונטערגעגעבן.

עס זיינען פאַרגאַנגען טעג, חדשים, יאָרן. די פינסטערע שטילקייט פלעגט דאָ און דאָרט איבערגעריסן ווערן אַמאָל דורך יללות אַמאָל דורך געלעכטער.

דאָס זיינען געווען מטורפדע יללות און מטורפער געלעכטער פון משוגע־געוואָרענע חברים.

ביינאַכט, דורך אומרואיקן האַלב־דרימל, פלעגן די אַרעסטירטע איינהערן זיך — מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ פון שווערע פאַרגעפילן — צום אומקלאָרן גערויש, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט זיך הערן אין קאָרידאָר. ס'האָבן זיך געהערט פאַרגנבעטע טריט, אַ האַסטיקער פליסטער; מען פלעגט עפּעס אַרויסטראָגן פון די צעלעס.

דאָס פלעגן די זשאַנדאַרן אַרויסטראָגן די שנעל־אויסשטאַרבנדיקע קעמפער. גלייך אין די ערשטע צוויי יאָר זיינען געשטאָרבן פון זיי צוועלף פערזאָן! (מינאַקאָוו, קלימענקאָ, טיכאָנאָוויטש, מישקין, מאַליאַוווסקי, בוצעוויטש, דאָלגושין, זלאַטאָפּאָלסקי, קאָביליאַנסקי, איגנאַט, איוואַנאָוו, איסאַיעוו, נעמאַלאָוווסקי).

דער קאַמף — דער ליידנשאַפטלעכסטער, דער שאַרפסטער, דער אומקאָמפּראָמיסלעכסטער, — האָט כמעט נישט אויפגעהערט. מען האָט געלאָזן אין גאַנג אַלע מיטלען. אויף די קעפּ פון די אַרעסטירטע האָבן זיך געשאָטן אומאויפהערלעכע שטראָפן, אָבער די תפיסה האָט געקעמפט ביז די לעצטע כחות.

די רעגירונג האָט נישט קאַפּיטולירט. צוועלף טויטע אין די ערשטע צוויי יאָר און דריי משוגענע־געוואָרענע האָבן די אַלרוסישע זעלבסטהערשאַפט נישט

אַרויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט. נאָך דריי יאָר עקשנותדיקן, אָבער כמעט רע־זולטאַטלאָזן קאַמף, האָט איינער פון די אַרעסטירטע, גראַטשעווסקי, דערקלערט, אַז ער וועט גיין אין די שפּורן פון מישקינען און מינאַקאָוון — אפשר וועט דאָס איצט העלפן.

די זשאַנדאַרן האָבן געמסרט. גראַטשעווסקין האָט מען מיט געוואַלט אַרי־בערגעפירט אין דער אַלטער תפיסה און קיינער פון דער תפיסה־מאַכט פלעגט נישט אַריינגיין צו אים. זעענדיק, אַז דער וועג איז פאַרשפּאַרט, באַשליסט ער צו באַגיין זעלבסטמאָרד. אָבער די ביטרע מאַכט היט אים גוט, אָפּנעמענדיק יעדע מעגלעכ־קייט אויסצופירן דעם געפּלאַנטן זעלבסטמאָרד, האָט גראַטשעווסקי געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ באַרואיקטן.

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז דער אויפזעער, וואָס האָט געהאַלטן די שליס־לען ביי זיך, אַוועק אין געסט. די זשאַנדאַרן וואָס האָבן דיזשורירט ביי דער צעלע, זיינען פאַרנומען געווען מיט זייערע ענינים. האָט גראַטשעווסקי אויסגענוצט דעם מאָמענט, זיך געקליגט אַראָפּצונעמען דעם הויך־פאַרפעסטיקטן לאָמפּ, אָפּ־געגאָסן זיך און די נאַרע מיט נאַפט און אונטערגעצונדן. דער העלער פלאַקער האָט אַרויסגערופן אַ בהלה, אין דער צעלע אָבער האָט מען נישט געקאָנט אריינ־גיין, ביז עס איז געקומען דער אויפזעער, האָט זיך גראַטשעווסקיס קערפּער פאַר־וואַנדלט אין אַ פולשטענדיק - פאַרקוילעטער, הגם נאָך לעבעדיקער מאַסע. נאָך דריי שעה אומגלויבלעכע ליידן איז גראַטשעווסקי געשטאָרבן.

עס האָט געשיינט, אַז די קרעכצן פון פאַרברענטן גראַטשעווסקי זיינען דער־פלויגן צו די שטיינערנע הערצער פון די פּעטערבורגער זעלבסטהערשער. פון דאָרט איז אָפּגעגעבן געוואָרן דער באַפעל צו „לינדערן" די לאַגע פון די אַרעסטירטע. די ליידערונג איז באַשטאַנען דערין, וואָס אין די הויפּעלעך, ווו די אַרעסטירטע האָבן שפּאַצירט, האָט מען אָנגעשאָטן זאַמד, אַוועקגעשטעלט לאַפּאַטעס און דער־לויבט איבערשיטן דאָס זאַמד פון איין אָרט אויפן צווייטן. מען האָט אַרויסגעגעבן עפּעס מאָדנע - אַלטע ביכער, וואָס טויגן אויף גאָרנישט. ווי נישטיק עס זיינען נישט געווען די רעזולטאַטן, איז אָבער געווען וויכטיק דאָס, וואָס די רעגירונג האָט זיך צוריקגעצויגן. דער עקשנותדיקער קאַמף האָט נאָך אָנגעהאַלטן, אָבער דער ערשטער זיג איז שוין אָפּגעהאַלטן געוואָרן.

אין 1890־טן יאָר האָט מען קיין שליסלבורג געבראַכט סאָפיא גינזבורג. מען האָט זי געהאַלטן איזאָלירט, אין דער אַלטער תפיסה. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט זי זיך איבערגעשניטן אַן אַרטעריע און ווען די זשאַנדאַרן זיינען אַריינגעקומען אין איר צעלע, איז זי געלעגן אַ טויטע אין בלוט. דאָס איז געווען דאָס לעצטע בלוט, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אַלס קרבן דעם שליסלבורגער דעספּאָטיזם.

זייט מיטן פון די 90־ער יאָרן הויבט זיך אָן דער רעזשים צו פאַרבעסערן. דער צאַרישער רעזשים איז ווי מיד געוואָרן צו פּייניקן זיינע קרבנות. ביים טיגער זיינען ווי טעמפּ געוואָרן די ציין. דאָס איז אָבער פאָרגעקומען בלויז אַ דאַנק די אַרעס־טירטע.

די סיבות פון אַ מילדערן רעזשים זיינען אין דער אמתן געלעגן נישט אין דער פאַרקלענערטער אכזריות.

אין די 90־ער יאָרן איז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, ווי באַקאַנט, צייט־ווייליק אָפּגעשטאָרבן. די תפיסות זיינען געשטאַנען ליידיק. קיין „וויכטיקע" פאַר־

ברעכער זיינען בכלל נישט געווען. זייט דעם 90־סטן יאָר האָט מען אין שליסעל־בורג קיינעם נישט פאַרשפּאַרט און פּראָצעסן, וואָס זיינען „ווירדיק פאַר שליסעל־בורג", האָבן זיך נישט פאָרויסגעזען אויך אין דער צוקונפט. אינצווישן זיינען פון 48 אַרעסטירטע — 20 אומגעקומען, דריי זיינען געווען אומהיילבאַר - משוגע, צען האָט דערוואַרט פאַרשיקונג קיין סיביר, זיינען געבליבן אין סך - הכל פופצן מענטשן.

איבערלאָזן דעם אַלטן רעזשים — וואָלט געהייסן פאַרלירן אין משך פון עטלעכע יאָר אַלע אַרעסטאַנטן. פאַר שליסעלבורג איז אָבער באַשטימט געווען אַ בודזשעט פון 85 טויזנט רובל אַ יאָר און אַ גאַנצער שטאַב זשאַנדאַרן האָט געלעבט פון די צאַרישע קרבנות. די אַדמיניסטראַציע פון דער פעסטונג גופא, מורא האָבנדיק פאַר איר גורל, האָט זיך אָנגעהויבן משתדל זיין וועגן פאַרבעסערן דעם רעזשים, ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, וועגן אויפהאַלטן דאָס פון איצט־אָן פאַר זיי טייערע לעבן פון די לעבן־געבליבענע „אַרעסטאַנטן". אָט דאָס איז דער מקור פון דער רוסישער רעגירונגס - ווייכהאַרציקייט לגבי שליסעלבורג.

פאַר דער גאַנצער צייט פון שליסעלבורגס עקזיסטענץ (1884—1905), האָט מען אַהין געבראַכט 68 מענטשן; פון זיי זענען:

13 דערשאָסן און אויפגעהאָנגען געוואָרן אין די ווענט פון דער תפיסה 1);
4 זיינען דאָרטן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד; 2)
3 האָבן זיך דערשאָסן גלייך נאָכן באַפרייט ווערן; 3)
4 געפינען זיך אין צושטאַנד פון אומהיילבאַרער משוגעת 4)
15 זענען געשטאָרבן פון שווינדזוכט, צינגע און אַנדערע קראַנקהייטן אין די ווענט פון תפיסה; 5)
5 זענען נאָכן צעשטערן שליסעלבורג איבערגעפירט געוואָרן אין דער אַקאַטויער קאַטאָרגע;
1 איז געטויט געוואָרן בעת אַ מאַניפעסטאַציע אין וולאַדיוואָסטאָק; 6)

דער געמילדערטער רעזשים האָט אָנגעהאַלטן ביז 1902, ד. ה. ביז פּלעווע איז אַרויף אויפן טראָן. דער נייער רוסישער אַליינהערשער, אונטער וועלכן עס איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר שליסעלבורג, האָט באַטראַכט דעם גאַנצן רעזשים אַלס „אומגעזעצלעך", האָט צוגענומען אַלע דעראָבערטע פּריווילעגיעס און איינגעפירט „געזעצלעכקייט"...

---

1) מישקין, מינאַקאָוו, אוליאַנאָוו, גענעראַלאָוו אָסיפּאַנאָוו אַנדרעיושקין, שעוויריאָוו, שטראָמבערג ראָגאַטשאָוו, באַלמאַשאָוו, קאַליאַיעוו, גערשקאָוויטש, און וואַסיליעוו.

2) קלימענקאָ, טיראַנאָוויטש, גראַטשעווסקי און סאָפיאַ גינזבורג.

3) יאַנאָוויטש, פּאָליוואַנאָוו און מאַרטינאָוו.

4) פּאָכיטאָנאָוו, שטשאַדרין, קאָנאַשעוויטש און טשעפּעקין.

5) נעטשאַיעוו, איסאַיעוו, אַראָנטשיק, באָגדאַנאָוויטש, זלאַטאָפּאָלסקי, מאַלאָווסקי, בוצינסקי, בוצעוויטש, קאַביליאַנסקי, געלים, דאָלגושין, יורקאָווסקי, איגנאַטי איוואַנאָוו, נעמאָלאָווסקי און ליודוויק וואַרינסקי.

6) ליודמילאַ וואָלקענשטיין.

דער דאמפער האָט זיך דערנענטערט צו דער דאָזיקער ממשלה פון רוסישער געזעצלעכקייט.

## קאַפּיטל צוויי.

ארום 10 א זייגער אינדערפרי בלייבט דער דאמפער שטיין. מען הערט שטימען, שוין צוגעפאָרן, ווארשיינלעך. אן אָפיציר גיט פון הויבן א צייכן די אונטעראָפיצירן.

— ביטע!

עס טריפט א דין רעגנדל. דער הימל, פעטערבורגיש גרוי. אָט איז ער — שליסעלבורג! א דריקנדיקע אנגסט כאפט ארום ביי דער ערשטער דערנענטערונג צו אים.

דאָס איז זייער א קליינטשיק אינזעלע — פון א צוויי דעסיאטין, ווארשיינלעך; ער געפינט זיך דאָרט, וווּ די נעווא פליסט אַרויס פון לאָדאָזשער אָזיערע. פון אַלע זייטן ארומגערינגלט מיט הויכע ווענט. אין די ווינקלען — טורעמס. די ווענט — גרויע, מיט טונקעלע פלעקן — סמנים פון פייכטקייט און שימל — אומגלויבלעך טרויעריק. די לאָדאָזשער כוואַליעס קלאַפּן זיך בייז זייט לאַנגע יאָרהונדערטער אין די דאָזיקע ריזיקע מויערן! איבער די ווענט זעט מען בלויז קוימענס און דעם באגילדטן שפּיץ פון א גלאָקנטורם.

דער דאמפער גייט נישט צו צום סאמע ברעג. מען זעצט אייך אריבער אין א שיפל, וואָס איז פול מיט זשאנדארן. אויף א פּיטשינק שטיקעלע ערד, וואָס געפונט זיך לעבן טויער, זעט מען א גאנצע גרופּע זשאנדארמעריע־אָפיצירן. א ביסעלע ווייטער — איינפּאכע זשאנדארן. דאָס שיפל שווימט צו זיי. אַלץ איז איינגעהילט אין הארבסטיקן נעפּל.

דער אריינפאָר אין פעסטונג דערמאָנט א טונעל; דורך דעם אָפענעם טויער זעט מען א פינסטערן תהום. ביים טויער — זשאנדארן מיט ביקסן. איבערן טויער א צוויי־קעפּיקער אָדלער און א אויפשריפט מיט ריזיקע גאָלדענע אותיות: „דעם קייזערס", אַן אויפשריפט, וואָס איז, ווארשיינלעך, נאיוו געמאכט געוואָרן. אנשטאט „מלוכהשע"*) א קלייניקער, א נישט־ווילנדיקער פעלער, פון געאיילטקייט אפשר, אָבער ער דעקט אָפּ דעם גרויסן פעלער און גרויל פון רוסישן לעבן: „ל'עטא ס'ע מוא" — די מלוכה — בין איך!

א קליינער טעות, וואָס אנטהאלט אָבער אין זיך א גרויסן אמת און דריקט אויס דעם גאנצן אינהאלט פון שליסעלבורג: אַן אָרט, וווּ מען רעכנט זיך אָפּ מיט פּערזענלעכע שונאים.

ביים טויער באגעגנט א גאנצע ראָטע זשאנדארן און דורך אומענדלעכע שטיגן, קאָרידאָרן, קאזארמעס פירט מען אייך, ענדלעך, אריין אין אויפנאמצימער.

א וואונדערלעך געפיל כאפּט אייך ארום, ווען איר גייט אריין אין טויער, ריכטיקער: אין אָפענעם פינסטערן פּיסק פון דער דאָזיקער פעסטונג. אונטערן

ט

*) אין רוסיש קרובהשע ווערטער: „גאסודארעווא" (דעם קייזערס) און „גאסודארסטעיעננאיא" (מלוכהשע). (דער איב.).

אָפּהילך פון טריט, אונטערן קלאנג פון שווערדן, אונטערן קלונג פון שפּאָ. אנטפּלעקט זיך פאר אייך דער גאנצער חושך פון געהיימניספולקייט, וואָס הילט איין די דאָזיקע „קייזערלעכע" אָכראַנע, אלע גרוילן, וואָס מען האָט גע־הערט וועגן איר. עס שטייען אויף די שאָטנס פון די אומגעקומענע און די גע־שטאָלטן פון די, וואָס פּייניקן זיך דאָרט, און נישט־ווילנדיק ווילט זיך אייך פאלן אויפן פּנים פאַרן דאָזיקן ארט פון טרויער און ליידן, פאר דער דאָזיקער גלגולתּא פון דער רוסישער רעוואָלוציע — דער שטומער עדותטע פון דער הויבנדיקע טראַגעדיעס און העראָישע ליידן. —

ווי ביי די „הייליקע ווענט", — בליצט אויף אין מח א געדאנק, ארויס־רופנדיק איינעם פון די פארגעסענע איינדרוקן פון דער פריער קינדהייט — די דערציילונגען פון דער גרייז־גרויער באבען וועגן באַזוך פון אירן א פריינט, א יידישן זקן — ביי „די הייליקע ווענט פון הייליקן ירושלים".

„און ארום איז געווען שטיל, שטיל, פליסטערט איר זקניש קול, — און מיר, פארציטערטע, הערן זיך איין מיט אָפּגעשטאָרבענע הערצלעך. — בלויז גרויסע פייגלען שוועבן טרויעריק אין די וואָלקנס. טרויער אויף דער ערד און גאָט אין הימל! שטייט נחמן פאר די הייליקע ווענט. אָט באלד אין א צוויי טריט, — קינדערלעך, איז ירושלים, — אונזער הייליקער ירושלים...

און נחמן האָט גענומען פליסטערן א תּפלה, און זיינע פיס האָבן אָנגע־הויבן ציטערן, און ער האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, און פון זיין ברוסט האָט זיך ארויסגעריסן א קרעכץ... און דער דאָזיקער קרעכץ, קינדער, האָט אָפּגעהילכט איבערן גאנצן מדבר, און ער האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין די הייליקע ווענט און איז פארפליגן צום הימל. און די מלאכים האָבן אים אונטער־געכאַפּט און אוועקגעטראָגן צו גאָט. און נחמן ליגט, מיטן פּנים צו דער ערד, און נעמט זי ארום און באגיסט זי מיט זיינע טרערן. מיט טרערן, גרויסע, ווי פּערל. און פליסטערט, קוקנדיק אויף די הייליקע ווענט: „געליבט זאָל זיין גאָט אונזער פאָטער! כ'האָב געזען! כ'האָב געזען אונזער הייליקטום! כ'האָב נישט אומזיסט געלעבט!" און נחמן האָט גענומען אויף זיין ברוסט א ביסל הייליקע ערד, באנעצטע מיט זיינע טרערן, און איז אוועק"...

— „באבעניו, פאארוואָס האָט נחמן געוויינט?" — פרעגן מיר, קוים אָפּ־כאַפּנדיק דעם אָטעם.

— „קינדערלעך, דאָרט איז אונזער גאנצער רום און דער גאנצער טרויער אונזערער!"...

— „דאָרט איז אונזער גאנצער רום און דער גאנצער טרויער אונזערער", הילכט אָפּ ווי א ווידערקול אונטער די געוועלבן פון דער פעסטונג.

דאָס הארץ קלאַפּט שטארק און פריידיק אין שטאָלצן באַוווסטזיין, אַז אויף דיין טייל איז אויסגעפאַלן דער זעלטענער גליק אַריבערצושפּרייזן די דאָ־זיקע אימהדיקע שוועל, אַז הינטער דיר וועט זיך צוהאַקן די טיר אויף אייביק, און דו וועסט זיך געפינען הגם מחוצן לעבן, דערפאַר אָבער אויף איין שטיקל ערד מיט די דאָזיקע מוטיקע קעמפער..

אין אויפנאם־צימער, ווו איינע פון די שאַפעס איז באַצירט מיט א שאַר־בען — אלס עמבלעם פון שליסעלבורגער תּפיסה — נעמט מען ביי אייך אראָפּ די קליידער, מען טוט אויס אדם נאַקעט און מען הילט איין אין אַרעס־

טאַנטישע קליידער. די וועש ברענט און שטעכט, ווי מיט נאָדלען, דעם גאַנצן קערפּער. אין דער שווערער, ברייט־ און לאַנגער אַרעסטאַנטישער קליידונג פּילט מען זיך, נישט געוווינטערהייד, ווי אין אַ זאַק. ביז שפּעט אין אָוונט האַלט מען אייך דאָ און איר באַמיט זיך צו טרעפן, וווהין וועט מען אייך, ענדלעך, אוועקפירן און ווו וועט מען אייך „האַלטן". די זשאַנדאַרן פאַרלאָזן אייך נישט אויף קיין איין מינוט, שטומע, ווי סטאַטועס.

די צייט ציט זיך פּיינלעך לאַנג און אומדערטרעגלעך לאַנגווייליק. פון הויף דערטראָגט זיך דאָס סקריפּן פון אַ האַרמאָניקע און ווייטע קלאַנגען פון אַ ווווילעריש זעלנעריש לידל.

ווי מיט מעסערס שניידן אייך די דאָזיקע קלאַנגען, וועלכע ווירקן דאָ ווי אַ לעסטערונג — ווי מען זאָל נעמען טאַנצן אַ קאָמאַרינסקע אין צימער פון אַ טייערן טויטן. „צי דען זינגען זיי דאָ?" — פרעגט מען זיך מיט שטוינונג.

דרויסן נעמט ווערן טונקעלער. הערסט זיך צו צו יעדן שאָרך — אָט, אָט קומט מען נאָך דיר. אָבער אַלץ פאַרביי. אַ זייגער ניין אינאָוונט קומען אַראָפּ צוויי זשאַנדאַרמעריע־אָפיצירן: „אָנטון זיך"!

מיט מי ציט מען אַרויף דעם כאַלאַט, און די פיס ווערן פאַרלוירן אין די אומענדלעכע „שיך", אונטערגעשלאָגענע מיט ריזיקע, אומדערטרעגלעך־שטערנדיקע טשוועקעס. איר זענט שוין גרייט צו גיין, אָבער דאָ פאַרוואַרפט מען אייך אויפן קאָפּ אַ באַשליק, מען פאַרבינדט אים פעסט אַרום האַלז, די זשאַנדאַרן כאַפּן אונטער די אָרעמס און שלעפּן אייך ערגיץ־ווו...

עס איז שווער איבערצוגעבן דעם נידערשלאָגנדיקן איינדרוק, וואָס עס מאַכט דאָס דאָזיקע „גיין" מיט פאַרבונדענע אויגן און אַ פאַרבונדענעם מויל. דער איינדרוק איז נאָך פּיינלעכער דערפאַר, ווייל איר האָט קיינמאָל וועגן דאָזיקן מיטל נישט געהערט, ווייל פריער איז ער נישט פּראַקטיצירט געוואָרן, איר דערוואַרט אים נישט, איר באַגרייפט נישט זיין באַדייטונג און איר מאָלט זיך אויס, נאַטירלעך, אַלערליי גרוילן. אַ קעלער, טאַרטור־מכשירים, צעגליטע צוואַנגעס, דאָס פאַרמויערן אין אַ שטיינערנעם זאַק — אַלץ טראָגט זיך דורך פיבערדיק אין אייער פאָרשטעלונג.

איר פילט, אַז מען פירט אייך איבער שטיגן, אַרויף און אַראָפּ; דער נאָך גיט אַ ווייע אויף אייך פרישע לופט; איר גייט לאַנג איבער שטיינערנע פּליטעס, איר גייט אונטער געוועלבן, ווו די טריט הילכן אָפּ אויסערגעוויינלעך שטאַרק. פינסטערע קאָרידאָרן, ווו מען הערט דאָס קלאַפּן פון ביקסן. ווידער שטיגן. ווי איר וואָלט געניידערט אין אַ קעלער. מען הערט, ווי עס קנאַקט אַן אייזערנער טויער. איר שטופּט זיך דורך דורך שמאָלע דורכגענג. איר גייט, איר גייט, ווי אָן אַ סוף — און די גאַנצע צייט קלינגט אין די אויערן דער שווידערלעכער אָפּהילך פון אומצאָליקע טריט. איר אָטעמט אָפּגעהאַקט מיט פאַרשטיקטער לופט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אונטערן באַשליק. און די גאַנצע צייט בייטן זיך אין קאָפּ שנעל־שנעל געדאַנקען, דאָס גאַנצע לעבן שניידט זיך איין אין באַוווסטזיין, ווי זיגזאַגן פון אַ בליץ.

מיטאַמאָל הערט אַלץ אויף. איר באַמערקט קוים, ווי מען נעמט אַראָפּ פון אייך דעם קאַפּישאָן און עס פאַרפלייצט אייך העל ליכט. איר קוקט זיך

זוילד אַרום, זשמורענדיק די אויגן פונם ליכט, וואָס שניידט די אויגן, איר באַמיט זיך באַגרייפן, ווו איר געפונט זיך.

אַ קליינע צעלע. אַן אַרעסטאַנטישע נאַרע. אַ צוגעשרויפטע צו דער וואַנט, אַן אייזערן ברעט־טישל, אַריינגעפּאַסט אין דער וואַנט. אַ קראַטע: אַ באַקאַנט בילד. די גאַנצע מחנה זשאַנדאַרן שיט זיך אַרויס פון דער צעלע. עס קנאַקט דער שלאָס. איר בלייבט אַליין, איר הויבט אָן קומען צו זיך. אייער בליק גליטשט זיך איבערן צימער מיט אומרו און ציטער.

אָט איז ער, ענדלעך, דער שליסעלבורגער אַרעסט!

עס איז זיך שווער פאַרצושטעלן אפילו אומגעפער, ווו מען געפונט זיך:

צי איז דאָס אַ קעלער, אין וואָסער טייל פעסטונג געפינען זיך דאָ נאָך צעלעס, וואָס שטעלט פאַר מיט זיך די דאָזיקע געביידע — אַ שווערע רעטעניש.

אַ דערדריקנדיקע שטילקייט. מען הערט זי, מען שפּירט זי. ווי איר וואָלט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויף אַ טויטן אינזל. יעדע עטלעכע מינוט בלויז גנבעט זיך ווער שטיל, שטיל צו מיט ווייכע קעצישע טריט צום „אויגל", און שפּיאָנירט אייך.

נידערגעשלאָגן פון אַלדאָס איבערגעלעבטע און איבערגעפילטע, וואַרפט איר זיך אויף דער נאַרע, אָבער, נאַטירלעך, איר מאַכט מיט קיין אויג נישט צו.

אַלץ איז פאַרענדיקט — איר געפונט זיך אויף אַ שליסעלבורגער נאַרע! ווער איז געלעגן אויף איר פאַר אייך? ווער האָט איבערגעלעבט אויף איר די זעלבע געפילן? וואָסערע גרוילן האָבן זיך דאָ פאַנאַנדערגעוויקלט, אין די דאָזיקע פיר ווענט? פאַרמשפּטע צום טויט האָבן דאָ אפשר פאַרבראַכט די לעצטע נעכט? אפשר איז מען דאָ אַראָפּ פון זינען פון אומדערטרעגלעכער בענקשאַפט צום לעבן? אפשר האָט מען זיך דאָ פאַרברענט, אויפגעשניטן דעם האַלדז, אָפּגעגאַנגען מיט בלוט?... און איצט איז דאָ אויסגעקאַלכט, אויסגעפּוצט, און דו קומסט אָפּבייטן די אומגעקומענע, די אַרויסגעשלאָגענע פון דער ריי...

אָפּבייטן!... זאָל מען כאָטש אויסהאַלטן אויפן דאָזיקן נייעם, לאַנג־לאַנגן, אומאָפּבייטבאַרן פּאָסטן נישט ווייניקער מוטיק, אומקאָמפּראָמיסלעך, ווי זיי, די אַלטע וועטעראַנען, האָבן אויסגעהאַלטן!..

## קאַפּיטל דריי

שטיל. דורכן תּפיסה־פענסטער זעט מען אומקלאָר די אייזערנע קראַטע־שטאַנגען, וואָס גיכן זיך צונויף מיטן שוואַרצן, ווייכן חושך. עס דערטראָגן זיך אומבאַשטימטע קלאַנגען, זאָל זיין עפּעס אַ שאָרך, זאָל זיין דער ווייט־פאַרשטיקטער קרעכצט פון די לאַדאָזשער כוואַליעס, וועלכע צעברעכן זיך אין די פעסטונגס־ווענט? בלויז ערגיץ־ווו אינדערהויך *) הערט מען דייטלעך הילכיקע טריט, וואָס דאָ דערנענטערן זיי זיך, און דאָ דערווייטערן זיי זיך.

---

*) די פעסטונגס־ווענט זענען זייער ברייט — מען זאָגט, אַז ביי צען אַרשין. אינדערהויך איז איינגעאָרדנט אַ גאַלעריע, איבער וועלכער עס גייען אַרום אַהין און צוריק פיר באַוואָפנטע זשאַנדאַרן.

אונטערן דאַזיקן שטילן גערויש און דעם ווידערקויל פון טריט ווירקלט זיך פאַר אייך ווידער און ווידער אָפּ שליסעלבורגס עבר.

א קורצער, אָבער פינסטערער און בלוטיקער עבר.

עס גייען פאַרביי אין א לאַנגען צוג דער לאַנג־יאָריקער אומאויפהערלעכער קאַמף, די הונגעריקע, וואָס זיינען גרייט אומצוברענגען זיך, די דערשאָסענע, וועלכע האָבן דורך זייער טויט געשטרעבט צו פאַרבעסערן דעם גורל פון די פאַרבליבענע, די געהאָנגענע, פאַרברענטע, געשטאָרבענע פון בענקשאַפט און אויסשעפּונג, די משוגע־געוואָרענע, די לעבן־געבליבענע אונטערגעבראָכענע, — די דאָזיקע בלוטיקע טרויעריקע געשיכטע פון פעסטקייט און קאַמף פון איין זייט, פון מטורפער חיהשקייט און ווילדן צאָרן פון דער צווייטער.

געשפּענסטער, טויטע און לעבעדיקע, פילן אָן א גאַנצע נאַכט די צעלע, באַגריסנדיק דעם חבר אין זיין נייער וווינונג...

גאַנץ פרי עפנט זיך אויף דער לופטשיק: — אויקראָפּ! — מען דאַרף זיך אָנטאָן, דער קראַן געפינט זיך אין דער צעלע. דער קלאָזעט — אויך. ארויסגיין, הייסט עס, איז נישט נויטיק: פאַרויסזעעוודיק! אינדערהויך, אויף דער וואַנט, פונקט קעגנאיבער פענסטער, שטייט א שומר — א זשאַנדאַר.

אין א שעה ארום עפנט זיך די טיר, עס קומען אריין צוויי זשאַנדאַרן, שלאָגען צו צו דער וואַנט א געדרוקטע „אינסטרוקציע" פאַר די אַרעסטאַנטן פון דער פעסטונג — די רוסישע קאָנסטיטוציע, ווי מיר האָבן אין שפּאַס אָנגערופן די דאָזיקע כללים.

עס איז פאַרבאָטן צו ריידן, זינגען, פייפן, קלאַפּן, בכלל „מאַכן א וואָסער־נישט־איז גערויש".

מען מוז אומבאַדינגט אויספירן די פאָדערונגען פון שעף און פון די זשאַנדאַרמישע אונטעראָפיצירן.

פאַר קליינע חטאים — לויטן איינזען פון שעף — קאַרצער, קייטן, פינסטערער קאַרצער. פאַר גרעסערע — 50 שמיץ.

פאַר באַליידיקן עמיצן פון דער מאַכט און פאַר שווערע חטאים — טויט־שטראָף.

א רוסישער „בירגער" האָט נישט קיין סך רעכט. אָבער א מאָדנע געפיל באַפאַלט אייך ארום, ווען מען נעמט אראָפּ פון אייך די „פרייע קליידונג" און מען הילט אייך איין אין אַרעסטאַנטישן כאַלאַט, און גלייכצייטיק אויך אין אָפּיציעלער רעכטלאָזיקייט. „אַרעסטאַנט", „רעכטלאָז" — וויפיל מאָל רעדט מען ארוים די דאָזיקע ווערטער אויף דער פריי און מען טראַכט זיך גאָר נישט אריין אין זיין גרויליקן זין.

ערשט ווען מען פאַלט אריין אין די הענט פון דער „מאַכט", ווערט קלאָר זייער גאַנצע באַדייטונג. דיין עקזיסטענץ ווערט אָן אויפהער פאַרגיפטעט דורכן געפיל פון הילפלאָזיקייט, דורכן באַוווסטזיין, אַז יעדע מינוט קאָן זיך „פאַרקאָכן א קאַשע" צוליב א נאַרישקייט, צוליב דער קלענסטער קלייניקייט. דו באַגרייפסט אויסגעצייכנט, אַז אַלץ הענגט אָפּ פון דער תפיסה־אַדמיניסטראַציע.

וויל זי נישט אַרויסרופן קיין אינצידענטן, וויל זי נישט פאַרגיפטן דאָס לעבן פון די אַרעסטירטע — וועט אין תפיסה זיין שטיל און רויק. וועט זי זיך וועלן אויסדינען, פאַרגיפטן אייך דאָס לעבן, מאַכן אומדערטרעגלעך אייער נאַ־

קעטע עקזיסטענץ — קאָנט איר נישט ערב זיין, אַז צו יעדער צייט, קענען אייער ווילן, וועט איר באַוווסטזיניק נישט „פאַרקאָכן אַ קאַשע", וועלכע קאָן זיך ענ־דיקן מיט קייטן, קאָלבן־קלעפּ, דערשיסן, און אפשר נאָך מיט ערגערס... די קאַטאַרזשניקעס פאַרפאָלגט, ווי אַ קאַשמאַר, די עקזיסטירנדיקע באַשטראָ־פונג מיט שמיץ. מען קאָן אייך קערפּערלעך באַשטראָפן — אַט דאָס פילט איר תמיד און איר ווערט פאַרגליווערט פון שרעק!

געוויס, איר וועט זיך נישט לאָזן. געוויס, זיי וועלן אייך באַצווינגען בלויז אַלס האַלב־טויטן. אָבער כל־זמן איר געפינט זיך אין איינצל־אַרעסט, קאָנען זיי אייך סוף־כל־סוף באַצווינגען און דער דאָזיקער געדאַנק גיט אייך אַ לאַנגע צייט קיין רו נישט. מיט אומרו קוקט מען זיך צו די ערשטע אַ צייט צו די אַרומיקע זשאַנדאַרן. ווער זיינען דאָס — מענטשן צי חיות? מען באַמיט זיך צו באַאור־טיילן יעדן באַזונדער, זיך קלאָר מאַכן — פאַר וועמען דאַרף מען מורא האָבן און ווער עס איז — אומשולדיק.

עס פאַרגייען אַ טאָג דריי — איר זעט קיינעם נישט. פון דער צעלע פירט מען אייך נישט אַרויס און איר ווייסט נאָך אַלץ נישט, ווו איר געפינט זיך. אויפן דריטן טאָג, אַ זייגער צוועלף, עפנט זיך, ענדלעך, די צעלע: — „אויפן שפּאַציר!" — מען שלעפּט אַרויף ווי־נישט־איז דעם כאַלאַט; טשאַפּענדיק מיט די ריזיקע „שיך", קוים איינהאַלטנדיק דעם אומגעדולד, איילסטו זיך שנעלער צו זען וווהין מען האָט דיך אַריינגעזעצט. ווייזט זיך אַרויס — אין דער אַלטער תפיסה אָדער — אין לאָקאַלן זשאַרגאָן — „שטאַל".

דאָס איז אַ נידעריק, צו דער ערד צוגעדריקט געביידעלע, וואָס געפינט זיך אין דער ציטאַדעל (אַ פעסטונג אין דער פעסטונג), 15 טריט ברייט און 50 — לאַנג. מיט ביידע עקן שפּאַרט עס זיך אָן אין די ווענט פון דער פעסטונג. דער בנין איז זייער אַלט, אַמאָל האָט ער געדינט אַלס וווינונג פאַר דער וואַך פון יאָהאַן אַנטאָנאָוויטש, וואָס זיין צעלע געפינט זיך אויך דאָ. דער בנין איז דורכ־געפוילט, דורכגעזאַפּט מיט פייכטקייט און אַלערליי מיאוסן, אַזוי, אַז נישט גע־קוקט אויפן גאַנצן הייצן און פאַרבן, זיינע די ווענט פון מיין צעלע (דער סאַמע פינסטערער און פייכטער, ווייל ביים סאַמע עק און זי גרעניצט מיט דער אויסער־לעכער פעסטונג־וואַנט, וואָס קומט אַרויס אויף דע ראַזיערע) באַדעקט מיט שימל, אויף אַן אַרשין פון דיל, ווי מיט סאַמעטענע שפּאַלערן, און עס טריפט פון זיי ממש דאָס וואַסער.

אין דאָזיקן בנין געפינען זיך איינגאַנצן צען צעלעס. אַ קאָרידאָר מיט אַ נידעריקן פּולאָפ, וואָס ציט זיך דורך דער גאַנצער לענג פון בנין. אַ שוואַרצער שטיינערנער דיל. פון איין זייט קאָרידאָר געפינען זיך די צעלעס. אין קאָרידאָר הערשט אַן אייביקער האַלב־חושך. די לופט — אַ פאַרשטיקטע, אַ תפיסהדיקע.

שפּאַצירן פירט מען אויפן שטח — פון אַ טריט צען — צווישן „שטאַל" און דער פעסטונג־וואַנט. דער דאָזיקער שטח איז איבערגעטיילט אויף צוויי טיילן. אינמיטן — אַ שמאָל שטעגעלע פון אַ טריט צוואַנציק, ווו מען שפּאַצירט. אויפן צווייטן הויפעלע, פּונקט קעגנאיבער דעם פענסטער פון מיין צעלע, איז אויפגעהאָנגען און באַגראָבן געוואָרן סטעפּאַן באַלמאַשאָוו.

„שפּאַציר". צוויי זשאַנדאַרן אין הויפּל, איינער, מיט אַ ביקס, אויף דער

וואַנט. עס פאַרגייען פופצן מינוט — הערט זיך אַן אויסרוף: „ענדיקן דעם שפּאַציר!"

מיטן זעלבן וועג גייט מען צוריק. ביים צוריקקערן פון שפּאַציר אין תפיסה גיט די ערשטע צייט אַ יאָג אויף אייך די שווערע, טוכלע לופט פון קאָרידאָר. נאָך דעם נאָרמאַלן ליכט אויפן שפּאַציר, איז באַזונדערס דערדריקנדיק דער שווע־רער האַלב־חושך פון דער תפיסה. עס קומט אויס דורכצוגיין דעם גאַנצן קאָרי־דאָר, ביים סוף פון וועלכן עס געפינט זיך אַ שמאָל — פון אַ טריט צוויי—קאָ־רידאָרל, איינגאַנצן אַ פינסטערס; דורך אים קומט מען טאַקע אריין אין דער צעלע.

די אַרעסט־סיסטעם, מוז מען אנערקענען, איז וווּנדערבאַר פולקאָמען. די זשאַנדאַרן זיינען אויסדרעסירט און שפּיאָנירן איינע די צווייטע אַזוי ווייט, אַז עס געלינגט אייך נישט קיין איין מאָל אפילו איבערצובלייבן אויף עטלעכע רגעס אונטער פיר אויגן. אפילו דער קאָמענדאַנט, די זשאַנדאַרמישע אָפיצירן און דער דאָקטאָר האָבן קיין רעכט נישט אַריינצוגיין אין דער צעלע אָן דעם דע־זשורירנדן זשאַנדאַר. אין דער צעלע קומען פאָר אומאויפהערלעכע רעוויזיעס. קיין שום זאַכן זיינען דאָרט נישטאָ — אַלץ איז אויפן אויג.

פון דער לעבעדיקער וועלט דערטראָגט זיך נישט קיין איין קלאַנג. פאַרשטייט זיך: נישט קיין זעאונגען, נישט קיין קאָרעספּאָנדענץ, נישט קיין צייטונגען און זשורנאַלן און או. וו. קיין נאָמען האָט מען נישט. נומער אַזאַ און אַזאַ. און איר הויבט אָן אויסטערליש שנעל צו פאַרלירן די פאָרשטעלונג וועגן דער לעבעדיקער וועלט.די איינטאָניקייט פונם אַרום, — אַ איינטאָניקייט, וואָס איר וועט עס נישט באַגעגענען אין קיין שום תפיסה. דאָס געפיל אַז אין דאָזיקן אָרט וועט דורכגיין אייער גאַנץ לעבן, דאָס פעלן אפילו פון געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט איינצושטעלן וואָסערע־נישט־איז באַציונגען, דאָס באַוווּסטזיין, אַז מען מוז שלום מאַכן מיט דער דאָזיקער איזאָלירטקייט—דאָס אַלץ שאַפט אַ שטימונג פון אַזאַ אומגלויבלעכער אָפּגעריסנקייט, אַז גאָר אין קורצן הויבט איר זיך אָן שפּירן אינ־גאַנצן מחוצן לעבן.

קיינער נישט —אַחוץ זשאַנדאַרן. גאָרנישט — אַחוץ שטיינערנע ווענט. באַ־זונדערס פיינלעך און צעשטערנדיק ווירקט דאָס אויף דער פּסיכיק אין ווינטער־באַדינגונגען. אַלץ — דער הימל, די לופט, די ווענט, איר אַליין, די זשאַנדאַרן, — אַלץ איז באַדעקט מיט אַן איינטאָניקן גראָלעך־ווייסן קאָליר. אַלץ גיסט זיך צונויף אין איינס, אין אַ טויטע קאַטאָרזשנע־גראָע מאַסע.

און דאָס דאָזיקע געפיל פון לעבן־מאַנגל איז צייטנווייז אַזוי שטאַרק, אַז איר הויבט אָן אומרויק צו טראַכטן: — לאָז געמאַך — איז דען נישט אַ חלום דאָס אַלץ, וואָס שטעלט זיך דיר פאָר אין דער פאַרגאַנגענהייט? צי דען איז אויף אַן אמת געווען דאָס דאָזיקע לעבן, דער דאָזיקער קאַמף, די דאָזיקע טעטיקייט?.. איז דען נישט קיין חלום — די דאָזיקע אַלע מענטשן, די חברים, די פּאַרטייען?... נישט שוין־זשע איז דאָס אַלץ געווען?.. און טאַקע דאָ נישט לאַנג?... און אָט־אָ־דאָ, הינ־טער די דאָזיקע ווענט, פליסט באמת אַ לעבעדיק לעבן?... אָט דאָ, אין אַ צוויי טריט פון דאַנען, מען דאַרף זיך בלויז אַדורכקריגן דורך דער וואַנט און דער נע־וואַ?... אַן אמתדיק, לעבעדיק לעבן?...

— יאָ, אַן אמתדיק לעבעדיק לעבן, — פליסטערט אַ צווייטע שטימע, — און

פאַר דיר ווע טעם שוין קיינמאָל, קיינמאָל נישט עקזיסטירן... קיינמאָל! ס׳אַראַ
שרעקלעך וואָרט, ווען עס קומט נאָך אים — אויף אייביק! אָט דאָס דאָזיקע לעבן
— דאָס גרויע, דאָס טויטע — דאָס דאָזיקע איז איצט אויף אייביק...

און ווי דערשרעקנדיקע געשפּענסטער,ציט זיך אויס פאַר אייך אַ אומענדלעך־
לאַנגע רייע פון טעג, וואָכן, חדשים, יאָרן! עס באַפאַלט אייך אַן אימה און איר
נעמט אינגאַנצן ציטערן. גאָט מיינער, ווי גרויס איז די צאָל פון די דאָזיקע חדשים,
יאָרן!... און מען דאַרף זיי אַלע „דורכלעבן“, מען דאַרף זיי אַלע אויספילן. פינף!
צען! צוואַנציק! דרייסיק!... דרייסיק יאָר! נישט שוין־זשע? נישט שוין־זשע דריי־
סיק יאָר?...

דער כח־הדמיון הויבט אָן פיינלעך, קרענקלעך צו אַרבעטן, ער שטרענגט זיך אָן
פאָרצושטעלן זיך רעאַל די דאָזיקע דרייסיק יאָר, אַרומכאַפּן זיי מיט איין בליק. עס
וויקלט זיך פאַנאַנדער פאַר אייך אַ וועג — אַ שמאָל שטעגעל, וואָס פירט באַרג־
אַרויף. דאָס שטעגעלע ווערט אַלץ גרעסער, אַלץ לענגער און לענגער און איר זעט
פאָרויס אַזאַ אומגלויבלעכע ווייטקייט, אַז דער קאָפּ הויבט אייך אָן צו שווינדלען
און דאָס האַרץ דריקט זיך צונויף פון שווערמוט: — די גאַנצע? נישט שוין־זשע
מוז מען דורכגיין די דאָזיקע גאַנצע ווייטעניש? אָבער ווי אַזוי?
ווי אַזוי?!

ביסלעכווייז פאָרמירט זיך אויס די פאָרשטעלונג און דאָס געפיל פון
אַ שטיינערנעם קבר. אַלדאָס געוועזענע, פריערדיקע, עכטע זעט מען אין עפּעס
אַ ווייטן, אומקלאָרן נעפּל.

און וואָס מער די דאָזיקע פאַרגאַנגענהייט קומט אייך פאַר האָפנונגסלאָז־
פאַרלוירן, וואָס מער איר שפּירט זי אַלס עפּעס אַזוינס, וואָס איז געוועזן אין
ווייט־פאַרגאַנגענע צייטן, אַלץ עקשנותדיקער קערן זיך אום צו איר די געדאַנקען.
„דערינערונגען זיינען די בייטש פון אומגליקלעכן“, „אומגליקלעכע“— איז פאַר
אונז נישט קיין צוגעפּאַסט וואָרט; לאָמיר בעסער זאָגן — אַ בייטש פאַר די יע־
ניקע, וועמען עס איז גאָרנישט געבליבן אַ חוץ דערינערונגען. אַלדאָס פאַנגאַנ־
גענע ווערט באַדעקט מיט אַ ראָזערלעכן שלייער. די דערנער פאַרשווינדן, מען
פאַרגעסט וועגן זיי, און עס בלייבן —און מען גערענקט — בלויז די רויזן.
אָבער אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג! עס פאַרפאָלגן נישט נאָר דערינע־
רונגען פון קאַמף־און פאַרטיי־לעבן, ד. ה. נישט נאָר דאָס, וואָס עס האָט אויס־
געמאַכט דעם גאַנצן זין און אינהאַלט פון לעבן. צוליב דעם קאָנטראַסט־פּרינ־
ציפּ — אין קעלט, אין שטורעם, ווען אַלץ אַרום ווערט פאַרשאָטן מיט שניי,
ווען אין דער צעלע איז טונקל, אומעטיק, האָפנונגסלאָז - טויט, — פאַרפאָלגט
אייך דער ריח פון אַ סאָסנע־וואַלד, א פרילינג־אָוונט, אַ ברעג פון אַ טייך. עס
קומען אויף בילדער פון דער אומענדלעך־ווייטער, שוין־לאַנג פאַרגעסענער קינד־
הייט און דורך די אייזערנע שלעסער רייסט זיך דורך מעכטיק, אומבאַזיגבאַר דער
צערטלענדיקער פליסטער פון קוים־קוים פונאַנדערגעבליטן וואַלד און די זאָרג־
לאָז - קלינגענדיקע קינדהייט.

די געדאַנקען קערן זיך כסדר אום און שלאָגן זיך הילפלאָז אָן אין דער
פראַגע: — וואָס קומט פאָר דאָרטן, אין לאַנד? ווי האַלט עס מיט דער מלחמה? —
אַרעסטאַנטן זיינען ווי קינדער, זייערע שטימונגען זיינען קאַפּריזנע. דאָ איז דיר

קלאָר, ווי א ליכטיקער טאָג, אַז יאַפּאַניע מוז צעקלאַפּן די באַגנבעטע און דעמאָ־ראַליזירטע רוסישע ארמיי, און במילא דעם גאַנצן רעזשים. מען רעכנט אויס קלאָר, מאַטעמאַטיש, אַז דער דאָזיקער רעזשים קאָן אָנהאַלטן בלויז ביזן סוף מלחמה, און דערנאָך....

די העלע, באַצויבערנדיקע בילדער פון רוסלאַנדס באַנייונג ווערן אָפּגע־ביטן דורך שווערע געדאַנקען: אָט־אָ־דאָרטן — דערנעבן זיצן מענטשן שוין קרוב א פערטל יאָרהונדערט. און מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק, אַרייַנקו־מענדיק אַהער, האָבן זיי, זיכער, פּונקט אַזוי קלאָר זיך פאַרגעשטעלט און גע־גלויבט אין דער נאָענטקייט און אומפאַרמיידלעכקייט פון דער רעזשים־צע־שטערונג, ווי דו גלויבסט עס איצט. און אינצווישן האָבן זיך יונגעלייט פאַר־וואַנדלט אין זקנים, און דער דאָזיקער רעזשים האַלט זיי נאָך אַלץ איינגע־קלאַמערט אין זיינע אָרימס. ווו־זשע איז די גאַראַנטיע, אַז אויך מיר האָבן איצט נישט דעם זעלבן טעות, וועלכן יענע האָבן געהאַט דאַן?

געוויס, דער רעזשים איז פאַראורטיילט אויף טויט; געוויס וועט ער אומ־קומען, אָבער וואָסער באַדייטונג האָט אין דער געשיכטע פון א לאַנד א פערטל יאָרהונדערט?!...

כ'געדענק, איינמאָל, אין אָקטאָבער - נאָוועמבער, האָב איך געזעסן פאַרביי־גייענדיק דעם קאָמענדאַנט; ווי מען וואָלט מיך מיט א מעסער א שניט געטון: צום אַלטן מאַנטל זיינען געווען צוגענייט נייע קנעפּ מיט אדלערס.

עטלעכע טעג בין איך ארומגעגאַנגען, ווי א דערשלאָגענער; כ'האָב בשום אופן נישט געקאָנט לייזן די שווערע רעטעניש: צוליב וואָסער סיבה האָבן די זשאַנדאַרן באַקומען דעם „מלוכהשן הערב" אויף די קנעפּ. אויב מען האָט זיי געגעבן אַזאַ אויסצייכנונג, הייסט עס, אַז די זשאַנדאַרן זיינען אויפן פערד, — הייסט עס, אַז די פרייהייט איז, ווי פריער, אונטערן פערד. זעסטו, אַז די זשאַנדאַרן גרייטן זיך עפּעס צו פאַריכטן — פאַלט די נשמה ווידער אַראָפּ אין תהום. — הייסט עס, אַז זיי קלייבן זיך נאָך לאַנג עקזיסטירן, הייסט עס, אַז דער מאָרגנדיקער טאָג געהער נאָך נישט אונז, אויב זיי טראַכטן וועגן אים.

פאַרקערט ווידער, ווי נאָר דו דערזעסט אומעטיקע, אומרואיקע פּנימער, פאַרטראַכטקייט און אומזיכערקייט — פליט דער גייסט ווידער אין זיבעטן הימל, זעסט ווידער קלאָר איין, אַז רוסלאַנד מוז א ליאדע מינוט ווערן פריי און זי וועט זיין פריי. צען מאָל א טאָג בייטן זיך די דאָזיקע שטימונגען. דאָס גאַנצע לעבן פליסט אָפּ אין דער אומענדלעכער וועלט פון פאַנטאַזיעס און טרע־פונגען: דאָס אויסערלעכע לעבן איז באַגרענעצט מיט דער צעלע, דעם קאָ־רידאָר און דעם שטעגל פון 20 טריט אויף שפּאַצירן.

אַזוי אָדער אַנדערש — אָבער דאָס „לעבן" נעמט אָן געוויסע פאָרמען. עס איז שווער צו זאָגן: צי דו פּאַסט צו דאָס לעבן אָדער דאָס לעבן פאַסט דיך צו, — אָבער די צוזאַמענגיסונג קומט פאָר. גייסט אריין אין די ראַמען פון שלי־סעלבורגער לעבן, פון זיינע אינטערעסן און זאָרגן, פון זיינע פריידן און ליידן.

די פריידן און ליידן, באַזונדערס די פריידן, זיינען נישט תמיד פון גרויסן פאַרנעם. מען דאַרף אָבער זיין א „לעבנסלענגלעכער אַרעסטאַנט", כדי צו באַגרייפן, ווי אַזוי אַזעלכע קלייניקייטן שפּילן אַזאַ גרויסע ראָל אין לעבן פון אַרעסטאַנטן. און דערין ליגט טאַקע די גאַנצע טראַגעדיע!

למשל: וויפיל אומרואיקע טעג האָט מען איבערגעלעבט צוליב דער פראגע: וועט מען געבן אַ שטיקל זייף? און מיט וואָסער פריידיקער באַגייסטע־רונג רייסט איר דאָס ארויס פון זשאַנדארם הענט (באַמיענדיק זיך אויסצו־באַהאַלטן די דאַזיקע פרייד) דאָס ארויסגעגעבענע קליינינקע רייפעלע זייף. און ווען איר זייפט אָן מיטן באַקומענעם זייף די הענט און קוועלט פון דעם, וואָס אַזויפיל שמוץ פליסט אראָפּ אין שיסל, זעט דאָס לעבן אויס אַזוי לייכט... „נישט געדאַגהט, מען קאָן לעבן... אַז מ׳וויל זאָגן, איז עס גאָרנישט אַזוי שלעכט!"....

אָט איז אָבער צעריסן געוואָרן אַן אָניטשע; אין דרויסן איז קאַלט, די פיס פרירן אויפן שפּאַציר. און די דאַזיקע צעריסענע אָניטשע רופט ארויס אַ גאַנצע ריי פינסטערע געדאַנקען, דינט אַלס סיבה פאַר אַ סך טרויעריקע טעג.

די איינציקע לעבעדיקע באַשעפענישן, מיט וועמען מען פאַרקניפּט אַ פולשטענדיק - אומאייגננוציקע פריינטשאַפט, — זיינען די שפּערלעך און גאַלקעס. ווינטער־צייט, צוליב מאַנגל אין שפּייז, ווערן זיי אויסטערליש צוגע־לאָזט. אין משך פון עטלעכע וואָכן געוווינט מען זיי אַזוי צו צו זיך, אַז זיי עסן גלייך פון דער האַנט ארויס, זעצן זיך אויף די קני, אויף די אַקסלען און אַ. וו.

די דאַזיקע פריינטשאַפט וואָלט געקענט פאַרשטעלן אַ מאָדנע בילד פאַר אַ „באַאָבאַכטער פון הימל": הויכע, פעסטע ווענט, באַוואָפנטע זשאַנדאַרן און אין אַן ארעסטאַנטישן כאַלאַט אַ פאַרברעכער, וועלכער טיילט פרידלעך זיין מאָלצייט צווישן שפּערלעך און גאַלקעס...

## קאַפּיטל פיר

ביסלעכוויז געוווינט זיך דאָס אויער אויך אַזוי ווייט צו, אַז מען קלייבט זיך פאַנאַנדער אין אַלערליי קלאַנגען, וועלכע הערן זיך פון צייט צו צייט אין תפיסה. אַמאָל דערטראָגט זיך פונווייטנס אַ שוואַכער, פאַרשטיקטער קלאַנג פון האַמער־קלעפּ אויף אַ קאָוואַדלע. דאָס אַרבעטן, וואַרשיינלעך, די „אַלטע" ערגעץ־ווו אין אַ שמידעריי.

האָט מען, הייסט עס, ווידער געעפנט די וואַרשטאַטן?

און די שמידעריי איז אין דיינע אויגן דאָס העכסטע גליק. מענטשן האָבן מזל, טראַכט זיך ווען זיי נישט ווילנדיק מיט קנאה, פאַרשטעלנדיק זיך די דאַזיקע אַלטע לייט, וועלכע קלאַפּן מיט האַמערס צעגליט אייזן....

אוקראָפּ און מיטאָג טראָגן פאַנאַנדער זשאַנדאַרן און דערלאַנגען דאָס דורך טיר־לופטשיקלעך.

ווי זיי זאָלן זיך נישט באַמיען דורכצופירן דאָס אומבאַמערקט, ווערט סוף־כל־סוף קלאָר, אַז אין דער צעלע, וואָס געפינט זיך אין קעגנאיבערדיקן עק קאָרידאָר, געפינט זיך עמיצער. וואַרשיינלעך אַ קראַנקער, ווייל מען הערט, ווי דער דאָקטאָר גייט אַהין גאַנץ אָפט. ווער קען דאָס זיין?

נישט אַנדערש, ווי קאַטשורא, מאַכט מען אַן אויספיר.*) אין די ערשטע

*) שפּעטער, ווען שליסעלבורג איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, האָט מען זיך דערוווסט, אַז דאָרט איז געזעסן, זייט 1902, דער אומגליקלעכער טשעפּעגין,

טעג פון יאנואר איז דער אַרעסטאַנט פאַרשוואונדן. האָט מען אים אַמאָל ווידער נישט אַוועקגעפירט אין געריכט אַריין פאַר נייע דענונציאַציעס?!

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען שטאַרק גענומען באַהייצן די צוויי זייטיקע צעלעס, וועלכע געפינען זיך פון צווייטן זייט קאָרידאָר. — „פרישע אַרעסטאַנטן?", „קרבנות פון קאַטשוראַס דענונציאַציעס?" מען הערט זיך אויפמערקזאַם צו צום קלענסטן שאָרך, כדי נישט צו פאַרפאַסן דעם מאָמענט, ווען עס וועלן זיך באַווייזן די נייע קוואַרטיראַנטן, אויב עס ווערן טאַקע דער־וואַרט אַזעלכע.

דעם 29־טן יאנואר (1905) האָט זיך פון סאַמע פרי געלאָזט באַמערקן אַן אומגעוויינלעכע באַוועגונג: מען האָט עפּעס צוגעקלאַפּט, עפּעס אַרויסגעטראָגן, עפּעס גערייניקט. אַ גאַנצן אָוונט בין איך דורכגעשטאַנען, צוליייגנדיק אַן אויער צו דער טיר. אַ זייגער אַכט הער איך פּלוצלינג, ווי עס טראַסקען די אייזערנע שלעסער פון דער אַריינגאַנג־טיר. אין עטלעכע מינוט אַרום — אַן אָפּהילך פון טריט און דאָס קלאָר זיך־אויסטיילנדיקע קלאַפּן פון די אַרעסטאַנטישע שיך אין שטיינערנעם דיל. דערנאָך ווערט אַלץ שטיל; מען הערט, ווי די צעלע ווערט פאַרמאַכט און ווידער טריט, וואָס דערווייטערן זיך. אין אַ פופצן מינוט אַרום די זעלבע געשיכטע. הייסט עס, אַז צוויי האָט מען געבראַכט. אָבער וועמען? איז דאָס אַן אָפּרעכנונג פאַר אַלטע מעשים אָדער פאַר פרישע? מאַכסט אַלערליי אָנשטרענגונגען, כדי כאָטש אומגעפער צו דערגיין, ווער זיינען דאָס די נייע אַראָפּגעבראַכטע, — אָבער אַלץ איז אומזיסט.

די צייט שטייט נישט. קיין שום ידיעות, קיין שום ענדערונגען אין דער לאַגע. ס'האָט אַ ווייע געטון מיט ווארעמקייט. דער שניי האָט אָנגעהויבן צעגיין. די ריזיקע בערג שניי, וועלכע האָבן פאַרנומען דאָס גאַנצע הויפל, ווערן גרוי און קלענער. די שפּערלעך צוויטשערן אויף וואָס די וועלט שטייט פּאָרוויז. שוין אַ יאָר נאָכן געריכט. מאָדנע! האָפנונגסלאָז לאַנגזאַם ציט זיך דער הוה, ד. ה. דער הייינטיקער טאָג. אָבער דער דורכגעלעבטער ווערט פאַרזונקען ווי אין אַ תהום. און קוקנדיק הינטער זיך, פרעגט מען זיך נישט־ווילנדיק: „נישט שוין זשע איז אַדורך אַ יאָר?"

וואָס מער עס דערנענטערט זיך דער פרילינג, אַלץ עקלהאַפטער און אומ־דערטרעגלעכער ווערט אין דער צעלע. די ווענט זיינען שוין אינגאַנצן נאַס, און אפילו די אייל־פאַרב, מיט וועלכער עס איז באַדעקט דער אונטערשטער טייל וואַנט, איז צעווייקט געוואָרן אין אַ קלעפּיקער, גליטשיקער מאַסע.

די פייכטקייט איז אַזוי שטאַרק, אַז דאָס זאַלץ אין זאַלצמעסטל צעגייט. דאָס הייצן העלפט נישט. ווי לאַנג וועט מען מיך דאָ האַלטן? אינטערעסאַנט, אַז אַפילו אין טאָלסטאָיס צייטן האָט די „שטאַל" געדינט בלויז אַלס קאַרצער. אין די פינסטערסטע צייטן פון שליסעלבורג האָט מען דאָרט קיינעם נישט גע־האַלטן מער ווי 2—3 וואָכן. פּלעווע האָט פאַראָרדנט די ניי־אָנגעקומענע צו האַלטן אַ שטיקל צייט אין פורגאַטאָריום. אָבער ווי לאַנג — דאָס ליגט נאַטיר־

---

וועלכער איז תיכף צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן. ער איז קראַנק געוואָרן: עס האָט זיך אַנטוויקלט צינגע און אַ שטילע משוגעת. איצט, זאָגט מען, האָט מען אים אַריבערגעפירט אין וואַלאַמער קלויסטער.

לער, אין דער מאכט פון פאליציי־דעפארטאמענט.

צי וועט באשערט זיין צו זען די „אלטע“? אויב מען האט אויף זיי אנגע־ווענדעט דעם מאניפעסט פון 11־טן אויגוסט 1904 (און ס'האט אויסגעזען אוממעגלעך, מען זאל אים נישט אנווענדן אויף מענטשן, וועלכע זיינען אפגע־זעסן העכער 20 יארן), — דארפן זיי שוין אלע דא נישט זיין, און אין שליסעל־בורג האט געקאנט פארבלייבן בלויז איין „אלטער“ — קארפאוויטש.

מיט די זשאנדארמישע אונטעראפ־צירן האב איך געלעבט בשלום, אבער דערוויסן זיך האב איך פונדעסטוועגן גארנישט געקאנט. ס'האט זיך געוואלט דערגיין בלויז איינס: איז פארט־ארטור געפאלן צי נישט? מיט קיין שום כיט־רעקייטן איז נישט געלונגען ארויסצוקריגן די ידיעה. ערשט זומער איז געלונגען אפצופרייערן איינעם פון די „קריגער“. ס'איז געווען א הייסער יום־טובדיקער טאג. די זשאנדארן האבן נאר וואס געהאט איבערגענומען די דזשור. געווען, ווי ס'שיינט, צוגאסט און ווייך געווארן ווי פוטער.

די שטימונג — א גוטמוטיקע. מיר געפינען זיך — „אויפן שפאציר“. די שפערלעך האבן זיך פארקליבן אין א קוסט און צוויטשערן.

— קום, לאמיר כאפן, — זאגט איינער. ער לייגט זיך אויפן בויך און זיך גנבענענדיק, וויל ער אומבאמערקט צוקומען צו א פייגעלע.

— אייך — זאג איך — וואלט מען גאר באדארפט באשטימען אויף קורא־פאטקינס ארט; איר וואלט א כאפ געטון דעם יאפאנטשיק, ווי א שפערל, א?

— לאכט נישט, מ'עט אפשר באשטימען. די שטעלע איז פאר מיר ווי אנ־געמאסטן!

— נו, איצט איז שוין שפעט. קוראפאטקין האט פארט־ארטור פארשפילט, ארויסהאקן פון דארט דעם יאפאנטשיק וועט שווין נישט געלינגען, וואס?

— וואס הייסט פארשפילט? צי דען איז קוראפאטקין שולדיק, אז מען האט אים קיין זעלנער נישט צוגעשטעלט? די יאפאנער האבן אלץ אונטער דער נאז, אבער אונזערע — איידער מען האט זיך דערקליבן, האט מען שוין געמוזט אפגעבן די פעסטונג, — פארטיידיקט דער אונטער־אפיציר דעם כבוד פונם מיליטער.

— נו, נארישקייטן! סטעסעל האט זיך אונטערגעגעבן, — דערויף איז ער דאך א גענעראל; און איר וועט ווידער אפנעמען, — בארויק איך אים, און אליין ציטער איך אינגאנצן: פארט־ארטור איז געפאלן!!...

צוויי נצחונות: איינעם האב איך אפגעהאלטן איבערן רוסישן זשאנדאר, דעם צווייטן האבן די יאפאנער אפגעהאלטן איבערן רוסישן אומבאזיגבארן חייל; און ביידע הייבן די שטימונג אויף א לאנגע צייט. איז געפאלן פארט־ארטור — וועט פאלן די זעלבסטהערשאפט, — אט דאס איז דער לייט־מאטיוו פון מיינע געדאנקען. צום באדויערן איז מער גארנישט געלונגען צו דערגיין, ווייל די זשאנדארן האבן זיך, ווארשיינלעך, געכאפט, אז זיי האבן זיך געלאזט ארייננארן און קיין שמועסן וועגן דער מלחמה האבן זיי נישט אונטערגעהאלטן. עס איז בלויז געלונגען צו דערגיין, אז די מלחמה איז נאך נישט פארענדיקט און „שטאלצירן איז נישטא מיט וואס“.

דאס שליסעלבורגער לעבן גופא וועל איך נישט באשרייבן: וועגן דעם הא־

בען שוין גענוג געשריבן קאמפעטענטערע מענטשן פאר מיר. איך וועל באריר(ן) בלויז דאס, וואס אנדערע האבן נישט געקאנט באריר(ן).

וואס ווייטער בין איך אלץ .ואומרויקער געווארן: וועט מען אלעמאל אריבערפירן אין דער נייער תפיסה אדער מען וועט מיך דא, אין פורגאטאריום פון גהינום, האלטן ביזן סוף כל הדורות אדער... ביזן סוף פון דער זעלבסטהערשאפט? זינט דעם אורטייל איז שוין אריבער העכער א יאר, און מען האט געשמועסט, אז נאכן אפלויף פון דאזיקן טערמין וועט מען אריבערפירן אויף נארמאלע באדינגונגען. דערווייל אבער הערט מען דערפון גארנישט.

## קאפיטל פינף

סוף יולי באווייזט זיך אומגעריכט אין מיין צעלע דער קאמענדאנט און, עובר זייענדיק אויף אלע כללים*), שיקט ער ארויס דעם דעזשורנע זשאנדאר, די טיר פארמאכט זיך און דער קאמענדאנט דערציילט מיר גאנץ פארטרוילעך פאלגענדע געהיימניספולע געשיכטע.

— מען האט מיר מודיע געווען — דערווייל נאך געהיים, — אז דער פאליציי־דעפארטאמענט זאל זיך האבן דערוווסט וועגן א בריוו, וואס איר האט איבערגעשיקט פון דאנען. עס פירט זיך אן אויספארשונג. געוויס, איר קענט מיר גארנישט ענטפערן, פונדעסטוועגן האב איר באשלאסן דירעקט פרעגן ביי אייך, כדי איך זאל וויסן, ווי אזוי אומגעפער זיך צו האלטן...

— פולקאווניק, ביי אנדערע באדינגונגען וואלט איך אייך, נאטירלעך, גארנישט געענטפערט, איצט אבער קען איך אייך זאגן: פאר מיר איז קלאר, אז דאס זיינען אינטריגעס פון פלעווען און פון פאליציי־דעפארטאמענט. כ'האב צום באדויערן, קיין שום בריוו נישט געשיקט. מען וויל פראסט־פשוט עפעס צוטראכטן כדי צו האבן די מעגלעכקייט „אלם שטראף“ צו האלטן ווייטער אין דער דאזיקער שטאל... דאס פאסט זיך פאר פלעווען.

— יא, דאס איז געווען א גרויסער יעזואיט, — האט זיך ביים קאמענדאנט ארויסגעריסן.

„געווען?!“ — אין קאפ האבן גענומען ארומלויפן אומרויקע געדאנקען: כ'פיל, אז דער קאמענדאנט האט אויסגעפלוידערט און איצט פילט ער זיך זייער שלעכט; צי וועט געלינגען עפעס זיך דערוויסן? כ'מאך אן אנשטעל, אז איך האב נישט געלייגט קיין אכט אויף זיינע ווערטער. מיר האבן פארפירט א שמועס וועגן דער קוריאזער געשיכטע מיטן בריוו1), וועגן קוריאזן בכלל, מיר זיי־

---

*) לויט דער אינסטרוקציע האט קיינער קיין רעכט נישט צו בלייבן מיטן ארעסטאנט אין דער צעלע אונטער פיר אויגן.

1) איך האב באמת קיין שום בריוו נישט איבערגעגעבן. אמת, שפעטער, שוין אין בוטירקי, האב איך זיך דערוווסט, אז אין דעצעמבער 1904 האט מיין פעטערבורגער ברודער געפונען אינדערפרי ביי זיך אין בריוו־קעסטל א קאנווערט מיט א צעטעלע: „אייער ברודער ג. א. שיקט א הארציקן גרוס. ער געפינט זיך אין שליסעלבורגער פעסטונג. פילט זיך גוט און מונטער. זייט רויק“. — די קרובים, וועלכע האבן אין פאליציי־דעפארטאמענט נישט גע־

נען איבערגעגאַנגען צו די מיניסטאָרן, און כ׳גיב, אגב אורחא, אַ פרעג: מיניס־טער פאַר אינערלעכע ענינים איז דאָך שוין איצט נישט פּלעווע?

דער קאָמענדאַנט האָט גענומען פּלאָנטערן מיט דער צונג, דאָך האָט ער געזאָגט:

— „יאָ, איצט איז שוין אַן אַנדער אויף זיין אָרט".

— און פּלעווע האָט באַקומען אַן אַנדער אַמט?

— יאָ, איר ווייסט דאָך, ווי געוויינלעך... ער איז, דאַכט זיך, אַוועקגע־פאָרן קיין אויסלאַנד...

דער קאָמענדאַנט איז אַוועק; און פאַר מיר זיינען אָנגעקומען טעג, פול מיט ברענענדיקן ״אומרו... „פּלעווע איז אַוועק!"

דער דאָזיקער קלאַפּ פאַר דער פּאַרטיי האָט אויסגעזען צו זיין אומגעהויי־ער שווער. דער מענטש, וועלכן דאָס גאַנצע לאַנד פאַרשעלט און האַסט, די פאַרקערפּערונג פון דעספּאָטיזם און געוואַלט, פון אומפאַרשעמטן איזדעקעווען זיך איבער די בעסטע געפילן פון פאָלק, — דער דאָזיקער מענטש איז אַוועק און אַלע זיינע פאַרברעכנס וועלן בלייבן אומבאַשטראָפט!..

זיין לעבן האָט געשיינט צו זיין אַ באַליידיקונג פאַרן געזעלשאַפטלעכן געוויסן און אַ אייביקער פאָרוואורף דער פּאַרטיי...

אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען עס האָט זיך נאָך נישט געהאַט איינגע־שטילט דער דאָזיקער אומרויקער צושטאַנד, האָב איך באַקומען, מיט דער דער־לויבעניש פון קאָמענדאַנט — דעם „לאַנדווירטשאַפטלעכן זשורנאַל „כאָזיאַ־אין" פאַרן 1904־טן יאָר".

אַ פרישער זשורנאַל!!!*)

אין דער ערשטער מינוט האָט זיך אַלץ אין קאָפּ אויסגעמישט. די הענט ציטערן, וואַרפסט זיך פון איין נומער צום צווייטן, ווי דו זאָלסט וועלן פאַר־שלינגען אַלץ מיטאַמאָל. לייענסט נישט ווערטער, אפילו נישט קיין שורות, נאָר גאַנצע זייטן. פאָרט־אַרטור איז געפאַלן! נאָך דורכפאַלן... באַנקעטן... דער־קלערונגען... פּראָטעסטן... פרילינג! עפּעס אַ פרילינג איז אָנגעקומען!!! דער „אוקאַז" פון 12־טן דעצעמבער... דערויף ענדיקט זיך עס...

אַזוי גאָר! איז טאַקע די דאַמבע פאָרט אַראָפּגעשווענקט געוואָרן! פאָרט אַראָפּגעשווענקט!..

דער זשורנאַל איז אַ ספּעציעלער, אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער. בלויז אין ענגעלהאַרדטס גיפטיקע איבערזיכטן באַמי איך זיך אַרויסצופישן עפּעס. וואָס איז פאַרבאָטן פאַר שליסעלבורג. ווו איז פּלעווע? וואָס איז מיט פּלעווען?!..

ענדלעך, אין עפּעס אַ נאָטיץ געפין איך, פאַרבייגייענדיק, אַ פראַזע: „די טרויע־

---

קאָנט דערגיין אפילו ווו איך געפין מיך און צי כ׳לעב, האָט דאָס דאָזיקע צע־טעלע פאַרשאַפט אַ סך פרייד און רו, אָבער איך האָב נאָך היינט קיין אַנונג נישט, ווער עס איז געווען דער דאָזיקער פריינט. ער האָט געטאָן אַ גוטע זאַך, ווען עס וועלן קומען בעסערע צייטן, וועט ער אפשר אויפדעקן זיין אינקאָג־ניטאָ. איך גלויב נישט, אַז עס זאָל זיך דאָ האַנדלען וועגן דאָזיקן צעטעלע.

*) די פאַרשפּעטיקונג פון אַנדערהאַלבן יאָר פאַרמינערט נישט אין שלי־סעלבורג די פרישקייט אפילו פון לאַנדווירטשאַפטלעכע זשורנאַלן.

דיקע ירושה פון טויטן פלעווע"... טויטן?! פלעווע איז געשטאָרבן?! פאַראַיאָרן אין סעפּטעמבער?! די אויפרעגונג, וואָס האָט מיך אַרומגעכאַפּט, קען מען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן. אליין געשטאָרבן?! געגאַנגען צו רו נאָכן ענדיקן אין די ערדישע גרעניצן אַלדאָס ערדישע?

וואָרום אויב דער דאָזיקער גאַנצער פרילינג איז אַ רעזולטאַט נישט פון אוממיטלבאַרן דראַנג פון די געזעלשאַפטלעכע כחות, פון די רעוואָלוציאָנערע כחות, פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, נאָר אַזוי זיך... פון צייטווייליקער פאַרלוירנקייט און פון פּלאָנטאָנישן פאַרלאַנג ־אויסצופּרובירן נייע וועגן, ווען די „קראַמאָלע איז באַזיגט", — איז דאָך דאָס אַליין קיין צעבראָכענעם גראָשן נישט ווערט, און די רעוואָלוציאָנערע כחות ווערן דורכדעם אָפּגעשטופּט אין אַ זייט... און אפשר... אפשר איז ער גאָר געשטאָרבן נישט לויט גאָטס ווילן, נאָר לויטן ווילן פון דער פּאַרטיי?.. און עקשנותדיק זוכט מען גאַנצענע טעג, צי וועט זיך נישט געפינען דער קלענסטער רמז, פאַרוואָס איז פלעווע פלוצלונג טויט?.. צענדליקער מאָל קוקט מען דורך אַלע נומערן — קיין שום רמזים.

עס זיינען אַנטשטאַנען די אומרויקסטע טעג. מען שפּירט, אַז דאָרט — אויף דער פריי — קומט פאָר עפּעס אומענדלעך, אומענדלעך גרויסעס, אָבער וואָס עס קומט פאָר, קאָן מען זיך נישט פאָרשטעלן רעאַל אפילו אומגעפער. עפּעס הויבט זיך אָן! אָבער ווער הויבט אָן? ווי גרויס איז דערין דער אַנטייל פון די באַוווסטזיניקע כחות? פונם באַוווסטזיניק-צעשטערנדיקן און באַוווסטזיניק-אויפבויענדיקן? ווי גרויס איז די ראָל ־און די ווירקונג פון דער פּאַרטיי?.. עס ־איז שוין פאַרגאַנגען אַ יאָר זייט דעם אָנקום פון „פרילינג"; וואָס זשע קומט דאָרט איצט פאָר? ווען דער „פרילינג" וואָלט געבראַכט נאָך זיך דעם „זומער" — וואָלטן מיר זיך דאָך שוין דאָ נישט געטאָרט געפינען... הייסט עס, אַז נאָך אַ מינוטיקן אויפשיין — דער זעלבער חושך?!..

אין דאָזיקן פּיינלעכן צושטאַנד זיינען פאַרגאַנגען זעקס וואָכן, וואָס יעדער טאָג זייערער האָט אויסגעזען צו זיין אַ גאַנצע אייביקייט! דער טערמין פון אַריבערפירן אין דער נייער תפיסה איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען. צי דען וועט מען טאַקע נישט אַריבערפירן?!..

דעם 13־טן סעפּטעמבער קומט אַראָפּ דער קאָמענדאַנט. די זשאַנדאַרן גייען אַרויס און מאַכן צו הינטער אים די טיר. דער קאָמענדאַנט איז אויסערגעוויינלעך פרייליך און צעשטראַלט.

— נו, ה' ג., כ'האָב אייך געבראַכט אַן אָנגענעמע ידיעה: נאָך לאַנגער שתדלנות פון מיין זייט איז געלונגען אויסצופּועלן ביים מיניסטער אַ דערלויבעניש אַריבערצופירן אייך אין דער נייער תפיסה.

— ווען?

— טאַקע תיכף! ווי נאָר מען וועט דאָרט צוגרייטן אַ צעלע.

— באמת אַן אָנגענעמע ידיעה! אַ סוף, הייסט עס, צום פּורגאַטאָריום!

— אַ סוף, אַ סוף! צו אַ סך זאַכן נעמט איצט אַ סוף!

— למשל?

אַ פּאַוזע. דער קאָמענדאַנט טראַכט וועגן עפּעס, ווי אומאַנטשלאָסן צי

ריידן צי ניין; ביים ארעסטאנט איז די נשמה פארגליווערט געוואָרן פון צאַפּ־לענדיקער דערוואַרטונג!

— גרויסע ענדערונגען! עס קומט אַ נייער רעזשים!

— אַ נייער רעזשים?

— יאָ! מען רופט צונויף אַ מלוכה־דומע, — ווי אַ פּאַרלאַמענט אַ שטייגער... מיט איין וואָרט — אַ קאָנסטיטוציע...

— אַ קאָנסטיטוציע?! זאָגט נאָר, פּולקאָווניק, די יאַפּאַנער האָבן אונדז וואָרשיינלעך, נישקשהדיק אָנגעבראָכן די ביינער?

— נישקשהדיק, מיין ליבער, נישקשהדיק! — מאַכט דער קאָמענדאַנט האָפנונגסלאָז אַוועק מיט דער האַנט.

— און די קאָנסטיטוציע האָט טאַקע פּלעווע געגעבן?

— פּלעווע?! — דער פּולקאָווניק בויגט זיך אַראָפּ און זאָגט מיר שטיל אויפן אויער: — אויף שטיקער צעריסן!..

— דערהרגעט? דורך וועמען?..

— ער זיצט דאָ דערלעבן — סאַזאָנאָוו... אַ באָמבע געוואָרפן... אַלץ צעשמעטערט...

— און סאַזאָנאָוו לעבט, נישט געטויט?

— נישט אַזעלכע צייטן, מיין ליבער!..

— און דערנאָך וואָס?.. אַלץ האָט זיך באַרויקט? מער קיין טעראָריסטישע אַקטן זיינען נישט געווען?.. אהער האָט מען מער קיינעם נישט געבראַכט? און קיין עקזעקוציעס זיינען אויך נישט געווען?

— ניין, קיין עקזעקוציעס זיינען נישט געווען. אַלץ, דאַכט זיך, איז רויק.

— און ווי, פּולקאָווניק, זעט דאָס איצט אויס? די קאָנסטיטוציע, ווייזט זיך אַרויס, איז גאָרנישט אַזאַ שלעכטע זאַך? אָבער אויך מיר האָבן דאָך צוגע־לייגט אביסל מי? אַ סברה, אַז אויך אונזער טראָפּן האָניק איז דאָ דאָ...

— זיכער, ווער לייקנט דען? נו, ס'איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף; איצט האָט מען דאָס אָנערקענט אַלס רעכטצייטיק... און דערנאָך וועט מען זען.

— און וואָס איז מיט דער מלחמה? פאַרענדיקט?

— פאַרענדיקט, גאָט צו דאַנקן!

— אַ סוף, הייסט עס, צו דער אינערלעכער און אויסערלעכער מלחמה... איצט וועט אַלץ 'נעמען אַן אַנדערן גאַנג?

— אַן אַנדערן, אַן אַנדערן! גרויסע ענדערונגען קומען פאָר, — האָט דער פּולקאָווניק איבערגעחזרט מיט אַ פילזאָגנדער מינע.

— נו, איצט נעמט צונויף די זאַכן, גרייט זיך צו. אין אַ שעה אַרום וועט קומען דער געהילף — וועט ער אייך אַריבערפירן. דאָרט וועט בעסער זיין.

דער קאָמענדאַנט איז אַוועק, איך בין געבליבן אַליין. און ווי מיט אַנדער־טהאַלבן יאָר צוריק, נאָכן אַוועקגיין פון אָסטען־סאַקען, וועלכער האָט דער־קלערט, אַז „דאָס לעבן איז געשענקט געוואָרן", שטאַרבט ווידער אָפּ דאָס האַרץ אונטערן דרוק פון עפּעס אומענדלעך, אומענדלעך גרויסעס. אין תּוך גענומען איז עס דאָס זעלבע „דאָס לעבן איז געשענקט געוואָרן", נאָר אין אומענדלעך גרעסערן פאַרנעם. דער גורל האָט זיך מרחם געווען איבערן אומ־גליקלעכן לאַנד. „דאָס לעבן איז געשענקט געוואָרן" אַ גרויסן פאָלק. נאַטירלעך,

מען האָט עס נישט געשאָנקען, נאָר ארויסגעריסן, אָבער נישט וועגן דעם גייט עס. דאָס לעבן איז איצט געראַטעוועט, איצט קאָן מען לעבן אין רוסלאַנד!

אין ברוסט קלאַפּט ווי מיט האַמערס. דער אָטעם איז אָפּגעהאַקט — עס פעלט לופט. די הענט ציטערן און דריקן פיבערדיק דעם קאָפּ, וואָס איז פאַרכאַפּט פון געדאַנקען־ווירבער.

פּלעווע צעריסן... סאַזאָנאָוו לעבט און געפינט זיך דאָ... די ארמיי — צעקלאַפּט... מלוכה־דומע... קאָנסטיטוציע... אַ ניי לעבן. און דאָס קומט פאַר ניט אין חלום?!.. און איך האָב דערלעבט צו דעם אַלעם! דערלעבט!.. און מיט אייגענע אויגן וועל איך דערזען דאָס באַנייטע, באַפרייטע רוסלאַנד!.. ער זאָגט: מער קיין עקזעקוציעס זיינען נישט געווען... אַלץ איז רויק געוואָרן... הייסט עס, אַז זיי — די רעגירונג — האָבן, סוף־כל־סוף, באַגריפן זייער משוגענע עקשנות? זיך אונטערגעגעבן אָדער צעריבן געוואָרן אונטערן דראַנג פון פאָלק? אַ ניי לעבן... אָבער די דאָזיקע געפאַלענע קעמפער, וועלכע ליגן דאָ אין גריבער, הינטער דער וואַנט, זיי וועלן שוין דאָס דאָזיקע נייע לעבן נישט דערזען!..

אָבער... פאַרגעסונג... „אַ ניי לעבן?"..

וועט מען דען באמת קענען לעבן אין רוסלאַנד? מען וועט שוין נישט דאַרפן טויטן?.. מען וועט שוין נישט דאַרפן שטאַרבן פאַר מאָרדן? איז שוין טאַקע אָנגעקומען דער דאָזיקער געבענטשטער מאָמענט?.. דער בלוטיקער, דורך אונז פאַרשאָלטענער קאַמף, וועלכן עס האָט ארויפגעלייגט אויף אונזערע אַקסלען דער פאַרשאָלטענער בלוטיקער רעזשים, — איז טאַקע געקומען אַ סוף צו אים?.. דער רעוואָלווער און די באָמבע קען מען שוין איבערלאָזן דאָרטן, אויף דער שוועל פון דאָזיקן נייעם לעבן, אַלס פינסטערע ירושה פון פינסטערער רעכטלאָזיקייט, אַלס פינסטערער געווער צו פאַרטיידיקן זיך פון דער ווילדער הפקרות און געוואַלט פון די מעכטיקע און שטאַרקע איבער די רעכטלאָזע און שוואַכע?.. איז דאָס טאַקע אַלץ געענדיקט? דאָס פאַרפייניקטע פאָטערלאַנד פאָדערט שוין מער נישט קיין קרבנות? די מילדע און ליבנדיקע וועלן שוין ניט געצוווּנגען זיין צו נעמען אין דער האַנט אריין דעם בלוטיקן שווערד?.. דאָס וואָרט פון אמת און גערעכטיקייט האָט, סוף־כל־סוף, פאַרביטן ביי די קעמפער פאַרן גליק און דער פרייהייט פון די האָרעפּאַשניקעס, דעם רעוואָלווער און די באָמבע?.. און דאָס אַלץ איז שוין געשען? און דאָרט, אויף דער פריי, הינטער די דאָזיקע ווענט, איז דאָס אַלץ שוין דאָ?!..

אָבער די אומגעקומענע? אָבער די פאַרפייניקטע און געפאַלענע אין די קאַזאַמעטן, אין די סיבירער שניי־בערג, אין די גרובנס? ווי אַזוי ברענגט מען צוריק די דאָזיקע אַלע קרבנות פונם מאָנסטער, וואָס איז איצט אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן? און די דאָזיקע הונדערטער און טויזנטער צעבראָכענע יונגע לעבנס, און דאָס אַלץ, וואָס איז יאָרהונדערטער געהאָנגען איבערן לאַנד ווי אַ שטאָקפינסטערניש?!..

פאַרגעסונג! פאַרגעסונג!.. דער הונגער, די קעלט, די יאָרהונדערטער קנעכטשאַפט און אונטערדריקונג, די פינסטערניש און עם־הארצות, די רויבערייען און געוואַלט־מעשים, אַלע פאַרברעכנס, די זאַטע און בייזע מאַכט איבערן פאָלק, — אַלץ זאָל פאַרגעסן ווערן.

אָבער אַן אייביקע שאַנדע! אָבער אַן אייביקע קללה דעם רעזשים, וואָס

האָט ארויסגעריסן פון אונזערע הענט און אַנטוועדעט דאָס וואָרט און די פרייד פון שעפערישער אַרבעט און געצוווּנגען צו נעמען דעם קינזשאַל און רעוואָלווער; אָבער אַן אייביקע שאַנדע און אַן אייביקע קללה זיי, — די אכזריותדיקע, אומברחמנות־דיקע, וועלכע האָבן אויף יאָרצענדליקער פאַרוואַנדלט שעפעלער אין טיגרס, און געשטויסן אויפן וועג פון געוואַלט און מאָרד די יעניקע, וועלכע האָבן געבענקט און געלעכצט נאָר פרידלעכער שעפערישער אַרבעט!

א קללה און שאַנדע: דאָ איז פאַרגאַנגען — פאַרברעכן! און אין באַוווּסט־זיין פון קינדס־קינדער און אויף די זייטלעך פון דער געשיכטע זאָל ברענען, ווי קינס צייכן, דער שטעמפּל פון שאַנדע און קללה אויפן פאַרברעכערישן שטערן פון פאַרברעכערישן רעזשים! און זאָל קיינמאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן די דאָזיקע אויפשריפט: „אָט דאָס איז דער מאָנסטער, וואָס האָט פאַרוואַנדלט אין מערדער די בעסטע קינדער פון לאַנד!“..

## קאַפּיטל זעקס

עס איז פאַרגאַנגען ביי א שעה, ביז עס זיינען אַראָפּגעקומען די זשאַנדאַרן, כדי אַריבערצופירן אין דער נייער תפיסה. אין משך פון דער דאָזיקער שעה האָב איך איבערגעלעבט מער, ווי אין א נאָרמאַלער צייט אין משך פון אַ יאָר. אין איינזאַמקייט איז, דאַכט זיך, אוממעגלעך איבערצולעבן אומבאַשטראָפּט אַזאַ צושטאַנד. מען האָט אַזוי פיל פאַרשידנאַרטיקע, שטאַרקע איינדרוקן, אַז איר מוזט פאַר יעדן פּרייז — טיילן זיי מיט עמיצן.

צום גליק איז דאָס צונויפגעפאַלן מיטן מאָמענט, ווען דאָס פריידיקסטע איז נאָך פאַרגעשטאַנען: די זעאונג מיט די אַלטע. לויט די רייד פון קאָמענדאַנט זיינען שוין זייט פאַראַיאָרן נישטאָ וו. פינגער, וועלכע מיר, די יונגע גענעראַציע, האָט יראת־הכבודיק ליב געהאַט, — מ. יו. אַשענברענער און וו. איוואַנאָוו. די איבעריקע זיינען נאָך דאָ, און כ׳בין זיך מודה, אַז אין דער ערשטער מינוט האָט דאָס מיך אומגעהויער דערפרייט.*)

עס איז געווען דריי א זייגער בייטאָג. אין דרויסן איז געווען א וואַרעמער הערבסט — „שפּעט־זומער“.

— די אויגן ווערט איר פאַרבינדן? — פרעג איך גיפּטיק ביים אָפיציר.

— וואָס הייסט?

— אהער האָט מען געשלעפּט מיט פאַרבונדענע אויגן!

— נו, דאָס איז געווען עפּעס אנדערש, פאַרענטפערט ער זיך מיט פאַרלעגנהייט.

עס קומט אוים פאַרבייצוגיין די צעלע פון יע. ס. סאַזאָנאָוו. אומישנע, ווי געשטערויכלט ווערנדיק, בלייבסטו שטיין עטלעכע רגעס. זאָגסט הויך, כדי מען זאָל הערן אין דער צעלע:

— איצט, נאָך דער קאָנסטיטוציע, וואָלט נישט געווען קיין עוולה אויך די דאָזיקע צוויי אַריבערצופירן צו אונז, אין דער נייער תפיסה! דאָרט וואָלטן מיר אַלע צוזאַמען אָפּגעוואַרט בעסערע צייטן...

---

*) איך האָב געמיינט, אַז מען האָט צו זיי אָנגעווענדעט דעם מאַניפעסט פון 1904־טן יאָר און אַלע זיינען שוין באַפרייט געוואָרן אויף פאַרשיקונג.

מיר קומען אַרויס אויפֿן גרויסן הויף פֿון דער אַלטער תפֿיסה; פֿון נישט־געוויינטקייט זעט ער אויס צו זיין ריזיק ־ גרויס. דער הויף איז פֿון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט די הויכע ווענט פֿון ציטאַדעל. פֿון דאַנען זעט די „שטאָל" אויס אומגלויבלעך נעבעכדיק, דערשלאָגן, — ווי אין דער ערד אַריינגעדריקט. מיר גייען דורך א טויער, וואָס איז אַריינגעפּאַסט אין אַן אומגעהויער ־ ברייטער וואַנט. אויפֿן צווייטן הויף געפֿינט זיך די „נייע" תפֿיסה. א לאַנגער, צווייי־שטאָקיקער בנין מיט אייזערנע קראַטעס. אינמיטן איז דער הויפּט־אַריינגאַנג. מיר קומען אַריין אינעווייניק אין דער תפֿיסה. די געביידע איז זייער אַן אַריי־גינעלע. די שטאָקן זיינען פֿונאַנדערגעטיילט נישט דורך א פּולאָפּ, נאָר דורך א געפֿלאָכטענער שטריק־נעץ, וואָס דערמאָנט א האַמאַק. אויף ביידע זייטן פֿון די ווענט געפֿינען זיך די צעלעס. אויף דער הויך פֿון דיל פֿון צווייטן שטאָק ציט זיך א שמאָלינקע, אנדערטהאַלבן־אַרשיניקע גאַלעריע. דער גאַנצער אי־נעווייניק איז אַזוי־אַרום פֿון יעדן פּונקט ווי אויף דער האַנט. אַלע צעלעס זיי־נען פֿאַרשלאָסן. שטיל. פֿון אומגעוויינטקייט דאַכט זיך אויס כסדר, אַז דו וועסט אַראָפּפֿאַלן פֿון דער גאַלעריע אין דער נעץ אַריין.

— ביטע, אַט־אַ־דאָ!

די צעלע איז קליין — א פֿינף טריט אין דער לענג און פֿיר אין דער ברייט, אָבער א געגוג ליכטיקע און ריינע. אַן אייזערנע נאַרע, קראַטעס, אַלץ ווי געוויינלעך. אָבער גלייך פֿון ערשטן מאָמענט איבערראַשט עפּעס שוין לאַנג נישט געזעענעס: אין איין ווינקל — אַ הילצערנע עטאַזשערקע, אין א צווייטן — א שטול, אַן אויסטערליש ־ געשניצטער.

— איצט טרינקען די אַרעסטאַנטן טיי; אין א שעה אַרום הויבט זיך אָן דער שפּאַציר. אפֿשר ווילט איר זען דעם סטאַראָסטע (עלטסטן)? — פֿרעגט דער אָפֿיציר.

— ווער איז ביי אייך סטאַראָסטע?

— פֿון אייערוקע — קאַרפּאָוויטש.*)

— קאַרפּאָוויטש?... ביטע זייער, ס'וועט מיר זיין זייער אנגענעם!...

— טאָ וואַרט צו, כ'וועל גיין צוגרייטן.

— נישט־שוין זשע וועט מען פֿירן צו קאַרפּאָוויטשן? — טראַכסטו מיט ספֿק, נישט גלויבנדיק זיך, אַז די אומענדלעכע איינזאַמקייט איז שוין געענדיקט.

— קומט... אַט־אַ־דאָ... פּאַרזיכטיק, ווערט נישט געשטרויכלט.

די וואָרנונג איז נישט קיין איבעריקע, ווייל פֿון אויפֿגערעגטקייט ציטערן די פֿיס און דינען נישט. דער זשאַנדאַר צעעפֿנט אַן אייזערנע טיר און פֿאַר מיר שטייט קאַרפּאָוויטש, מיט א ריזיקער שוואַרצער באָרד...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין משך פֿון א האַלבער שעה זיינען מיר געווען, ווי מטורפֿע, ד. ה. **נישט מיר**, נאָר איך. דער שמועס איז איבערגעשפּרונגען אָן שום פֿאַרבינדונג, אָן לאָ־**גישער** געקייטלטקייט. יעדער איינער האָט זיך געאיילט וואָס גיכער דערציילן

*) פֿאַר ווירטשאַפֿטלעכע ענינים פֿלעגט די תפֿיסה אויסוויילן אַן איינע־נעם סטאַראָסטע. דאָס ווילן פֿלעגט פֿאַרקומען יעדעם האַלבע יאָר. אין דאָזיקן האַלבן יאָר איז דאָס געווען פּ. וו. קאַרפּאָוויטש.

דאָס זייניקע. ווי א רעגן האָט זיך א גאָס געטון אויף מיר: דער פלאָט איז צע־קלאַפּט... אויף פּיץ־פּיצלעך... קיין איין שיפעלע איז נישט איבערגעבליבן. — נישט־שוין־זשע האָבן אונזערע קיין איין נצחון נישט אָפּגעהאַלטן? — נאַריש־קייטן, נצחונות גאָר! געקריגן געשלאָגן אויף וואָס די וועלט שטייט, די יאַפּאַ־נער איז מיאוס געוואָרן צו שלאָגן... מוקדען, ליאַאָיאַן, צוסימאַ... דאָס אָפּי־צירנטום — א פולקאָמע נישטיקייט... גנבות, זנות...

— און אין לאַנד?

— אין לאַנד? א כאַאָס. אַלץ גייט צו גרונט. דער שוואַרץ־ימ'יקער פלאָט האָט זיך צעבונטעוועט, דערטרונקען די אָפיצירן און איז געקומען באַשיסן אָדעס.

— די ארמיי? א פולשטענדיקע דעמאָראַליזאַציע! די זעלנער פאַראַכטן די אָפיצירן. די אָפיצירן טרויען נישט די זעלנער...

— רעוואָלוציע? איין עקזעקוציע איז דאָ פאָרגעקומען... דער קאָמענדאַנט זאָגט, אז נישט? ער לייגט! אין מאַי איז פאָרגעקומען. מיר ווייסן. דאַכט זיך, אַז אין שייכות מיטן אַטענטאַט אויף סערגייען, געננוי דערגיין איז נישט גע־לונגען. די דומע? א שווינדל, ווייטער גאָרנישט. נישט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי. מיר האָבן דעם מאַניפעסט, מ'עט אים קענען באַקומען. עס דאַכט זיך אָבער, אז מען פאָדערט מער און די רעגירונג איז געצוווּנגען נאָכצוגעבן.

— זאַלבעוויפילט זיינען מיר דאָ פאַרבליבן? אַכט פערזאָן. וואַרט נאָר, מען דאַרף אויסקלאַפּן. עס פליט א טעלעגראַמע (דורך קלאַפּן אין טיר — פאַר דער גאַנצער תפיסה): „ג. האָט מען אריבערגעפירט. מונטער, נעמט ארום. וועט זיין אויפן שפּאַציר". אין עטלעכע רגעס ארום — אן ענטפער: „מיר גראַטולירן. ברוך הבא. מירן זיך באַלד זען".

— וועמען וועט מען היינט קענען זען? איך וואָלט וועלן זען ג. א. לאָפּאַ־טינען: איך האָב פאַר אים א גרוס פון זיין זון.

— וועסט אַלעמען זען...

— וואָס הייסט אַלעמען? מען שפּאַצירט דאָך דאָ ביי אייך זאַלבעצווייט?

— נו, היינט, ווען די יאַפּאַנער האָבן זיי דאַרטן אָנגעבראָכן די ביינער, איז אויך דאָ געוואָרן בעסער. מירן אַלעמען זען.

פיר א זייגער עפנט מען די טירן צום שפּאַציר.

פונקט קעגנאיבער דעם הויפּט־אריינגאַנג פון דער תפיסה געפינט זיך דער איינשטאָקיקער בנין פון דער וואַך־שטוב. דאָרט געפינט זיך שטענדיק אונטער דער ביקס א וואַך פון 20 זשאַנדאַרן. רעכטס זיינען די ווענט פון דער פעס־טונג. די העלפט פון שטח צווישן די דאָזיקע ווענט און דער תפיסה איז פאַר־נומען מיט גערטנדלעך אָדער — אויף דעם תפיסה־דיאַלעקט — שטייגן. דאָס זיינען מיט ברעטער אָפּגעטיילטע קוואַדראַטלעך פון א צוואַנציק טריט די לענג און א 15 — 10 די ברייט. א שמאָל שטעגעלע איז באַשטימט אויף שפּאַצירן, און דאָס איבעריקע — אויף פעלד־ארבעט, גערטנעריי, סעדעריי און א. וו. פון איין זייט שפּאַרן זיך די אָפּצוימונגען אָן אין דער פעסטונגס־וואַנט, אויף וועלכער עס גייט ארום א וואַך־זשאַנדאַר, פון דער צווייטער — אין פאַרקאַן, וועלכער איז פאַרייניקט מיט א גאַלעריע. איבער דער דאָזיקער גאַלעריע גייט ארום א דיזשורירנדיקער אונטער־אָפיציר. די שטייגן ווערן פון אויסנווייניק צוגעמאַכט. יעדע שטייג איז באַשטימט פאַר צוויי פערזאָן. עס איז דאָ אויך

אַ גרויסער גאָרטן, און לעצטנס האָט מען אויסגעקעמפט דאָס רעכט צו שפּאַ־צירן דאָרט זאַלבעפערט.

ווען איך מיט קאַרפּאָוויטשן האָבן זיך דערנענטערט צו די שטייגן, האָבן זיך אַ וואָרף געטון אונז אַנטקעגן די „אַלטע". אין עקלהאַפטער אַרעסטאַנטישער קליידונג, ווער אין גרויען, ווער אין ווייסן*) די מערהייט — גרייז־גרויע, אָבער מיט גלאַנציקע קלאָרע אויגן. דאָס איז אייגנטלעך געווען אַ גרויסע זינד לגבי דער תפיסה־דיסציפּלין. אָבער דאָס ברענגען אַ „נייעם" איז אין שליסעל־בורג אַזאַ זעלטנקייט; דאָרט — אויף דער פריי — איז אַ ביסל אָפּגעשוואַכט געוואָרן, די זשאַנדאַרן גופא, האָט זיך געדוכט, האָבן זיך געפונען אונטער דער פריידיקער שטימונג פון דעם נייעמס באַגעגעניש מיט די אַלטע, אַזוי אַז עטלע־כע מינוט זיינען אַלע געשטאַנען צוזאַמען, איבערוואַרפנדיק זיך אָן אַ סדר מיט אָפּגעריסענע פראַזן. מען האָט באַשלאָסן צונויפצוקומען זיך אויף די שפּאַ־צירן אין גרויסן גאָרטן זאַלבעפערט, לויט דער ריי נאָך. צו שפּאַצירן איז היינט פאַרבליבן פון פיר ביז זעקס. אין משך פון די דאָזיקע צוויי שעה האָב איך זיך מיט אַלעמען באַקענט.

ווייזט זיך אַרויס, אַז אין אַלגעמיינע שטריכן האָבן זיי שוין געוווסט וועגן די לעצטע געשעענישן. גאַנץ צופעליק, אַ דאַנק פאַרשידענע באַדינגונ־גען, פלעגן אין תפיסה אַריינדרינגען (מיטן וויסן פון דער אַדמיניסטראַציע) ידיעות וועגן דער אומגעלונגענער מלחמה, וועגן עפּעס אַן אומבאַשטימטער באַוועגונג אין לאַנד, וועגן דער דומע פון 6־טן אויגוסט און נאָך אייניקע אָפּגע־ריסענע פאַקטן.

אין גאַנצן פעריאָד זייט 1901, ד. ה. זינט עס איז אָנגעקומען פּ. וו. קאַר־פּאָוויטש, האָבן זיי נישט געהאַט כמעט קיין שום פאָרשטעלונג וועגן כסדרדיקן וווקס פון דער באַוועגונג, וועגן אַנטייל פון פּויערטום, וועגן טעראָריסטישן קאַמף, וועגן די פּאַרטייאישע גרופּירונגען, וועגן דער פּאַרטיי ס. ר. גופא. אין משך פון אַ לאַנגער צייט פלעגט מען גאַנצענע טעג פאַרברענגען אין גרויסן גאָרטן, מיטטיילנדיק איינער דעם צווייטן נייעסן: זיי — וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען דאָ, איך — וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען דאָרט — אין דער ווייטער, פאַר זיי ווייטער וועלט.

פון די אַלטע זיינען צו יענער צייט פאַרבליבן אַכט פּערזאָן: ל. פּ. אַנטאָ־נאָוו, ס. א. איוואַנאָוו, ג. א. לאָפּאַטין, י. ד. לוקאַשעוויטש, נ. א. מאָראָזאָוו, מ. וו. נאָוואָרוסקי, מ. פּ. פּאָפּאָוו און מ. פּ. פראָלענקאָ.

כ'וועל זיך נישט אָפּשטעלן אויף יענער אויסערגעוויינלעכער שטימונג, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען זינט מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין דער נייער תפיסה און כ'האָב זיך געזען מיט די „אַלטע". נאָך דער האָפנונגסלאָזער פינסטערניש און איינזאַמקייט אין משך פון אַנדערטהאַלבן יאָר, האָט אַלץ אויסגעזען צו זיין אַ פאַרכשופטער שלאָף. דאָרט — אויף דער פריי — דער הורבן פון אַלטן רעזשים. ווי ווייט דער דאָזיקער הורבן גרייכט — איז נישט באַקאַנט, ער האָט זיך אָבער אָנגעהויבן, און איינמאָל אָנגעהויבן, קאָן ער זיך

---

*) אויף זומער גיט מען דאָרט אַרויס אַ „זומערווינונג־קאָסטיום", אַ רעקל און הויזן פון לייוונט.

שוין נישט אָפּשטעלן. איצט זיינען מיר שוין נישט קיין באזיגטע, — איצט זיינען מיר זיגער, וועלכע געפינען זיך אין געפאַנגענשאַפט ביזן שליסן וואָפנשטילשטאַנד.

פון נישט־געוווינטקייט האָט אַלץ אין דער נייער סביבה איבערראַשט. דער רעזשים איז אין יענער צייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. „פּעטערבורגן“ איז דאָס אין קאָפּ נישט געלעגן, די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט זיך, קאָנטיק, אויך געריכט אַ ליאַדע טאָג אויף „גרויסע ענדערונגען“, און דאָס לעבן פון די אַרעסטאַנטן איז נישט פאַרסמט געוואָרן דורך קליינלעכע צוטשעפּענישן, וועלכע פאַרוואַנדלען געוויינלעך די תּפיסה אין אַ גיהנום. די דאָזיקע „אָפּשוואַכונג“ פון רעזשים אין שליסעלבורג איז נאָך ווערטפולער געווען דערמיט, ווייל דער דאָרטיקער רעזשים האָט בכלל געדינט אַלס פּינקטלעכער באַראָמעטער פון דער לאַגע אויף דער פריי. די קלענסטע ענדערונגען „דאָרט“ פלעגן זיך תּיכף־ומיד לאָזן שפּירן דאָ.

אין משך פון צוואַנציק יאָר האָבן די אַרעסטירטע נאַטירלעך אָנגעזאַמלט אַ מאַסע זאַכן. אין די וואַרשטאַטן האָבן זיי געאַרבעט יאָרנלאַנג. זיי האָבן געמאַכט שאַפעס, שטולן, עטאַזשערקעס, הענגערס, קופערטס, אַלערליי קאָלעקציעס, פלאַנצזאַמלונגען, אויסגעשטאָפּטע חיות און אַזוי ווייטער און ווייטער. דאָס אַלץ האָט זיך אָנגעזאַמלט אין די צעלעס, וועלכע האָבן באַקומען אַ מער היימישן אויסזען. נאָך דער „מוסטערהאַפטער“ תּפיסה־„מעבלירונג“ אין פּעטראָפּאַוולאָווער און אין „שטאַל“, ווו עס איז נישט געווען קיין שום זאַך, אַ חוץ ווענט און קראַטעס, האָבן די דאָזיקע צעלעס געמאַכט דעם איינדרוק פון קאַבינעטן פון געלערנטע.

## קאַפּיטל זיבן

עס איז דאָ אַ יידיש מעשהלע: „דאָס מעשהלע וועגן דער קאָזע“. אין איינער אַ שטאָט האָט געוווינט אַן אָרימאַן, שלום. ער האָט קיין גראָשן געלט נישט געהאַט, דערפאַר אָבער אַ גרויסע משפּחה און אַ קליינטשיק הייזקעלע. געווען איז ער אַ שמאַטע־קלייבער, און דאָס ווייב האָט געהאָדעוועט אַ קאָזע. קינדער האָבן זיי געהאַט — נישט איבערצוציילן. אַזוי פיל, אַז אינעם קליינעם הייזקעלע האָבן זיך נישט אַלע געהאַט ווו אַהינצוטון און אַ טייל איז געשלאָפן ביי גוטע שכנים. די זעק מיט שמאַטעס פלעגט מען סאָרטירן אויפן הויף; אויך די קאָזע האָט זיך דאָרט געפונען, אונטער אַ דעכל. אַ שווער לעבן געווען, נישט אויסצוהאַלטן פון ענגשאַפט און שמוץ.

האָט שלום געהערט פון גוטע מענטשן, אַז אין דער פאָרשטאָט וווינט אַ גרויסער למדן, אַ הייליקער צדיק, אַ חכם. אַזאַ חכם, אַז ער לערנט אויס אַלע אומגליקלעכע, ווי אַזוי צו זיין גליקלעך. האָט שלום אָפּגעמאַכט ביי זיך אַריבערצוגיין צום הייליקן חכם בעטן ביי אים אַן עצה, וואָס זאָל ער טון, כּדי צו קאָנען לעבן. האָט שלום דערציילט וועגן זיין גאַנץ לעבן, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו עסן, נישטאָ ווו אַהינצוטון זיך, די קינדער קרענקען פון שטיקעניש, פון הויף דרינגט אַריין אין שטיבל דער געשטאַנק פון סאָרטירטן מיסט, אַז די קאָזע האָט גענומען געבן ווייניק מילך, ווייל זי שלאָפט אויף דער הוילער

ערד און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער. אלץ האָט ער דערציילט און דער רבי דער חכם האָט אויסגעהערט.

— נו, רבי, וואָס ט'איר זאָגן?

— ס'וועט זיין גוט! טו, ווי מען הייסט דיר.

מער נישט שלאָפן ביי די שכנים.

— רבי! אזוי איז אויך נישטאָ ווו אהינצוטון זיך! — דערווידערט שלום נישט־דרייסט.

ס'וועט זיין גוט! טו, ווי מען הייסט דיר.

האָט שלום צונויפגענומען אויף ביינאכט די קינדער. די קינדער וויינען, און דער הייזקע איז אַ קרעכצעניש. קיינער איז נישט געשלאָפן.

גייט שלום צום רבין.

— נו, וואָס?

— געלויבט זאָל זיין גאָטס הייליקער נאָמען, אָבער רבי, ס'איז שלעכט! ס'איז נאָך ערגער געוואָרן!

— נעמט אריין די זעק מיט שמאַטעס אין שטוב און סאָרטירט זיי דאָרטן.

— אין שטוב סאָרטירן די שמאַטעס?!...

— ס'וועט זיין גוט; טו, ווי מען הייסט דיר.

האָט שלום אָנגעהויבן סאָרטירן אין שטוב שמאַטעס, ביינער, מיסט. איז געוואָרן אַ געשטאַנק, אז אָטעמען איז נישט געווען מיט וואָס. דער עלטערער יינגל האָט פון פאַרדראָס און כעס צעבראָכן אַ שויב, כדי עס זאָל כאָטש אריינקומען אַ ביסינקע פרישע לופט. וואָס טוט מען? מען מוז גיין צום רבין.

— נו, שלום, וואָס הערט זיך?

— רבי, הונדערט יאָר זאָלט איר לעבן, — ס'איז שלעכט!

— שטעל אריין אַ שויב. האַלט נישט די קאָזע אויפן הויף, נעם זי אריין אין שטוב, — זאָל זי דאָרט זיין מיט אייך בייטאָג און ביינאכט.

— די קאָזע אין שטוב אריין?!... בייטאָג און ביינאכט?!...

— ס'וועט זיין גוט! טו, ווי מען הייסט דיר.

גייט שלום אהיים פאַרצאָגט און פאַרדאגהט. „וואָס קענען מיר, פינסטערע מענטשן, וויסן? מסתמא איז אזוי בעסער! אַ גרויסער חכם, — ער ווייסט דאָך אלץ"... — טראַכט שלום הכנעהדיק.

האָט ער אריינגעפירט אין שטוב די קאָזע. נישט קיין לעבן — אַ גהינום האָט זיך אָנגעהויבן. די קינדער האָבן גענומען קרענקען, קלאָגן אָפּ גאַנצענע טעג. ליגן אויסגעלייגט אין אַ רייע. דאָס ווייב יעלה'ט: „זאָל שוין ליבער גאָט נעמען צו זיך! שוין קיין כח נישטאָ!" — די גאַנצע שטוב איז פול מיט דער קאָזע. ווו דו זאָלסט זיך נישט קערן — אומעטום איז זי דאָ. איז נאָך געווען ווייניק, האָט די קאָזע גענומען און איינגאַנצן אויפגעהערט געבן מילך...

שלום איז געווען אַן איידעלער מענטש. קען מען דען באַלעסטיקן דעם גרויסן חכם מיט די אייגענע צרות?! האָט ער געליטן, געליטן, און נישט אויסגעהאַלטן — אָנגעקלאַפּט צום רבי.

— נו, וואָס?

— רבי, געבענטשט זאָל זיין אייער הכמה! מיר וויסן שוין נישט, אויף

וואָסער וועלט מיר זיינען! זאָל גאָט נישט שטראָפן פאַר די רייד — עס איז שוין גאָרנישט אויסצוהאַלטן. רבי, זייט זיך מרחם!

— רייד זיך דורך מיט גוטע שכנים; בעט, זיי זאָלן אַריינגעמען די קינדער אויף ביינאַכט, און דערנאָך קום צו מיר.

„פאַרטיילן די קינדער צווישן שכנים? דאָס איז גוט! — טראַכט פריי־לעך שלום: — דאָס איז זייער גוט!...״

מען האָט די קינדער פאַרטיילט. אין שטוב איז געוואָרן גרוימער. „נישט אומזיסט האַלט די וועלט דעם רבי פאַר אַ חכם״ — זאָגט שלום — „מען דאַרף גיין אָפּדאַנקען״.

— נו, שלום, וואָס הערט זיך עפּעס? — פרעגט דער רבי פריינטלעך.

— איצט איז גוט! אַ סך בעסער! — זאָגט שלום אַ פריילעכער.

— נו, זעסטו! אַבי דו האָסט געהאַט טענות צו גאָט. איצט טראָג אַרויס די שמאַטעס אויפן הויף און סאָרטיר זיי אויס דאָרט! — דערנאָך קום ווידער.

„סאָרטירן די שמאַטעס אויפן הויף! ס׳אַרא חכם! אַ גאָלדענער קאָפּ. אַן אמתער גן־עדן וועט דאָך זיין ביי אונז! וועט זיך דאָס די אַלטע דערפרייען!״...

שלום לויפט אַהיים — פונוואַנעט האָבן זיך דערנומען צו אים אַזויפיל כוחות און מונטערקייט!

אינאָוונט, נאָך דער אַרבעט, זיצט שלום מיט דער ווייב און זיי קוועלן אַן און לויבן גאָט פאַרן חסד און פאַר זיין גוטסקייט: „ווי גוט עס איז גע־וואָרן! נישט קיין שטויב, נישט קיין מיסט, נישט קיין פאַרפּעסטעטע לופט פון די שמאַטעס! בלויז די קאָזע, דאַכט זיך, פילט זיך שלעכט אין שטוב, און זי באַאומרואיקט טאַקע אויך״, — טראַכטן נישט - דרייסט די „גליקלעכע״, פאַרשעמט פאַר זייער „אומדאַנקבאַרקייט״ און „גיריקייט״. מען דאַרף גיין אָפּדאַנקען דעם רבי.

— נו, שלום, ווי גייט עס?

— אַך, רבי, ווי גוט, ווי ווויל, מיר ווייסן גאָרנישט ווי אָפּצודאַנקען! מער נישט...

— די קאָזע, שלום? ווילסט עפּעס זאָגן וועגן דער קאָזע? פיר זי אַרויס אויפן הויף און שטעל זי אַוועק אויפן אַלטן אָרט.

ביי שלומען האָט גענומען וואַקסן דאָס האַרץ. „סאַרא חכם! סאַרא חכם! אַרויספירן די קאָזע! מיר וועלן דאָך האָבן ממש אַ גן־עדן! און די אַלטע! ווי די אַלטע וועט זיך דאָס דערפרייען!״...

מען האָט אַוועקגעשטעלט די קאָזע אויפן אַלטן אָרט. שלום און די אַלטע שטייען איינס קעגן צווייטן. די נשמות זייערע — פול מיט פרייד. „זאָל מען כאָטש קיין עין־הרע נישט געבן״, — פּליסטערן זיי מיט שרעק, טראַכטנ־דיק וועגן זייער גליק. „אָט איצט וועט זיך אָנהויבן דאָס אמתע לעבן! נישט קיין לעבן — אַ יום־טוב!...״

„גאָט האָט געטון מיט אונז גרויס חסד״, — טראַכטן די אַלטע.

# קאפיטל אכט

אזוי איז דאָס יידישע מעשהלע. אַזוי איז דאָס לעבן. אזוי איז דאָס לעבן אין שליסעלבורג.

מען האָט אָפּגענומען אַלץ. כ'האָב גאָרנישט געהאט. ווען איך בין אריינגעפאַלן אין דער נייער תפיסה, ווו מען האָט מיר צוריק אָפּגעגעבן אביסל פון אָפּגענומענעם, ווו די זינלאָזע קוועלעריען זיינען באַזייטיקט געוואָרן — האָט אַלץ אויסגעזען ווי אין גן־עדן.

„די קאָזע האָט מען אַרויסגעפירט" — און איך האָב באַגריפן שלומס גליק, כ'האָב באַגריפן, פאַרוואָס זיין נשמה האָט געיובלט.

איך האָב שוין אויבן אָנגעוויזן, אז קלייניקייטן, נישטיקע, אומבאַמערקטע אויף דער פריי', קאָנען דינען אַלס קוואַל פון גרויסער פרייד און גרויסן טרויער אין תפיסה, ווו דער מאָנסטרועז - זינלאָזער רעזשים נעמט צו ביי די אַרעסטאַנטן אַלע דעראָבערונגען פון דער קולטור. לאָמיר נעמען, למשל, אַזעלכע קלייניקייטן. דאָס עסן איז אין שליסעלבורג לעצטנס געווען נישקשה, אין „שטאַל" אָבער, פלעגט מען עס דערלאַנגען אין שמוציקע, שטינקנדיקע מעשקעס. קיין גאָפּל - מעסער זיינען נישטאָ. פלייש — געקאָכטס און געבראָטנס — מוז מען צערייסן מיט די הענט. און יעדעס מאָל, ווען מען דערלאַנגט דאָס עסן, טרוימסטו וועגן גאָפּל־מעסער, ווי וועגן גרעסטן, אָבער אומצוטריטלעכן גליק. און פלוצלונג דערוויסט איר זיך אין דער נייער תפיסה: מען האָט אויסגעקעמפט די דערלויבעניש צו האָבן אין משך פון טאָג אַ טיש־מעסער (מיט דער פאַרפליכטונג אים אָפּצוליפערן אויף ביינאַכט)! וואָס קען זיך פאַרגלייכן מיטן גליק, וועלכן איר לעבט איבער, ווען איר לייגט אַרויף דאָס פלייש אויף אַ טעלער — אויף אַן עמתן טעלער — און איר צעררייסט עס שוין נישט מיט די הענט, נאָר איר צעשניידט עס מיט אַ מעסער — מיט אַן אמתן מעסער! און אויף טיי האָט איר שוין אַ גלאָז! און אויסמישן דעם טיי קאָנט איר שוין נישט מיט אַ צווייגעלע, וואָס איר האָט אָפּגעריסן פון אַ בוים, נאָר מיט אַ לעפעלע. און נאָך אַ סך אַזעלכע זאכן, אַ סך — אַלץ קאָן מען נישט אויסרעכענען, — ביזן רעכט צו פאַרלעשן אויף ביינאַכט דאָס פייער!...

געוויס, דעם גרויל פון דער לאַנגע זעט מען טאקע דערפון, וואָס אַזעלכע קלייניקייטן קאָנען שפּילן אַזאַ גרויסע ראָל, אָבער די ערשטע צייט פאַרשאַפט דאָס צוריקבאַקומען די דאָזיקע „רעכט" אַ סך פרייד.

בכלל זיינען די באַציונגען אין די תפיסות ספּעציפישע. נישט אַזעלכע, ווי אויף דער פריי. פון איין זייט שאַפט די געצוווּנגענע פאַראייניקונג פון מענטשן אין די זעלבע ווענט אַ באָדן פאַר שאַרפע פאַרשידנאַרטיקע רייבונגען. די תפיסה, די געפאַנגענשאַפט רוקן געוויינלעך אַרויס אויבנאָן אַלע נעגאַטיווע שטריכן פון מענשלעכן כאַראַקטער און נערן זיי שטאַרק. די בעסערע אייגנשאַפטן האָבן נישט געוויינלעך קיין מעגלעכקייט צו זיין טעטיק און זיי טליען, פאַרדעקט מיטן אַש פון געפאַנגענשאַפט. מען קאָן אָננעמען אַלס כלל גדול, אַז אין תפיסה זיינען די זעלבע מענטשן ערגער, ווי אויף דער פריי. פון דער צווייטער זייט אָבער קען די תפיסה אַזעלכע וואַריכע באַציונגען, פול מיט ליבע און האַר־

ציקייט, אזעלכע צאַרטע, מיטפילנדיקע, וואָס אזעלכע באַגעגנט מען נישט אין א געוויינלעכער לאַגע.

אין די באַדינגונגען פון שליסעלבורג באַקומען, נאַטירלעך, די דאָזיקע באַציונגען ספּעציפישע באַפאַרבונג. דאָס דערשיינען פון א נייעם מענטשן איז אַזאַ זעלטנקייט. פון איין זייט איז די נשמה אַזוי אויסגעהונגערט און דורכגעפרוירן, און פון דער צווייטער זייט פאַרמאָגט דער נייַ־אָנגעקומענער אַזוי פיל ריינעם, יראת־הכבודיקן געפיל צו די „אַלטע", אַז עס ווערט געשאַפן א וואַרימע אַטמאָספער פון קעגנזייטיקער סימפּאַטיע און שטאַרקער צוגעבונדנקייט. דער פריש־צוגעקומענער פילט זיך אַלס גאַסט ביי גוטהאַרציקע און ליבנדיקע קרובים.

די „באַלעבאַטים" באַמיען זיך אַרומצורינגלען אים מיטן „בעסטן, וואָס דער גורל האָט זיי נעגעבן אין לעבן". איינער שלעפּט א שאַפע, א צווייטער — שרייבנעצייג, דער א הענגער, יענער א מעסערל, ווער ביכער, ווער אייננעמאַכטס פון אייגענער אַרבעט, ווער בלומען, ווער א פרישן רעטעך, ווער אַרבעסלעך, עמיצער פאַרריכט דעם כאַלאַט, א צווייטער לייגט פּאַר אנשטאָט די תפיסה־שיך היימיש־געמאַכטע שטעקשיך...

און די דאָזיקע אויסדרוקן פון צאַרטער ברידערלעכער אויפמערקזאַמקייט, דער דאָזיקער אנטיילנעמען און די פיינפיליקייט באַלויכטן די ערשטע צייט דאָס תפיסה־לעבן מיט אַזאַ מילדן ליכט, אַז די גאַנצע פינסטערניש, דאָס עקלדיקשווערע פון פריער ווערט צעשוווימען און פאַרשווינדט צייטווייליק. עס באַפּט אייך אַרום א געפיל פון אומבאַקוועמקייט, פון שולדיקייט, ווען איר קוקט אויף די דאָזיקע אַלטע. איין קלייניקייט: אייניקע פון זיי (מ. ר. פּאָפּאָוו, מ. פּ. פראָלענקאָ און נ. א. מאָראָזאָוו) זיינען שוין איינגעמויערט צו פינף־און־צוואַנציק יאָר אין די טאָרטור־קאַמערן און בלויז צוויי (י. ד. לוקאַשעוויטש און מ. וו. נאָוואָרוסקי) צו 18 יאָר. די איבעריקע — צו 22 — 21 יאָר.

העכער 20 יאָר! א גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין האָפענונגסלאָזער איינזאַמקייט, אָן שום ידיעות פון דער פריי! און „די פריי" האָט די גאַנצע צייט אויסגעזען אַזוי טויט, אַזוי האָפענונגסלאָז־טויט... ווי אַזוי אונטערהאַלטן אין זיך דעם כסדרדיקן גלויבן אין טריומף פון דער אידעע און ווי אַזוי לעבן אָן גלויבן אין דאָזיקן טריומף?! און אַזוי העכער צוואַנציק יאָר!...

און דער דאָזיקער קאַמף מיטן בייזוויליקן שונא, א קאַמף אָן עקשנותדיקער, אָן אומאויפהערלעכער, וואָס צעפּרעסט ווי זשאַווער די נשמה און גראָבט אונטער דאָס געזונט! אַלץ, וואָס זיי באַזיצן איצט: אָט דער דאָזיקער שטול, דער דאָזיקער טעלער, דאָס דאָזיקע בוך, — סאַראַ שרעקלעכן פּרייז זיי האָבן דערפאַר באַצאָלט! פאַר דאָס אַלץ איז באַצאָלט געוואָרן מיט אַזוי פיל ליידן און בלוט! און דאָס אַלץ באַקומסטו אַזוי פּשוט, אַלס געשאַנק פון פריינט.

כ'בין קוים אַריין אין שליסעלבורג און שוין באַגעגנט די ידיעה, אַז דער מאָנסטער איז פאַרווונדעט, און אָט־אָט וועט ער אָפּגיין מיט בלוט.

וואָס עס זאָל נישט דערוואַרטן אין דער צוקונפט, יענע, ווי די נאַכט פינסטערע, יאָרן פון ספקות אין טריומף פון אונזער זאַך, וועלן מיר שוין מער נישט איבערלעבן...

## קאפיטל ניין.

אָט אזוי זיינען געפלאָסן די טעג. מיר האָבן איבערגעלעבט דעם „האָניק־חודש". די ווערטער און געדאנקען האָבן אלץ אָפטער און אָפטער, אלץ עקשנותדיקער און איינגעשפּאַרטער אומגעקערט זיך צו „יענץ" — צו דער פריי.

וואָס קומט דאָרט סוף־כל־סוף פאָר? עפּעס ריכטיקס האָבן מיר נישט געוווּסט. די אָפּיצירן פלעגן אונז אָפּפּטרן מיט אלגעמיינע פראַזעס, פון די אונ־טעראָפּיצירן פלעגט נישט געלינגען גאָרנישט ארויסצוקריגן. מיר האָבן געוווּסט, אַז פלעוועס דערמאָרדונג איז באַגעגנט געוואָרן מיט אַן אַלגעמיינעם יובל. מיר האָבן געוווּסט, אַז נאָך דער דערמאָרדונג איז אנטשטאַנען אַן אומגעהויערער געזעלשאַפטלעכער אויפשוווּנג, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן דעצעמבערשן „פרילינג". מיר האָבן געוווּסט, אַז גלייך נאָכן דאָזיקן „פרילינג" איז ווידער פאָרגעקומען אַ ווענדונג אין דער זייט פון דער רעאַקציע, אַז עס זיינען פאָרגע־קומען עפּעס אומרוען, דערנאָך עפּעס „גרויסע אקטן" פון 18־טן פעברואַר.

אָבער וואָס פאַרא אומרוען, וואָסערע אקטן און אין וואָסער שייכות זיי שטייען מיט די אומרוען — איז פאַרבליבן אַ רעטעניש.

צום וויכטיקסטן איז געווען פאַר אונז צו וויסן — אַ רעזולטאַט פון וואָס איז די דומע פון 6־טן אויגוסט? פון דער אַלגעמיינער אומבאַשטימבאַרער אומ־צופרידנקייט אין לאַנד, פון דער באַגריפענער נויטווענדיקייט איינצופירן „רע־פאָרמען" אָדער פון דער אקטיווער אריינמישונג פון האַרעפּאַשנעם קלאַס? אין ערשטן פאַל, האָבן מיר געטראַכט, וועלן די „רעפאָרמען" וווייטער נישט גיין, אין צווייטן — איז דאָס נאָר אַן אָנהויב. און אויב אַן אָנהויב, מוז זיך דאָס ענדיקן אויך מיטן פאַלן פון שליסעלבורג.

דאָ אָבער פלעגן זיך אריינגנבענען פינסטערע ספקות. דעם 6־טן אויגוסט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער „אוקאַז" וועגן דער דומע. און אין יולי, ד. ה. מיט עטלעכע וואָכן פריער, האָט מען אין שליסעלבורג אָנגעהויבן בויען, נעבן דער תפיסה, אַ קירכע פאַר די אַרעסטאַנטן!

צוויי־און־צוואַנציק יאָר האָט די תפיסה עקזיסטירט אָן אַ קירכע. אויב מיט עטלעכע וואָכן פאַרן „אוקאַז" וועגן דער דומע האָט דער צאַר פאַרטראַכט צו בויען אַ קירכע אויף צו ראַטעווען די נשמות פון די שווערע זינדער (דער פרייז פון דער דאָזיקער רעטונג — 40.000 רובל), איז קלאָר, אַז אין יולי האָבן „זיי" נאָך נישט געהאַלטן, אַז די „קיסרישע" תפיסה, און במילא אויך די „קיסרישע זאַך", האָבן שוין אָפּגעשפּילט זייער ראָל.

אָבער ווי די זאַך זאָל נישט זיין, — מענטשן, וועלכע זיינען געלעגן אין אַ טרומנע, וועלכע האָבן שוין פאַרלוירן יעדע האָפנונג ארויסצוגיין פון איר, האָבן דערהערט אַ קלאַפּ. ווי עמיצנס שטאַרקע הענט וואָלטן זיך באַמיט אראָפּ־צורייסן דעם דעקל פון דער טרומנע. דאָס דעקל איז פעסט צוגעקלאַפּט. דער פאַרזיכטיקער, צו אנטוישונגען צוגעוווינטער שכל זאָגט: ניין, זיי וועלן נישט אראָפּרייסן! ליג רויק, לאָז אָפּ די האָפנונגען! שלאָף, האַרץ!...

דאָס האַרץ אָבער, אויפגעוועקט פון שטאַרקן קלאַפּ, וועט זיך מער נישט באַרויקן, וועט מער נישט אנטשלאָפן ווערן.

מאָמענטאַנוויז דאַכט זיך: דער טרוים פון אַ גאַנץ לעבן — אַ טאָג פרייהייט אין אַ פריי רוסלאַנד — איז גרייט פאַרווירקלעכט צו ווערן.

עס איז אָבער שרעקלעך צו דערנערן זיך מיט האָפנונגען, עס איז שרעקלעך זיך אָנצוטרויען זיי! גיסט זיך זיי איבער בלויז ביינאַכט. אַ פינסטערער הימל און העלע שטערן — שטומע עדות פון אומענדלעכע ליידן אין משך פון יאָרצענטליקער — קוקן זיך איצט קאַלט, גלייכגילטיק צו דורך די אייזערנע קראַטעס, ווי אויף די זעלבע נאַרעס פאַרברענגען די זעלבע מענטשן (איצט שוין בלייכע אונגרייז-גרויע) שלאָפלאָזע נעכט, פאַרפאָלגט פון צודרינגלעכע געדאַנקען וועגן לעבן און פרייהייט.

און בייטאָג — אויף די שפּאַצירן — קומט דער שמועס אַרויף אומפאַרמיידלעך אויף דעם, „וואָס וועט זיין, אויב דאָס וועט זיין?". איינע האָבן אויפגעוויזן, אַז אין פעטערבורג קען זיך אויסגעצייכנט זיצן די דומע, און אין שליסעלבורג — די „מלוכהשע פאַרברעכער", אַנדערע האָבן אויפגעוויזן, אַז אויב אפילו עס וועלן נישט זיין קיין ווייטערדיקע נצחונות, מוז מען ביים צונויפרופען די דומע, ד. ה. דעם 6-טן יאַנואַר, לכל הפחות באַפרייען די אַלטע.

אַלע באַמיונגען צוצופאַסן זיך ווידער צום תפיסה-לעבן, פאַרנעמען זיך מיט לייענען — אַז מען האָט שוין יאָ געטאָן מיט אונז דעם חסד און דערלויבט פאַר די געבליבענע אייגענע געלט אויסשרייבן ביכער, — האָבן קיין דערפאָלג נישט געהאַט: דאָס לעבן האָט געררייצט, דאָס לעבן האָט געלאָקט.

דעם 20-טן אָקטאָבער האָבן מיר ביי די זשאַנדאַרמען באַמערקט אַ צעטומלעניש. זיי האָבן זיך געזאַמלט גרופנוויז, זיך איבערגעפליסטערט, שטילוואָרטדיק ביי אונזער דערנענטערונג. מיר האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן. דערגיין איז אָבער גאָרנישט געלונגען. זונטיק, דאָס איז, דאַכט זיך, געווען דעם 23-טן, ביים מיטאָג-עסן, אַ „טעלעגראַמע" — דער סטאַראָסטע קלאַפּט 1): „וויכטיקע ידיעות — וויטע איז געוואָרן פּרעמיער; דער צוזאַמענשטעל פון מיניסטאָרן-קאַבינעט — אַ ליבעראַלער; מען זאָגט צו גרויסע רעפאָרמען. צונויפזאַמלען זיך אין גרויסן גאָרטן".

עמיצער קלאַפּט אויס אַן ענטפער: „וויטע איז אַ זשוליק — וועט אָפּנאַרן".

פון דער צווייטער זייט טראָגט מען אַריין אַן אויסבעסערונג: „הגם אַ זשוליק, פונדעסטוועגן פאָרט נישט קיין זשאַנדאַרם. ער לייגט פאָר אויסצודריקן צוטרוי דעם מיניסטעריום פון קלוגן זשוליק".

ווי נאָר מען האָט געעפנט די טירן „אויפן שפּאַציר", האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געטאָן אין גרויסן גאָרטן. לויט דער אינסטרוקציע מעג מען זיך דאָרטן צונויפקומען בלויז זאַלבעפערט. אָבער דאָס מאָל, „צוליב דער ענדערונג פון מיניסטאָרן-קאַבינעט" איז צוויי פערזאָן געלונגען אַריינצושמוגלען זיך. די זשאַנדאַרמען זיינען מילד געשטימט.

— „שנעלער, דער פּאַרלאַמענט איז שוין געעפנט, בלויז איר פעלט נאָך".

— ווייצלט זיך דער דיזשורנער זשאַנדאַרם.

---

1) אין שליסעלבורג איז אָנגענומען צו קלאַפּן נישט אין דער וואַנט, ווי געוויינלעך אין תפיסות, נאָר מיט עפּעס אין דער טיר — דאַן הערן אַלע.

הינטער מיר, אָפּגערוקט אויף צוויי טריט, גייט אַן אונטעראָפיציר. ביים אַראָפּגיין פון בריקל האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן זיין עטוואָס־צערודער־טער אויסזען. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט מיטטיילן. איך האָב פאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנג.

— נו, פינפאונדרייסיקסטער [1], איר קענט זיך פרייען, עס איז טאַקע אַלץ געשען, ווי איר האָט געזאָגט! — פליסטערט פון הינטן דער אונטעראָפיציר.

— וואָס איז געשען? — פרעג איך, נישט באַגרייפנדיק אין וואָס עס האַנדלט זיך.

— אַט טאַקע וועגן די ווענט פון יריחו, איר געדענקט? אזוי ווי איר האָט געזאָגט, אזוי איז געשען, וואָרט אין וואָרט [2] קוקט זיך נישט אום, אין אַ פערטל שעה אַרום גייט אין ערשטן גאָרטן, דאָרט וועט זיין באַקוועמער

כ'גיי אין „פאַרלאַמענט". דאָרט איז אַן אויסערגעוויינלעכע סענסאַציע. ווייזט זיך אַרויס, אַז ביים מיטאָג איז צום סטאַראָסטע געקומען אַן אויפזעער (דער געהילף פון קאָמענדאַנט) כלומרשט צוליב אַ ווירטשאַפטלעכן ענין, אָבער וואַרשיינלעך כדי „דורכצושמועסן זיך". ער איז געווען אויסערגעוויינלעך ליב־לעך און באַצויבערנדיק, וואָס נישט שטענדיק טרעפט דאָס ביי אים. (דאָס איז אויך אַ באַראָמעטער). ער האָט גענומען רעדן וועגן די שטרעמונגען אין פעטער־בורג. אַ נייער „קאַבינעט". וויטע — פּרעמיער. ליבעראַלע מיניסטאָרן. די דומע איז געענדערט — נישט קיין געזעץ־באַראַטנדיקע, נאָר אַ געזעצגעבנדיקע. דאָס וואַל־רעכט איז פאַרברייטערט. „בכלל, אַן אמתער פאַרלאַמענטאַרישער רעזשים"

— „און ווי איז מיט דער פּרעסע־פרייהייט?" פרעגט מען אים.

— „מען שרייבט וועגן אַלץ, וואָס מען וויל נאָר. אָבער די לעצטע צייט איז בכלל קיין צייטונגען נישט געווען".

— „וואָס הייסט נישט געווען? פאַרוואָס?".

---

1) אין שליסעלבורג רופט מען די אַרעסטאַנטן נישט לויט די נעמען, נאָר לויט די נומערן.

2) אין מערץ, אויפן הויפל פון דער אַלטער תפיסה, ווען דער שניי האָט גענומען צעגיין, האָבן די זשאַנדאַרמען, שטיפנדיק, צונויפגעשלאָגן אַ וואַנט פון שניי.

— אַן אומזיסטע אַרבעט, מיינע ליבע, ווי אַלץ, וואָס איי ע ר העכערע מאַכט טוט איצט.

— וואָס הייסט?

— די זון פון אמת וועט אויפגיין — וועט אייער שניי־וואַנט צעגיין, — און די דאָזיקע שטיינערנע וואַנט וועט איינפאַלן.

— וואָס הייסט איינפאַלן?

— ווי די וואַנט פון יריחו — ווי נאָר עס וועט זיך דערהערן אַ שטים: דער אמת איז געקומען אויף דער וועלט — וועט זי גלייך איינפאַלן, אָט וועט איר זען.

— און טאַקע אינגיכן?

— אינגיכן, דעם ווייטערדיקן בענדל וועט איר נישט באַוויזן אויסצודינען.

— „א שטרייק. אלע דרוקערייען האָבן געשטרייקט. א לאנגע צייט זיינען קיין צייטונגען נישט געווען".

אפילו „בלעמס אייזל" (אזוי האָט מען גערופן דעם פעסטונגס־דאָקטאָר פאר זיין „פּאָליטישער שווייגעוודיקייט") האָט עפּעס גענומען רעדן אויף דער טעמע, אז אָט האָט זיך אלץ גוט געענדיקט, — ענדלעך וועט רוסלאנד האָבן א קאָנסטיטוציע. גלייכצייטיק האָבן דער אויפזעער און דער דאָקטאָר געבעטן צוצוגרייטן פאר זיי, און טאקע וואָס שנעלער, — ווייל עס איז זייער־זייער נויטיק, — א צוועגנגל צו צוקער און נאָך עפּעס ענלעכעס.

אָט־אָ די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע געשעענישן זיינען באהאנדלט געוואָרן אין אונזער פּארלאמענט.

קודם־כל האָט מען גענומען אין אכט נישט דאָס, וואָס די ראנגעס האָבן גערעדט, נאָר ווי אזוי זיי האָבן גערעדט. אין דער באהאנדלונג, אין דער באלויכטונג פון די פאַקטן, אין דער אינטאָנאציע גופא האָט זיך געשפּירט עפּעס נייעס. דאָס איז ערשטנס. צווייטנס — קיינמאָל ביז איצט האָט דער אויפזעער באזונדערס דער דאָקטאָר, נישט מיטגעטיילט קיין שום וויכטיקע נייעס, און מיטאמאָל מעלדן זיי וועגן דער ענדערונג פונם קורס. קלאָר, אז עפּעס איז פּאָרגעקומען.

מיר האָבן גענומען פארגלייכן די דאטעס, — ווי דען: דער 17 און 21 זיינען חגא־טעג. צום דאָזיקן טערמין איז, ווארשיינלעך, צוגעגרייט געוואָרן עפּעס א מאניפעסט. וואָס באדייט אָבער דער שטרייק פון די דרוקערייען? קלאָר: עס איז געווען עפּעס א גרויסער שטרייק. אין גרויסן גאָרטן ווערט לייַדענשאפטלעך באהאנדלט די לאגע, ווערן ארויסגעזאָגט אלערליי השערות, און אינדערהויך, אויפן וואך־טורם, גייען ארום די דעזשורירנדע זשאנדארמען און שמייכלען גוטהארציק.

כ׳בין מודיע די חברים, אז באַלד וועלן מיר, אפשר, עפּעס דערגיין, ווייל א זשאנדארם האָט באשטימט א ראנדעווו... כ׳גיי אוועק אין באשטימטן גאָרטן. כ׳גיי לאנגזאַם, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. נאָך מיר — „ער".

— נו, 35־ער, טאקע דערלעבט! די ווענט פון יריחו זיינען טאקע געפאלן!

— זאָגט קלאָר, וואָס אזוינס איז פּאָרגעקומען?

— וואָס עס איז פּאָרגעקומען! גאנץ פּשוט, דאָס גאנצע לאנד האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דינען דער רעגירונג.

— וואָס הייסט דאָס גאנצע לאנד? ווער למשל?

— ס׳איז קלאָר ווער: די ארבעטער — זיי זיינען שטענדיק די ערשטע אין שלאכט, די „זעמסטוואָ", די פּויערים, די אייזנבאנען, די באאמטע, מיט איין וואָרט — אלע!

— וואָס־זשע האָבן זיי געפּאָדערט?

— מיר ווילן נישט, זאָגן זיי, דינען דער אלטער רעגירונג, דער ביוראָקראטיע, הייסט עס, נאָר מיר פּאָדערן, א נייע זאָל קומען, ווי פון פאָלק א שטייגער.

— טאקע? סיי די אייזנבאנען, סיי די „זעמסטוואָ"? איר ווייסט עס אויף זיכער?

— פארוואָס נישט וויסן? כ׳זאָג דאָס גאנצע לאנד! מיר ווילן נישט, זאָגט עס, דינען דער אלטער רעגירונג.

— איז וואָס־זשע, ס'איז דערשינען עפּעס אַן „אוקאַז"?

— אַ גרויסער אוקאַז, פינפאונדרייסיקער! גרויסע פרייהייטן זיינען דער־קלערט געוואָרן. און אַן אַמנעסטיע פאַר אַלעמען.

— וואָס הייסט אַן אַמנעסטיע?

— מ'עט באַפרייען, הייסט עס, אַלע, וועלכע זיצן אין די תפיסות. אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט מען באַפוילן צו באַפרייען.

— ד. ה., וואָס עפּעס סאָציאַל־דעמאָקראַטן? 1) וועמען רופט איר אָן סאָציאַל־דעמאָקראַטן?

— די פּאָליטישע, הייסט עס! אייך אַלע, למשל, נו, און די איבריקע, וועלכע זיצן אין רוסלאַנד.

— פונוואַנען ווייסט איר דאָס? אפשר פּלוידערט מען סתם אין דער וועלט אַריין?

— וואָס הייסט סתם אין דער וועלט אַריין! היינט האָב איך דיזשורירט אין דער קאַנצעלאַריע, אין מיין אָנוועזנהייט האָט נאַטשאַלסטווע געפירט אַ שמועס: אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, זאָגן זיי, וועלן באַפרייט ווערן. וואָס אַרט עס אונז! מיר זיינען אַליין אויך צופרידן.

— איז וואָס־זשע, מען וועט נעמען און טאַקע אָן קונצן אינגאַנצן באַ־פרייען? גלייך פון דער פעסטונג אויף דער פריי?

—ווי דען־זשע? איך פאַרשטיי דאָס נישט! מען האָט באַפוילן באַפרייען, הייסט עס, אַז זיי דאַרפן באַפרייען...

— ששש... גייט, פינפאונדרייסיקסטער, דער וואַך־פּאָסטן קוקט! ווי די הינט אויף קייטן, אַן אייגענעם וועלן זיי אויך דעם גאָרגל איבערבייסן!

כ'לויף העגדום־פּעגדום אין פּאַרלאַמענט. אין האַרץ און אין קאָפּ הערשט אַ וויכער: „זיך אָפּגעזאָגט דינען דער רעגירונג... גרויסע פרייהייטן... אַן אַמ־נעסטיע... כ'פאַרגלייך מיט די דערקלערונגען פון אויפזעער, — קלאָר, עפּעס איז פאָרגעקומען".

אין פּאַרלאַמענט, ווייזט זיך אַרויס, זיינען שוין דערהאַלטן געוואָרן פון אַ צווייטן מקור, — אויך פון אַן אונטעראָפיציר, — געוויסע צוגאָב־ידיעות צו מיינע. עמיצער זאָגט אומדרייסט: „מיינע הערן, דאָס איז דאָך ענלעך אויף אַ גענעראַל־שטרייק".

— נו, וואָס אייך חלומט זיך אַלץ! ביי אונז אַ גענעראַל־שטרייק, נאָך מיט די זעמסטוועס, מיט די בענק!... עפּעס לייגט זיך נישט אויפן שכל!

— וואָס הייסט? וואָס לוינט זיך זיי אויסטראַכטן? זעט נאָר, זיי אַליין זיינען היינט אַלע אין אַ געהויבענער שטימונג, באַזונדערס די יונגע! קלאָר, עס איז געווען אַ גראַנדיעזער שטרייק, אונטער זיין דרוק טרעט די רעגירונג אָפּ!

מיר האָבן דיסקוסירט, דיסקוסירט, און דערנאָך באַשלאָסן, אַז מען דאַרף זיך באַמיען צונויפזאַמלען נאָך ידיעות.

מיר זיינען זיך צעגאַנגען איבער די שטייגן. איך בין אַוועק אין שטייג פון

1) אין דער קאַנצעלאַריע, ביים פּאַנאַנדערקלייבן זיך אין דער „אַמנעס־טיע", האָט „נאַטשאַלסטווע", וואַרשיינלעך, גערעדט, אַז אַלע ס.ד. וועלן באַ־פרייט ווערן. די אונטעראָפיצירן האָבן דאָס אָנגענומען אויף אונזער חשבון.

מ. פ. פראָלענקאָ .זי האָט זיך געפונען אין סאַמע עק פון קאָרידאָר, דאָרט איז באַקוועם געווען צו רעדן מיט די זשאַנדאַרמען. דער דיזשורנער אויף דער גאַ־לעריע איז, ווארשיינלעך, זייער צערודערט. ער קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן, גייט אַרום נערוועז נעבן אונזערע שטיינגן.

בלייבט עטלעכע מאָל שטיין און קוקט אויף אונז מיט באַגייסטערונג.

— וואָס שיינט איר עפּעס היינט, ווי עס וואָלט געווען אייער נאָמענס־טאָג? — פרעגן מיר, באַפּנדיק א מאָמענט, ווען דער דיזשורנער אויף דער וואַנט איז אוועק אין דער צווייטער זייט.

— שוין צו פריילעכע נייעס....

— אויף אַן אמת? אָבער פאַר וועמען פריילעכע, פאַר אונז אָדער פאַר אייך?

— איך מיין, אַז אויב פריילעכע פאַר אייך, איז פאַר אונז אויך.

— איר מיינט עס אויף אַן אמת?

— און איר מיינט דען אַנדערש? איך האָב דען נישט קיין אייגענע? און וואָלט איך נאָר געהאַט עפּעס אין דאָרף, וואָלט איך געדינט פאַר 25 רובל אויפן דאָזיקן הינטישן פּאָסטן? די נויט צווינגט!

— טאָ וואָסערע נייעס זיינען דאָ?...

— איר ווייסט דאָך, אונז איז פאַרוועהרט צו רעדן, — פאַרענטפערט זיך דער זשאַנדאַרם מיט אַן אומגלויבלעך־אומעטיקן קול, וואָס ציטערט אויש.

— פאַרוועהרט צו רעדן? גיט נאָר א טראַכט, אליין זאָגט איר „א הינטישע דינסט", ד. ה. איר דינט א הינטישער זאַך, אונזער זאַך האַלט איר פאַר אייערע, און אַז די מאַכט אייערע הייסט אייך שווייגן, שווייגט איר?

דער זשאַנדאַרם ווערט אַלץ מער און מער אומרויק, ווייזט אַן אויפן וואַך־פּאָסטן און גייט אַוועק.

אין א קורצע צייט אַרום קומט ער ווידער צו.

— גלויבט מיר אויף נאמנות, עס ווילט זיך אַזוי אייך אַלץ דערציילן, אָבער מען קאָן נישט — מען באַוואַכט אונז שטרענג. פרעגט ביים שעפ־ער וועט זאָגן.

— גייט צו אַלדי רוחות מיט אייער שעף. מיר זיינען מיטן פאָלק, און נישט מיט די שעפן. מיר גיבן אָפּ דאָס לעבן פאַרן פאָלק — און אונז איז קיין שאַנד נישט, און איר האָט מורא זאָגן א גוט וואָרט.

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן? גוט דערקלערן וועל איך סיי ווי נישט קע־נען. מען קען זאָגן, אַז אַלץ פאַלט איין.

— וואָס פאַלט איין?

— די ביוראָקראַטיע די פאַרשאָלטענע.

— און זי טרעט אָפּ?

— וועסט אָפּטרעטן, ווען מען גיט א כאַפּ אַן ביים גאָרגל, אַז אָטעמען לאָזט מען נישט!

— הייסט עס, אַז מען לייגט גוט צו די קאַנאַליעס?

— אָהאָ, אַז עס גייט א רויך! פון פאָרנט און פון הינטן, — זאָגט דער זשאַנדאַרם מיט שאַדנפרייד.

— און איר זענט צופרידן?

— וואָס אַרט עס אונז, וואָלט מען שוין וואָס גיכער פאַרענדיקט מיטן טיוואָל, מיט דער ביוראָקראַטיע, וואָלט אונז אויך בעסער געוואָרן.

— און מען טראַכט טאַקע אויף אָן אמת צו באַפרייען אונז?

— מען זאָגט, אַז אין דער קאַנצעלאַריע איז געווען אַ שמועס, עס זאָל זיין עפּעס אַ מאַניפעסט. אָבער וואָס־ווען — ווייס איך נישט. שפּאַצירט, דער אויפזעער גייט! — האָט ער אומרויק אַרויסגעפּליסטערט און איז אוועק אויף זיין רונד־גאַנג.

די ידיעות, וועלכע מיר האָבן געבראַכט, האָבן אין פּאַרלאַמענט אַרויסגערופן אַ סענסאַציע. פון אַלץ איז געווען צו דערקענען, אַז עס איז פאָרגעקומען עפּעס אַנטשיידנדיקעס. די אונטעראָפיצירן ווייסן נישט, צוליב זייער נאַיווי־טעט, אין וואָס עס האַנדלט זיך, און די העכערע מאַכט — שווייגט. מיר מאַכן אַלערליי השערות. אינצווישן דערטראָגט זיך צו אונז אַ פרישע ידיעה. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אויפזעער האָט אַרומגעבלאָנקעט איבער דער גאַלע־ריע מיטן בולטן פאַרלאַנג צו פאַרפירן אַ שמועס. ער איז געבליבן שטיין נעבן דער שטייג פון מ. פּ. פּאַפּאָוו. נאַטירלעך, מען האָט ווידער באַרירט די פראַגע וועגן די „נייעסן". עס איז באַשטעטיקט געוואָרן דאָס אַלטע. מען האָט זיך דערוווסט עפּעס נייעס. דער שמועס איז אַריבער אויף שליסעלבורג.

— ביי אַ קאָנסטיטוציע קאָן דאָך שליסעלבורג נישט עקזיסטירן?

— פאַרוואָס עפּעס זאָל זי נישט קענען עקזיסטירן? זי וועט בלויז אַרי־בער אין אַן אַנדער רעסאָרט, — „באַרויקט" אונז דער אויפזעער, פאַרלאָזנדיק די גאַלעריע, כדי איבערצורייסן דעם אומבאַקוועמען שמועס. און אויף דער גאַלעריע פליסטערט דער אונטעראָפיציר מיט אַ שמייכל צו פּאַפּאָוון אויפן אַדרעס פון אויפזעער:

— בלייבן וועט זי! זיי לייקענען, די אויסוורפן, גלויבט זיי נישט! אייך אַלע וועט מען באַפרייען, אָט וועט איר זען.

אין „פּאַרלאַמענט" אַמפּערט מען זיך וועגן דעם, צי קען שליסעלבורג בלייבן ביי אַ קאָנסטיטוציע, צי נישט. די מיינונגען טיילן זיך.

— לויט מיין מיינונג, שפּאַסט עמיץ בייסיק, קאָן זי אויסגעצייכנט עקזיסטירן; מען וועט איבערבייטן ביי די אונטעראָפיצירן די קנעפּלעך, אַנשטאָט „אָדלערס" וועט מען אָננייען דאָס „געזעץ" — און דערמיט וועט זיך ענדיקן די קאָנסטיטוציע: איר וועט אַרומגיין אונטערן „געזעץ"!...

פונדעסטוועגן: ווי מען האָט זיך נישט באַמיט איינצוהאַלטן זיך, כדי עס זאָלן נישט פאָרקומען קיין שום „זינלאָזע טרוימערייען", ווי מען האָט זיך נישט באַמיט צו מאַכן אַן אָנשטעל פון רויקייט, פון אַזעלכע, „וואָס גיבן נישט צו קיין שום באַדייטונג דער דאָזיקער גאַנצער זשאַנדאַרמישער פּלוידערײ", וויפל מען האָט נישט כסדר איבערגעריסן דעם שמועס — „נו, גענוג וועגן דעם! שוין דערעסן" — האָט זיך דער געדאַנק אַלץ עקשנותדיקער און עקשנותדיקער אומגעקערט צו דער „זשאַנדאַרמישער פּלוידערײ".

מען איז זיך צעגאַנגען איבער די צעלעס און דאָרט — נישט שעמענדיק זיך פאַר די חוזקדיקע בליקן פון די „פּעסימיסטן" איבער די „אָפּטימיסטן" — האָבן סיי די אָפּטימיסטן, סיי די פּעסימיסטן אָנגעטרויט זייערע געדאַנקען די איינזאַמע צעלעס.

צומאָרגנס זיינען די דיזשורנע געווען „געטרייע אונטערטאַנער" — איז גאָרנישט געלונגען צו דערגיין, ווי לויט אַ קעגנזייטיקן הסכם האָט מען נישט באַרירט די פראַגע פון די „זינלאָזע טרוימערייען". און אַלס באַווייז, אַז זיי גיבן נישט צו דעם מינדעסטן ווערט דער דאָזיקער גאַנצער פּלוידעריי, — האָבן זיך אייניקע פאַרנומען מיט פּאַנאַנדערגראָבן די מיסט־בייטן.

אָבער סיי דאָס דאָזיקע שווייגן, סיי די דאָזיקע מיט ברען דורכגעפירטע אַרבעט איבער די מיסט־בייטן, סיי דאָס דאָזיקע איגנאָרירנדיקע אונטערפּייפן, דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן „אַזוי זיך"... אינדערהאַמתן אָבער האָט דאָס האַרץ געשלאָגן אַליאַרם, און די געדאַנקען האָבן געהאַקערט דעם מאַרך אַלץ וועגן איינס און דעמזעלבן...

## קאַפּיטל צען

אַזוי זענען פאַרגאַנגען צוויי טעג. מיטוואָך דעם 26־טן האָט מען אונז אַרויסגעגעבן אַ „פּריש" ביכל פון „רוסקאָיע באָגאַטסוואָ", אַ „פּריש באַדייט — פון פאַראַיאָרן נאָוועמבער.

ס'איז געווען אַ קלאָרער, האַרבסטיקער פרימאָרגן. די זון האָט געוואַרעמט. איך מיט מ. פּ. פּאָפּאָוון האָבן באַקומען דאָס ביכל אויף אַ שעה. מיר זענען אַריין אין שטייג, כדי צו לייענען אַ. קאָמינס אינערלעכע כראָניק. די „פּרישע" נייעס זענען פאַר אונז געווען אַטעם־פאַרכאַפּנדיק. ערשטנס, דער דאָזיקער נייער קאַמפּס־מאָן! אַ באַשטימטע פּאָזיציע פון אָפּן פאַרטיידיקן די „קראַמאָלע". הייסט עס, אַז „דאָרט" איז שוואַכער געוואָרן. דערנאָך די דאָזיקע אַלע באַנקעטן, פּעטיציעס, מאַניפעסטאַציעס פון אָקטאָבער־נאָוועמבער 1904־טן יאָר, — דאָס איז אין אונזערע אויגן געווען אַזאַ „רעוואָלוציע", אַז מיר האָבן קוים געאָטעמט פון אַנטציקונג. אונזער אַנטציקונג איז אָבער אַביסל מעסיקער געוואָרן, ווען דער דיזשורנער אויף דער גאַלעריע, וועלכער האָט זיך אַ לאַנגע צייט איינגעהערט צום לייענען, האָט מיט חוזק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַרויסזייענדיק דערביי דורך די ציין: — „נו, געפונען וועגן וואָס צום לייענען! נישט נאָר דאָס קומט היינט פאָר!"

אין רעכטן מיטן קלאַנג פון עפּעס אַ „זעמעץ", וועלכער רופט צוזאַמענצונעמען זיך אַרום טראָן, הערט זיך אַ ווילד קלאַפּן אין דער טויער פון שטייג און אין עטלעכע רגעס באַווייזט זיך די צערודערטע פיגור פון ג. א. לאָפּאַטין.

— גייט שנעלער... דער קאָמענדאַנט רופט צונויף... אַן אַמנעסטיע אָרער ווי זי הייסט דאָרט צו אַלדי רוחות! מען פירט אונז אַוועק... איך — 15 יאָר.

מיר האָבן זיך אַ לאָז געטון צום „אַפּעל". — „אהער, אהער! אין גרויסן גאָרטן!"...

אין גרויסן גאָרטן זענען שוין אַלע פאַרזאַמלט. דער קאָמענדאַנט, אַלע אָפיצירן, די אונטעראָפיצירן. די אַלטע, ווייזט זיך אַרויס, פירט מען אַוועק, די יונגע טערמיניקע ווערט פאַרקלענערט די שטראָף אויף אַ העלפט, די לעבנסלענגלעכע — אויף 15 יאָר.

— צי דען האָפט די זעלבסטהערשאַפט דורכצולעבן נאָך 15 יאָר?

— ווער קען וויסן? — ווערט אָפּ געהיימניספול דער קאָמענדאַנט.

— ווען־זשע וועט מען אוועקפירן און וווהין?
— א פאראָרדנונג פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט וואָס שנעלער אַריבערצו־שיקן אייך פונדאַנען אין דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג, כדי אָפּצוטראַנס־פּאָרטירן קיין סיביר.
— קיין סיביר?! „גישקשה פון אַן „אַמנעסטיע".
מיר האָבן אויסגעדונגען 2 טעג אויף צוקלייבן זיך אין וועג אַריין. קיינער, ווייזט זיך אַרויס, איז נישט גרייט. מען שפּאַסט פון מ. פּ. פּראָלענקאָן: צען יאָר מאַכט ער א וואַליזע*) און איצט, אַז מען דאַרף פאָרן, איז נישטאָ מיט וואָס כאַטש נעם און לייג אָפּ די נסיעה.
פון אָנהויב זענען אַלע געשטאַנען, ווי פאַרלוירענע. דער דערהויבענער, אַזוי לאַנג דערוואַרטער מאָמענט, וואָס זיין דערשיינען האָט זיך אַלעמען אויס־געמאָלט אין „גלאַנץ און רום", איז אָנגעקומען. ער איז אָבער געקומען אַזוי גרוי, אַזוי טריב! וואָס פאַרא אַמנעסטיע האָט דאָס פאָלק אַרויסגעריסן? נאָך 20—25 יאָר אַרעסט פירט מען אַוועק אויף פאַרשיקונג, און די איבעריקע פאַר־קלענערט מען דעם טערמין!
די פרייד פון מאָמענט איז גלייך אָפּגעסמט. דערפאַר איז אָבער שאַרף די ביטערניש פון צעשיידונג. אַוועקגיין פון דאַנען, איבערלאָזנדיק די „יינגע" אין א אומבאַשטימטער לאַגע, איז אַזוי שווער. די אַוועקגייענדיקע שפּירן זיך אומבאַקוועם, ווי זיי וואָלטן געווען שולדיק דערין, וואָס מיר פאַרבלייבן דאָ.
לכבוד אַזאַ אויסערגעוויינלעכן פאַל, דערלויבט דער קאָמענדאַנט מיר זאָלן זיך אַלע צונויפזאַמלען אין גרויסן גאָרטן.
די גרעסטע צאָל אַמפּערייען און דיסקוסיעס רופט אַרויס די פראַגע — וואָס אייגנטלעך האָט אַרויסגערופן די „אַמנעסטיע"? ס'איז קלאָר, אַז אויב די רע־גירונג גיט נאָך, איז נישט אויפריכטיק, אָן צוטרוי צו דער „נייער אָרדענונג". וואָס פאַרא זין וואָלט אויב נישט, געהאַט די דאָזיקע האַלבקייט?
— נו, אַזוי איז שוין דער גורל פון אונזער מוטערל רוס — אַלץ קאַפּויער, אַפילו דער גאַנג פון דער רעוואָלוציע — שפּאַסט עמיצער.
פונדעסטוועגן דאַרף מען זיך קלייבן. מיטנעמען מיט זיך מאַנוסקריפּטן, דאָ־קומענטן און ענלעכעס האָט מען מורא געהאַט: — מען קאָן רעווידירן, דאַן וועט אַלץ פאַרלוירן גיין. מען באַשליסט דאָס איבערלאָזן אונז, ווייל אויב מיר וועלן זיך פון דאַנען אַרויסרייסן, איז נישט אַנדערש, ווי אַלס פּולבאַ־רעכטיקטע בירגער, — די טויערן אָפן, דערנאָך וועלן מיר אַליין פאַרשליסן און דעם שליסל אַריינלייגן צו זיך אין קעשענע.
מען האָט זיך גענומען קלייבן. אַלע צעלעס — ברייט אָפן, קיין דיזשורנעס זענען נישטאָ, אין תפיסה הערשט אַן אומגעוויינלעכער הו־האָ. וואָס נעמען מיט זיך, וואָס — איבערלאָזן? אין משך פון צוואַנציק יאָר האָט זיך אַזויפיל אָנגעקליבן! מען האָט זיך אַזוי צונויפגעלעבט מיט דעם אַלעם, אַז איצט איז א

*) פּראָלענקאָ האָט זיך ספּעציאַליזירט אין די שליסלבורגער וואַרשטאַטן אויף וואַליזעס. אַלע וואָס פלעגן פאַרלאָזן שליסלבורג, פלעגן נעמען זיינע אויסאַרבייטונגען. צען יאָר האָט ער געאַרבעט פאַר זיך, און אַלץ געדאַרפט אָפּ־געבן אַנדערע.

שאָד צו שיידן זיך אַפילו מיט די דאָזיקע גראַטעס. אין די אָוונטן, היינט און מאָרגן, וועלן די פֿאַרבליבענע געבן אויפֿטראָגן — די אַוועקגייענדע. „געלעגנ־הייטן" זענען אין שליסעלבורג אַזוי זעלטן.

אין פֿאַרשלאָסענע צעלעס, זאַלבעצווייט, נאָנט, נאָנט, נאָנט איינער צום צווייטן, אַרומקוקנדיק זיך, צי עמיצער הערט נישט אונטער, חזרט איין דער פֿאַרבליי־בנדער מיט אַן אומרואיקן פֿליסטער מיטן אַוועקפֿאָרנדיקן. אויפֿטראָגן וועלן זיין אַ סך. זאָל מען נאָר נישט איבערדרייען די יוצרות! מען חזרט איין ווי אַ לעקציע: מאָרגן וועט מען האַלטן עקזאַמען.

עס איז פֿאַרגאַנגען אויך דער צווייטער אומרואיקער טאָג. קיינער געפֿינט זיך קיין אָרט נישט. ס'איז אָנגעקומען פֿרייטיק. אויף צוועלף אַזייגער דאַרף מען זיין גרייט. די בריוו צו די חברים אויף דער פֿריי זענען געשריבן אויף אַ קליין, קליין פּיצל פּאַפּיר און פֿאַרשטעקט אין אַ זיכערן אָרט. אַלע אויפֿטראָגן זענען איינגעטיילט. די זאַכן זענען איינגעפּאַקט און צונויפֿגעזאַמלט אין קאָרידאָר. די אַוועקפֿאָרנדע האָט מען געגעבן פֿרישע וועש, שלאַפֿראָקן און... מאַלע וואָס די „קאָנסטיטוציע" קאָן אויפֿטאָן! — שטיוול!

ווי נאָר ס'איז ליכטיק געוואָרן, — האָט מען זיך צונויפֿגעזאַמלט אין גרויסן גאָרטן. די „אַלטע" זענען שוין אָנגעטון צו דער רייזע. ווידער שמועסט מען וועגן דעם, וואָס ס'קומט פֿאָר „דאָרטן"? צי וועט מען לאַנג האַלטן אין פּעטראָ־פּאַוולאָווער? ניט־שוין־זשע וועט מען פֿאַרשפּאַרן אין איינצל־צעלעס און געבן פּערטל־שעהדיקע שפּאַצירן? נאָר דאָס וואָלט געפֿעלט צו אַ פֿולער „אַמנעסטיע"!

איך האַלט, אַז אין ערגיץ באַהאַלט מען נישט אויס אַזוי אייפֿערזיכטיק און עקשנותדיק די אייגענע געפֿילן, ווי אין רוסלאַנד.

ביזן אָפּפֿאָר זענען פֿאַרבליבן אַ שעה צוויי. אַ מאָמענט, אָן ספֿק, אַן אויסער געוויינלעכער. מען פֿירט אַוועק פֿון שליסעלבורג די לעצטע מאָהיקאַנער. דאָס איז דאָך ווי אַ סימבאָל פֿון דער גרויסער טראַגעדיע, וואָס שפּילט זיך אָפּ דאָרט — אין גרויסן לאַנד. די אַלטע זענען „אַמנעסטירט געוואָרן" — ווי עס זאָל נישט זיין: מיטן אַלטן רעזשים האָט מען פֿאַרענדיקט. אָבער די „יונגע" בלייבן נאָך. קיין נייער רעזשים איז נאָך נישטאָ, און ס'איז נאָך אומבאַוווּסט צי אַזאַ וועט זיין: — מ'עט לעבן, וועט מען זען. וואָס האָבן געמוזט איבערלעבן אין יענעם מאָמענט סיי די אָפּפֿאָרנדע, סיי די פֿאַרבליבענע!

אָבער יעדער האָט עקשנותדיק אויסבאַהאַלטן זיינע געפֿילן, באַמיענדיק זיך אויסצווזען אינגאַנצן רואיק. צום סוף האָט מען גענומען ריידן וועגן קליי־ניקייטן. מען האָט זיך דערמאָנט קוריאָזן. מען האָט זיך באַמיט צו שפּאַסן. מען האָט געלאַכט. אָבער סיי די קלייניקייטן, סיי די קוריאָזן, סיי די שפּאַסן, סיי דאָס געלעכטער — אַלץ איז געווען בלויז אַן אָנשטעל. דאָס, וואָס האָט אַלעמען באַאומרואיקט, האָט מען מורא געהאַט צו באַרירן, וועגן עיקר האָט מען אויס־געמיטן צו ריידן.

אָבער אַלע האָבן אין זינען געהאַט עפּעס אַנדערש. איינער האָט דורך־אַגב אַרויסגעזאָגט אַלעמענס געדאַנק, — מען קען דאָך נישט אַוועקגיין נישט געזעג־נענדיק זיך מיט די קברים!... עס איז אַנטשטאַנען אַן אומבעקוועם שווייגן. מען האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז מען האָט נישט דערהערט. אָבער סאַראַ

גהינם עס האָט געמוזט הערשן אין זייערע נשמות! נאַטירלעך, אויפֿן בית־עולם וועט מען נישט לאָזן, — צו וואָס־זשע אויפֿהויבן די דאָזיקע פֿראַגע?

פֿאַרן אָפּפֿאָר האָט מען געגעבן אָפּצועסן אַ מיטאָג. נאָכן מיטאָג האָט מען זיך ווידער צונויפֿגעזאַמלט אין גרויסן גאָרטן. אויפֿן תפֿיסה־הויף ווערט אויסגעשטעלט אַ זשאַנדאַרמען־קאָנוואָי. קאָנוואָאירן וועלן די שליסעלבורגער זשאַנדאַרן און אָפֿיצירן. אַלע אין וואַך־אוניפֿאָרם. עס באַווייזט זיך דער קאָמענדאַנט.

— נו, מיינע הערן, צעזעגנט זיך און אין וועג אַריין.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די צערעמאָניע פֿון איבערגעבן די פֿעסטונג. די נ אַ ר אָ ד נ אַ י אַ   וואָ ל י אַ האָט איבערגעגעבן די פֿעסטונג איר יורשטע — דער פּאַרטיי פֿון די ס אָ צ י אַ ל י ס ט ן־ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ן. און טאַקע אָט־אָ־די אויסערגעוויינלעכקייט פֿון מאָמענט האָט אונז באַוויגן — ווי דאָס איז נישט געווען שווער און „אומגעוווינט" — אָפּצולאָזן זיי מיט אַ געזעגנונגס־רעדע. בשעתה איז זי אָפּגעדרוקט געווען. אָט איז זי:

„חברים!

עס ליגט נישט אין דער טראַדיציע פֿון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן אויסצוגיסן איינער פֿאַרן צווייטן די געפֿילן. אָבער די אויסערגעוויינלעכקייט פֿון איצטיקן מאָמענט, די אומזיכערקייט, צי מיר וועלן זיך נאָך זען אָדער נישט, לייגט אַרויף אויף אונז די פֿליכט צו זאָגן אייך כאָטש אַ טייל פֿון דעם, וואָס עס וואָלט באַדאַרפֿט געזאָגט ווערן.

די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן באַטראַכט זיך אַלס גייסטיקע יורשטע פֿון דער נ אַ ר אָ ד נ אַ י אַ   וואָ ל י אַ. די פּיאָנערן פֿון דער פּאַרטיי סאָציאַל־רעוו. האָבן געטרוימט און געשטרעבט אַריינצובלאָזן אין דער יונגער פּאַרטיי יענעם גייסט פֿון רעוואָלוציאָנערער פֿעסטקייט, בירגערלעכן מוט און גרעניצלאָזער איבערגעגעבנקייט דער פֿאָלקס־זאַך, מיט וועלכן עס איז אַזוי שטאַרק געווען די נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ און וועלכער האָט זי באַדעקט מיט אומשטערבלעכן רום. איר זענט די לעצטע מאָהיקאַנער פֿון אַ געפֿאַנגענער צעשלאָגענער פּאַרטיי.

נאָכדעם ווי איר, די אַלטע גוואַרדיע, האָט אָפּגעדינט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע טערמינען, פֿאַרלאָזט איר היינט שליסעלבורג און גיט איבער אונז, די יונגע זעלנער פֿון דער יונגער פּאַרטיי, אייער פֿאָן.

געדענקט: מיר ווייסן, אַז די דאָזיקע פֿאָן איז באַגאָסן מיטן בלוט פֿון די חברים, וואָס זענען דאָ אומגעקומען. מיר ווייסן, אַז זי גייט איבער צו אונז אַ ריינע און אומבאַפֿלעקטע, און אַז פּונקט אַזאַ דאַרפֿן מיר זי איבערגעבן אונדזערע נאָכפֿאָלגער, אויב אַזעלכע וועלן נאָך, צום אומגליק, זיין. און מיר האָפֿן, אַז די דאָזיקע אויפֿגאַבע וועט נישט זיין איבער אונדזערע כחות.

אַוועקגייענדיק, טראָגט איר, 8 פּערזאָן, אַוועק פֿון דאַנען 203 יאָר תפֿיסה־אַרעסט. אַ לאַסט אַ שוידערלעכע, כמעט אַן אומגלויבלעכע. און אויב איר, חברים, זענט נישט געפֿאַלן אונטער איר שווערקייט, זענט איר ערלעכע, זיכערע טרעגער. אָט דאָס זענען די געפֿילן, וואָס פֿילן היינט אָן אונז, די פֿאַרבליבענע, און יענע, וועלכע וואַרטן אויף אייך דאָרט, הינטער דער וואַנד פֿון דער דאָזיקער תפֿיסה.

געדענקט און ווייסט: די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, דער רע־

וואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט, דאָס פּויערטום און די יונגע דערוואַרטן אייך, ווי די טייערסטע, נאָנטסטע מענטשן. זייערע הייסע אַרומאַרעמונגען, זייער ברידערלעכע ליבע און מיטגעפיל וועלן צעשמעלצן דעם אייז, וואָס איז אָנגע־וואַקסן אין משך פון די אומענדלעכע יאָרן פון פיינלעכער איינזאַמקייט, און וועלן אייך כפל־כפלים אומקערן דאָס, אָן וואָס אייער נשמה איז אַזוי אויסגע־הונגערט און דערפרוירן געוואָרן. גיט זיך אָפּ מיט צוטרוי זייער געפיל: איר האָט עס כשר פאַרדינט.

און נאָך עפּעס: זאָל דער געדאַנק וועגן אונז, די פאַרבלייבנדע, נישט פאַר־פינסטערן אייער שטימונג. ווי שווער עס זאָל נישט זיין די צעשיידונג מיט אייך, ווי איינזאַם און פאַריתומט מיר וועלן זיך נישט שפירן, איז אָבער טרויעריק נישט אַזוי דאָס, וואָס מיר פאַרבלייבן דאָ, ווי דאָס, וואָס עס בלייבן שליסעלבורגער: הייסט עס, אַז מען נויטיקט זיך נאָך אין זיי!

איר לאָזט אונז איבער וועגן זיך גוטע דערינערונגען. מיר וואָלטן געוועזן צו־פרידן, ווען אויך איר וואָלט מיטגענומען וועגן אונז נישט קיין ערגערע. אַ גרוס אַלעמען. דער שטיין, וועלכן איר פירט אַוועק פון אונז צו די קרובים אַלס אָנדענק וועגן שליסעלבורג, זאָל נישט זיין דער לעצטער, זאָל דאָס פאָלק פאַ־נאַנדערנעמען די איבערגעבליבענע שטיינער — זיי זענען דאָ אַ סך — פאַר זיך אַלס אָנדענק וועגן דעם, וואָס איז געוועזן אַמאָל און וואָס עס וועט מער נישט דערלאָזן איבערצוחזרן זיך!"

מיר האָבן זיך צעזעגנט. די זשאַנדאַרישע וואַך, וואָס האָט זיך געהאַט אויס־געשטעלט אין הויף, האָט זיי אַרומגערינגלט. דער עלטסטער האָט איבערגע־ציילט, צי קיינער פעלט נישט. עס האָט זיך דערהערט עפּעס אַ קאָמאַנדע, ס'האָבן זיך צעקלונגען שפּאָרן און די פּראָצעסיע האָט גערירט אין וועג.

מיר זענען געלאָפן אין תפיסה צו די פענסטערלעך, פון וועלכע מען זעט דאָס שטעגל אַזש ביזן אינערלעכן אַרויסגאַנג, דעם פעסטונג־טויער פון מאַ־נעזש.

די דאָזיקע גרופּע אַלטיטשקע אין אַרעסטאַנטישע היטלען, אין הערלעכע פעלצלעך, אַרומגערינגלט מיט אַ לעבעדיקער וואַנט זשאַנדאַרן, האָט פאָרגע־שטעלט מיט זיך אַן אויסטערליש בילד.

כסדר אויסדרייענדיק זיך צו די פענסטערלעך, צו וועלכע מיר זענען צוגע־פאַלן, פאָכען זיי צו אונז מיט די היטלעך און שרייען עפּעס. דער שטח צווישן אונז ווערט שנעל גרעסער. ביי דער קאַנצעלאַריע בלייבן זיי שטיין. גייען אַהין אַריין. אין עטלעכע מינוט אַרום באַווייזן זיך די זשאַנדאַרן, נאָך זיי די „אַרעס־טאַנטן". פאָכען מיט די טיכלעך. גייען צום אַרויסגאַנג. זיך פאַרנומען הינטערן ראָג. צווישן די בוימער זעט מען קוים, קוים די בלויע היטלעך פון די זשאַנדאַרן. שנעל גיט אַ מיניע דורך אַ רויט טיכל*), דערנאָך איז אַלץ פאַרשוווּנדן.

עס הערשט אַ פייערלעכע שטילקייט, וואָס איז אומגעוויינלעך אין דער נייער תפיסה... נישטאָ קיין כח אָפּצורייסן זיך פון פענסטערל. מען זעט קיינעם נישט, אָבער מיטן געדאַנק פאָלגט מען זיי נאָך. אָט גייען זיי אַרונטער אונ־

---

*) אין שליסעלבורג פלעגט מען יעדן געבן צו צוויי רויטע (נאָז) טיכלעך אַ יאָר.

זאָנט. נאָך עטלעכע רגעס — און דער טויער איז שוין הינטער זיי, די מידע ברוסט אָטעמט איין גיריק, פלאַטערדיק פרישע לופט, פרייע לופט!... איינזאַמע צווישן זשאַנדאַרן. צי דען וועגן דעם האָבן מיר געטרוימט! מיר האָבן געמיינט: „די פרייהייט וועט אונז פריידיק אויפנעמען ביים איינגאַנג און די ברידער וועלן אונז א שווערד דערלאַנגען!"... און איצט!...

זיי קוקן זיך אום. פאַר זיי — די „קיסרישע טויערן"... ווען איז דאָס גע־ווען? פאַר קורצן, דאַכט זיך... ס'איז געווען פרימאָרגן... דיזעלבע זשאַנדאַרן... די פּנים און די הענט — געשמידט... די זעלבע טויערן, די זעלבע אויפשריפט „קיסרישע", אָבער דאַן איז פון הינטן געבליבן די פרייהייט, דאָס לעבן. דער טויער איז אַלץ נענטער געוואָרן און דער חושך — אַלץ געדיכטער און געדיכ־טער. ווען איז דאָס געווען?... יונגע, כמעט בלוט־יונג... זיי קוקן איינער אויפן צווייטן... סאַראַ ווייסע זיי זענען אַלע, אמתע זקנים. טראַכט יעדער איינער פאַר זיך.. יאָ, ווען איז דאָס געווען?... מיט 21 יאָר צוריק!... 21 יאָר!..:

— — — — — — — —

מיר זענען געבליבן אַליין אין דער ריזיקער תפיסה. אין א קורצער צייט אַרום האָט זיך דערטראָגן דער קלאַנג פון א ווייטער סירענע — דאָס זענען אָפּ־געשווימען פון שליסעלבורג די דאַמפערס מיט די „אַרעסטאַנטן"...

## קאַפּיטל עלף.

די ערשטע עטלעכע טעג האָבן ס'יי מיר, די פאַרבליבענע, סיי די זשאַנ־דאַרמען, אַרומגעבלאָנקעט איבער דער תפיסה, ווי זינדיקע נשמות. אַלץ איז געבליבן ביים אַלטן. די זעלבע גרויסע וואַך, דער זעלבער שטאַב אָפיצירן, די זעלבע באוואָפנטע וואכן אויף די ווענט. בלויז אינעווייניק אין דער תפיסה, איז געווען פוסט. אין „שטאָל" זיינען געזעסן יע, סאַזאָנאָוו און סיקאָרסקי. דער קאָמענדאַנט האָט צוגעזאָגט זיך משתדל צו זיין, מען זאָל זיי דערלויבן אריבער־פירן אין דער נייער תפיסה. אַלע האָבן געגומען אַרומטאַנצן אַרום אונז. די דער־נערונג איז תיכף בעסער געוואָרן; מען האָט צוגעגעבן צו האַלבע פלאַש מילך א טאָג פאַר יעדן. דער דאָקטאָר — דאָס קלאַסישע ווידערקול פון דער שטימונג „אויבן" — האָט צוגעשיקט צו שטיקל קאָזאָנער זייף. אינגיכן וועט מען אונז שוין מאַכן אַראָמאַטישע וואַנעס — האָבן מיר געשפּאַסט.

איך מוז זיך מודה זיין — דאָס דאָזיקע אַרומטאַנצן אַרום אונז איז געווען עקלהאַפט. מען ווייסט גוט זיין ווערט. אין אַנדערע צייטן האָבן די דאָזיקע מענטשן מיט דער גרעסטער רויקייט אָפּגעטאָן די עקלהאַפטסטע אכזריותן, און זיי וועלן זיי, נאַטירלעך, ווידער אָפּטאָן, ווי נאָר מען וועט באַפעלן, און אפילו נישט באַפעלן, נאָר פּשוט ווען מען וועט דאָס וועלן איינדערהויך. אין 1902, ווען דאָס עסן איז געוואָרן אומדערטרעגלעך מיט פלעווס אַרויפשטייג אויבן טראָן,, און ס. א. איוואַנאָוו האָט זיך באַקלאָגט, אז דאָס דאָזיקע עסן קען מען אין מויל נישט נעמען, האָט דער זעלבער דאָקטאָר, וואָס האָט אונז איצט גע־געבן שמעקעדיק זייף און מילך, געענטפערט איוואַנאָוון: „איר ווייסט, וואָס כ'וועל אייך זאָגן, איר אַלע זענט דאָ צו איבערקלייבעריש".

מען האָט ווי־נישט־איז צוריק גענומען אריינפּאַסן זיך אין תפיסה־לעבן. מיר האָבן געוואַרט אויפן קאָמענדאַנטס צוריקקער פון פּעטערבורג מיט דער רעציזיע וועגן אריבערפירן סאַזאָנאָוון און סיקאָרסקין צו אונז. דאָס פענסטער פון מיין צעלע (נומ. 40) איז ארויסגעגאַנגען אויפן תפיסה־הויף, ווו עס האָבן זיך געפונען די דירות פון די זעלנער און אָפיצירן. פון פענסטער פלעגט מען זען, ווען מען פלעגט גיין פון הויף אין תפיסה. די „וויזיטן" פון דער מאַכט פלעגן געמאַכט ווערן געוויינלעך בעתן פאַנאַנדערטראָגן דעם מיטאָג...

זונטיק, דעם זעקסטן נאָוועמבער, זע איך, ווי דער קאָמענדאַנט גייט צו דער תפיסה, ער איז אריין אין קאַרפּאָוויטשעס צעלע. אין א ווײַלע ארום — זייער שנעל — הערן זיך טריט, ער גייט אוועק. וואָס עפּעס, טראַכט איך, אזוי שנעל? כ'גיב א קוק אין פענסטער און ווער שיער נישט פאַרגליווערט: אין דער ריכטונג צום ארויסגאַנג פון דער פעסטונג, מיטן זעלבן שטעג, מיט וועלכן מען האָט פאַר קורצן אוועקגעפירט די אַלטע, שפּאַנט קאַרפּאָוויטש אין דער באַ־גלייטונג פון קאָמענדאַנט, אָפיצירן און אונטער־אָפיצירן. ער מאַכט מיט די הענט און פּאָכעט מיטן היטל. וווהין פירט מען אים? נישט־שוין־זשע האָט מען אים ארויסגעגנבעט, מען וועט אים ערגעצווו אוועקפירן, נישט לאָזנדיק אים אפילו געזעגנען זיך? כ'האָב זיך א וואָרף געטאָן צו דער טיר, גערופן דעם דיזשורנעם.

— וווהין האָט מען אוועקגעפירט דעם דריטן?

— כ'קאָן נישט וויסן.

— כ'האָב אים נאָר וואָס געזען — ער איז פאַרבייגעגאַנגען, מיטן קאָמענ־דאַנט, די קאַנצעלאַריע.

— כ'קאָן נישט וויסן! צי דען וויסן מיר עפּעס?

כ'בין אײַנגאַנצן ארומגעכאַפּט געוואָרן פון א ווילדן כעס. „נו, גוט, זאָלן זיי זיך נאָר איצט ווייזן אויף די אויגן, — זיי וועלן לייזן אַן עליה!"..

וואָרפסט זיך איבער דער צעלע, נישט וויסנדיק וואָס צוצוטראַכטן.

— אויב עס איז באַשלאָסן געוואָרן אונז ערגעצווו אריבערצופירן — וואָלט מען דאָך נישט ארויסגעפירט איינציקוויַיז! נישט אנדערש, נאָר אים אליין וועט מען ערגעצווו פאַרשלעפּן! פאַרוואָס אָבער גראָד אים? און אפשר האָט מען שוין פאַרעפנטלעכט אונזערע בריוו צו די חברים און דאָס האָט מען אים ארויסגע־נאַרט אין קאַרצער אריין, און דערנאָך וועט מען קומען נאָך מיר?

אין דעם מאָמענט עפנט זיך דאָס טיר־לופטשיקל און דורך אים רוקט זיך אריין די כימרע מאָרדע פון וואַכמיסטער.

— פינפאונדרייסיקסטער, דער אויפזעער האָט באַפוילן אייך מודיע צו זיין, איר זאָלט זיך נישט באַאומרויקן פאַרן דריטן; די מוטער איז צו אים געקומען צופאָרן זען זיך...

— א זעאונג?!

— אזוי איז!

ווען מען זאָל מיר זאָגן, אַז דער „דריטער" איז אוועקגעפלויגן א לעבע־דיקער אין הימל אריין, וואָלט מיך דאָס, זיכער, א סך ווייניקער איבערראַשט, ווי די דאָזיקע ידיעה... „א זעאונג!" 21 יאָר איז שליסעלבורג געשטאַנען און קיין איין מאָל פאַר דער דאָזיקער גאַנצער צייט איז נישט אריינגערונגען דורך,

די דאַזיקע אומצוטריטלעכע וועגט קיין איין לעבעדיק וועזן, וואָס געהערט נישט צו דער הייליקער עדה זשאנדארמען. די מעגלעכקייט פון א זעאונג אין שליסעל־בורג איז פאָרגעקומען ווי חוץ מדרך הטבע. וואָס הייסט? א שליסעלבורגער ארעסטאנט וועט געזען ווערן דורך א לעבעדיק וועזן, וואָס וועט דערנאָך אומ־קערן זיך צו דער לעבעדיקער וועלט? און די ווענט וועלן נישט איינפאלן, און דער באזונדערער זשאנדארמען־קאָרפוס וועט זיך נישט אויפהענגען?... אָ, אָרעמע, אָרעמע זעלבסטהערשאפט, ווי אויסוועגלאָז עס מוז זיין דיין לאגע, אויב דו ביסט געצוווּנגען דאָס אַלץ אויסצושטיין און נאָך זיין, אפשר, א מיט־באטייליקטער.

אין א געוויסער צייט ארום איז אראָפּגעקומען דער אויפזעער גופא צו באַ־שטעטיקן, אז „נישטאָ זיך וואָס צו באאומרויקן פארן דריטן, מען האָט אים אוועקגעפירט אויף א זעאונג מיט דער מוטער“.

— און ער וועט דאָרט לאנג פארווײַלן?

— אזוי זיך, א שעה ווארשיינלעך.

אוועקגעפירט האָט מען אים 12 א זייגער, הייסט עס, אז אָנהויב צוויי וועט ער זיין צוריק. כ'האָב זיך פארקליבן אויפן פענסטער, כדי נישט דורכ־צולאָזן זיין צוריקקער. עס פארגייט א שעה, צוויי, דריי — נישטאָ אים. א מאָד־נע געשיכטע?! אפשר האָבן זיי מיט אים טאקע אָפּגעטאָן עפּעס און זיי באַ־רויקן בלויז, כדי צו געווינען צייט? פיר... פינף... נאָך אַלץ נישטאָ.. אין דרויסן איז שוין טונקל, מען זעט גאָרנישט. ארום זיבן א זייגער הער איך, ווי די אונ־טערשטע טיר וואָלט א טראסק געטאָן. טריט. דערנאָך פארמאכט מען א צעלע. דער דיזשורנער גייט צו מיין צעלע. עפנט אויף.

— 35־ער, זייט אזוי גוט גיין צו גאסט צום דריטן, פון דאָרף האָט מען כבוד געבראכט, — איז דער אונטעראָפיציר מילד.

ב'לויף צום „דריטן“. דאָס פנים זיינס איז בלאס, אופגערודערט.

— נו, וואָס?

— ווי געפעלט דיר אזא געשיכטע! כ'האָב געהאט א זעאונג מיט דער מוטער!

—די גאנצע צייט? זיבן שעה?

— די גאנצע צייט. זי איז אפילו געבליבן נעכטיקן ביים קאָמאנדיר. מאָר־גען אינדערפרי האָב איך נאָך א זעאונג.

— האָסט זיך עפּעס דערוווּסט?

— א פולן פאק נייעס. גאַלע נסים!....

יאָ, גאַלע נסים! דאָס זיינען געווען די ערשטע נייעס פון א מער אָדער ווייניקער זיכערער קוועלע. געווים, פון א קוועלע זייער א באגרענעצטער, א ווייניק־אינפאָרמירטער, פונדעסטוועגן — ווי דערשיטערנדיק עס זיינען געווען פאר אונז יענע ידיעות!

זי איז געקומען צו פאָרן מיט א פור: אן אייזנבאן־שטרייק. פאָסט און טע־לעגראף שטרייקן אויך — דאָס האָט אויסגעזען אין אונזערע אויגן ווי דער העכסטער שטאפל פון אומגלויבלעכקייט. מען קאָן נישט אָפּגעבן קיין טעלעגראַ־מעס, מען קאָן נישט שיקן קיין בריוו! עס זיינען פראָקלאמירט געוואָרן פריי־הייטן. אומעטום אומענדלעכע מיטינגען, צענטליקער טויזנטער זאמלען זיך צו־

גויף גאַנץ פּשוט אויף די גאַסן. אָבער אומעטום — פּאָגראָמען. בלוט גיסט זיך טייכנווייז. די פּויערים גייען האַנט אין האַנט מיט די אַרבעטער. סערגעי איז צערִיסן אויף שטיקער, „מען האָט קוים צונויפגענומען וואָס־נישט־איז אין אַ טיכעלע". די באָמבע האָט געוואָרפן קאַליאַעוו. גלייך נאָכדעם איז דערשינען אַן „אוקאַז" וועגן אַ פאָלקס־פאַרשטייערשאַפט. באָמבעס און אַטענטאַטן זיינען טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען. אין סעפּטעמבער האָט מען דאָ צוויי עקזעקוטירט (וועגן דעם האָבן מיר נישט געוווּסט). מען פאָדערט אַ פולע אַמנעסטיע, מען רעדט וועגן אונזער באַפרייאונג.

דער אַלגעמיינער שטראָם האָט מיטגעריסן אויך זי, די 75־יאָריקע זקנה! די גאַנצע האָפענונג אירע איז אויף דער רעוואָלוציע — ווייל נאָר די רעוואָלוציע קאָן דאָך ראַטעווען איר זון. און הוצדעם — די אַלטע מאַכט האָט שוין דערעסן! שטייט ווי אַ ביין אין האַלדז. אין דער אַרמיי קומט אומעטום פאָר אַ יווירונג. אין וולאַדיוואָסטאָק איז אַ חורבן, אין קראָנשטאַט איז אַ חורבן.

עס האָט זיך אויפגעדעקט פאַר אונז איין ווינקעלע, אַ קליין ווינקעלע פון ריזיקן בילד, און עס האָט אַ ווייע געטאָן מיט אַזאַ מאַיעסטעטישקייט פון דאָרט — פון רוס, וואָס האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן רויק באַזירט אויף „אוראַלטע יסודות". מען האָט אונז גע׳עצהט נישט באַאומרואיקן זיך: די זאַך פון דער פרייהייט געפינט זיך אין גוטע הענט, — אונזער באַפרייאונג איז געזיכערט. מען דאַרף בלויז האָבן געדולד.

מיר זענען עטלעכע טעג געווען צערודערט, באַמיט צו שאַפן זיך אַ פול בילד פון די איינצעלנע, אָפּגעריסענע פאַקטן, וועלכע מען האָט אונז מיטגעטיילט.

דער קאָמענדאַנט האָט אונז צוגעזאָגט, אַז סאַזאָנאָוון וועט מען אינגיכן אַריבערפירן. מען האָט פאַר זיי אויסגעווײלט וואַרעמע צעלעס, מען האָט געצווּנגען אויסצורייניקן, אויסצופּוצן. מען האָט צונויפגעבראַכט אַ „מעבלירונג". אין יענער צייט האָבן מיר שוין געוווּסט, אין אַלגעמיינע שטריכן, סאַראַ ריזיקע באַדייטונג עס האָט געהאַט פּלעווועס פאַרניכטונג און מיר האָבן געברענט מיט אומגעדולד אַרומצונעמען דעם חבר.. אויף וועמענס גורל עס איז אויסגעפאַלן אַזאַ זעלטענער גליק. פאַר אונז איז אין איצטיקן מאָמענט דאָס ווערטפולסטע באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז, אַ דאַנק אַ מאָדנעם נס, געבליבן לעבן. ער ווייס דאָך נאָך גאָרנישט, וואָס עס טוט זיך אין רוסלאַנד, אָט וועלן מיר אים איבעראַשן!

מיטוואָך, — דאַכט זיך, אַז דעם 10 נאָוועמבער, — האָט מען ענדלעך געמאָלדן, אַז דריי אַ זייגער וועט מען זיי אַריבערפירן.

האָט מען באַשלאָסן צו באַגעגענען זיי אויפן שפּאַציר, אין גרויסן גאָרטן...

איך וועל דאָס פאַרבייגיין מיט שווייגן.

כ׳וועל בלויז באַמערקן, אַז די גאַנצע טיפקייט פון דער באַגעגענונגספרייד קאָן מען איבערלעבן בלויז דאָרט, אין דאָזיקן אָרט, וואָס איז אָפּגעזונדערט פון אַלדאָס לעבעדיקע. מיר האָבן מורא געהאַט מיטצוטיילן פאַראַמאָליע, וואָס מיר האָבן געוווּסט: דער איינדרוק קאָן זיין צו שטאַרק, די פּסיכיק קאָן אַמאָל נישט אויסהאַלטן: פון פרייד קאָן מען דאָך אויך אַראָפּ פון זינען, פונקט ווי פון צרות. סאַזאָנאָוו איז איצט אויסגעקומען איבערצולעבן דאָס,

וואָס מיר — אין סעפּטעמבער. בלויז איינס האָט אים געפעלט — די מעגלעכקייט צו זען זיך מיט די אַלטע.

ווידער זיינען פאַרגאַנגען גאַנצע טעג און נעכט אין טיילן זיך מיטן איבערגעלעבטן: מיר — אין דער דאָזיקער צייט, ער — אין דער צייט ביזן אַטענטאַט פון 15־טן יולי. מיר האָבן גענומען לעבן ווי אַ צונויפגעבונדענע משפּחה, אַליין נישט גלויבנדיק אין אונזער גליק.

אין עטלעכע טעג אַרום, בעתן שפּאַציר, באַווייזט זיך דער אויפזעער: „דער פּאָטער איז געקומען צו פאָרן צו אייך, ביטע אויף אַ זעאונג!". קאַרפּאָוויטש מיט סאַזאָנאָוון האָבן זיך אַ וואָרף געטון מיט ווינשעוואַניעס, באַמיענדיק זיך צוצופּליסטערן, וואָסערע אויפטראַגן איך זאָל איבערגעבן פון זיי. די זעאונג איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע פרייד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין משך פון די דאָזיקע אנדערטהאַלבן יאָר האָבן די אייגענע נישט געקאָנט אויספּועלן אַפילו אַ פּשוטע מיטטיילונג, ווו איך געפין זיך. אויף אַלע פראַגעס פלעגט דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט ענטפערן: „מיר ווייסן גאָרנישט". פאַרשטייט זיך, אַז די נאָענטע האָבן מיך געהאַלטן פאַר געשטאָרבן. די זעאונג מיטן פּאָטער האָט אין אַלגעמיינע שטריכן באַשטעטיקט דאָס בילד פון רעוואָלוציע־אָנוווקס, די אומפאַרמיידלעכקייט פון איר נצחון און אַז איניגיכן קאָן מען דערוואַרטן אונזער באַפרייונג.

טיילווייז צוליב נישט באַהאַוונטקייט, טיילווייז אינסטינקטיוו — אָבער סיי קאַרפּאָוויטשעס מוטער, סיי מיין פּאָטער האָבן נישט אַנטפּלעקט פאַר אונז אַלץ, וואָס דאָס לאַנד האָט איבערגעלעבט. זיי האָבן אונז גיכער מיטגעטיילט רעזולטאַטן, און דאָס אויך בלויז די גינסטיקע. פון זייער שטאַנדפּונקט האָבן זיי געטון זייער קלוג: מיר האָבן זיך גיך באַרואיקט. ס'האָט זיך ביי אונז געשאַפן אַן איינדרוק, אַז אַלץ גייט „אין אָרדנונג", מיטן נאַטירלעכן סדר, אַז די פּאַרטייען זיינען גוט אָרגאַניזירט, אַז עס ווערט געפירט אַ פּלאַנמעסיקע אַרבעט און אַ פּלאַנמעסיקער קאַמף. קיין ספּעציעלע קרבנות זיינען נישטאָ. מיט איין וואָרט, פון איין זייט איז דער פאַרנעם פון דער באַוועגונג פאַרשמעלערט געוואָרן, און פון דער צווייטער זייט איז פאַרפעסטיקט געוואָרן די איבערצייגונג אין נאָענטן טריומף. און מיר, מער אָדער ווייניקער באַרואיקטע, האָבן זיך פאַרטיפט אין אונזערע באַשעפטיקונגען, באַמיענדיק זיך אויסצונוצן די צייט פון אונזער „אָפּוועזנהייט": פון איצט אָן האָבן מיר זיך באַטראַכט אין אורלויב.

אָבער אין עטלעכע טעג אַרום האָט באַקומען אַ זעאונג אַ מענטש אַ באַהאַוונטער, אַ נאָענטער צו דער פּאַרטיי־אַרבעט. פאַר אונז האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט דאָס גאַנצע לעבן פון רוסלאַנד פאַר די לעצטע צוויי יאָר, פונאַנדערגעוויקלט מיט אַלץ מיטאַנאַנדער, מיט אַלע זיינע גרוילן, מיט די טייכן בלוט, מיטן גאַנצן מסירת־נפשדיקן קאַמף און מיט די חיהשע פאַרפאָלגונגען.

די ביקפן־קנאַלעריי פון 9־טן יאַנואַר, די אומענדלעכע פּאָגראָמען, דער קאַמף פון די שוואַרצע מאות, דאָס צעשלאָגן מאַניפעסטאַנטן, דאָס אונטערצינדן מיטינגען; און דאָס אַלץ איז אונז, די אַרויסגעריסענע פון לעבן, פאָרגעקומען ווי אַ קאָשמאַר־חלום. קאָנצענטרירט אין צייט און רוים, האָט דאָס אַלץ

געקילט דאָס בלוט און אַזוי געדריקט מיט זיין שווערקייט, אַז מיר האָבן זיך געפילט דערדריקט דורך דעם אומגעהויערן פאַרנעם פון די קרבנות.

פון דער צווייטער זייט אָבער האָט אַרויסגערופן אַ פרייד־יקע איבעראַ־שונג דער פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע, דער אַנטייל פון באַוווסטזיניקע כוחות אין איר, די טיפקייט פון דער באַוועגונג, די גראַנדיעזקייט פון די אויפגאבן, וואָס זי האָט אַרויסגעשטעלט. אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי ניי, אַזוי אומגעוויינלעך! די דאָזיקע טעג פון די פרייהייטן, די צענטויזנטקעפּיקע מי־טינגען, די פאָלקס־מיליציעס, די ראַטן פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן, די פויערישע באַוועגונגען, דער דאָזיקער מסירת־נפש, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט די האָרע־פּאַשנע מאַסן, דער אומאייגננוציקער דינסט דער פרייהייט מצד די נידעריקסטע פאָלקס־שיכטן, דער דאָזיקער אומגעוויינלעכער אויפשוווּנג, וואָס האָט אויסגע־זען צו זיין אַזוי אומענדלעך ווייט, דער אומווידערשטייַלעכער דראַנג צו פריי־הייט און גערעכטיקייט, — דאָס אַלץ האָט אַזוי ווונדערבאַר באַצויבערט דעם געדאַנק און די פאָרשטעלונגס־קראַפט!

פאַר אונז זיינען די דאָזיקע ידיעות געווען ווי אַ סנאָפּ ליכט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין אונזער חושך און באַלויכטן אַלץ אַזוי העל און שטראַלענ־דיק, אַז דאָס אָפּגעוויינטע אויג האָט ווי געזוכט שוץ פאַר די בלענדנדיקע שטראַלן. אַ וויכער, וואָס האָט אַ קלאַפּ געטון אין קבר־צודעק און האָט אַלץ אַרום צעשטויבט, ווי האַרבסטיקע בלעטער. ווי איבערגעשראָקענע פויגל האָבן זיך די געדאַנקען אַרומגעטראָגן אין קאָפּ, און דאָס האַרץ, אַ פריידיקס, אַ צאַ־פּעלדיקס, האָט, נישט ־ אויפצוהאַלטן, געריסן זיך אַהין, אין דער שלאַכט, אין געראַנגל!

און די דאָזיקע שלאַכט האָט אויסגעזען צו זיין אַזוי גרויס, אַזוי פאַר־כאַפּנדיק, אַז — כ'בין זיך מודה, — מיר האָבן מקנא געווען זיי, די גליקלע־כע, וואָס לעבן דאָס אַלץ איבער אין שמעלץ־פייער פון קאַמף.

ווי שווער, ווי פּיינלעך עס איז דאַן געוואָרן דאָס לעבן אין אונזער גע־צוווּנגענעם מקום־מקלט, וווהין עס איז נישט דערגאַנגען דאָס דונערן פון קאַמף. די באַוועגונג, אַ נאָך־נישט געוועזענע לויט דער ברייט און לויטן פאַרנעם, די אויפלעבונג פון פאָלקס־גייסט, וואָס דאָס לאַנד לעבט עס איבער צום ערשטן מאָל, — אַלץ איז אונז פאַרביי־געגאַנגען, ווי פאַרביי טויטע. דאָרט פלאַקערט דער קאַמף, עס פירט זיך אַ טויט־געראַנגל מיטן גוססדיקן מאָנסטער, און מיר, פול מיט כח, קאַמף־לוסט, זיינען געצוווּנגען צו זיצן דאָ אין אומטעטיקייט!

„די הענט — געריסן זיך צו שווערדן, און קייטן בלויז איז זייער טייל".

מען האָט אונז געטרייסט: „וואַרט אויס, די שעה פון פרייהייט איז נאָענט".

און מיר האָבן געלעבט און געאָטעמט בלויז מיט דער דאָזיקער האָפנונג. קיין שום אַנדערע געדאַנקען, קיין שום אַנדערע שמועסן. מיר האָבן געלעבט בלויז אין דער וועלט פון קאַמף, — פון פרייען, ברייטן קאַמף. ווי שווער איז אָבער דערפאַר געווען די דערוואַכונג! עס טראָגן זיך דורך די דונערן פון דער רעוואָלוציע, מאָלסט זיך אויס איר טריומף־צוג, זעסט דאָס פאָלק — אַ פריי־דיקס, אַ גליקלעכס, אַ באַפרייטס, — פון דער וואַנט אָבער דערהערט זיך דאָס געשריי פונם וואַך־זעלנער: „ווער גייט?" — קוקסט אויף די דאָזיקע גאַנצע, אומצוטריטלעכע פעסטונגען און אין דער נשמה גנבעט זיך אַריין די קעלט

פון אומרו און ספק: שליסעלבורג לעבט — די קיסרישע זאך איז נאך נישט טויט!...

די אויבערהאנט האט אבער געהאט די זיכערקייט אין נאענטן, זייער נאענטן חורבן פון גאנצן רעזשים. מיר האבן דערוואַרט נאך זעאונגען. די האַל־טונג פון דער תפיסה־מאכט איז אזא, ווי אויך זי וואלט דערוואַרט, אַז היינט — מאָרגן וועט מען באפרייען. דאס איז פאָרגעקומען אין די צוואַנציקער דאַטעס פון נאָוועמבער. מען האט געשמועסט, אַז דעם זעקסטן דעצעמבער דאַרפן גע־מאכט ווערן „קאָנצעסיעס" און, צווישן אַנדערן, וועט אויך געגעבן ווערן אַן אַמנעסטיע.

## קאַפּיטל צוועלף

עס זיינען פאַרגאַנגען עטלעכע טעג. קיין זעאונגען זיינען נישטאָ. קיין שום ידיעות. אין דער לופט האט זיך געשפּירט עפּעס אומרואיקס. קיינער האט נישט גערעדט קיין וואָרט, קיין שום אויסערלעכע אויסדרוקן זיינען נישט גע־ווען, — אַלץ איז דאכט זיך, ביים אַלטן, מיר האבן אבער געשפּירט עפּעס נישט־ממשותדיקס, עפּעס אַזוינס, וואס איז פריער נישט געווען. מיר האבן אַנגעשפּיצט אונזערע חושים. עטלעכע טעג זיינען פאַרגאַנגען אין שווערער אומ־זיכערקייט. ס'איז געקומען דער 6־טער דעצעמבער. גאָרנישט! ס'איז פאַריבער דער 7־טער, 8־טער, 9־טער — אַלץ ביים אַלטן. צופעליק האבן מיר אויפגע־כאַפּט אַ ידיעה, אַז דעם 2־טן דעצעמבער זיינען פאַרמאַכט געוואָרן אַלע סאָ־ציאַליסטישע צייטונגען פאַר אַפּדרוקן עפּעס אַ מאַניפעסט.

ס'האט זיך אָנגעהויבן! — טראַכטן מיר. מיר האבן זיך פאָרגעשטעלט סצענעס פון דער יולישער רעוואָלוציע אין פּאַריז ביים פּרווו פון דער קעניג־לעכער רעגירונג צו פאַרמאַכן די צייטונג „נאַסיאָנאַל". איז דען מעגלעך צו־צולאָזן דעם געדאַנק, אַז די רעדאַקציעס פון די רעוואָלוציאָנערע צייטונגען האבן זיך אונטערגעוואָרפן דער מיניסטאָרישער פאַראָרדנונג?! די רעדאַקציעס וועלן שטעלן אַ ווידערשטאַנד, דאס פאָלק וועט זיי אונטערשטיצן און....

עס זיינען אָנגעקומען אומדערטרעגלעך־פיינלעכע טעג. דאס ביסעלע ליכט, וואס האט זיך באַוויזן אין אונזער חושך, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. דאס דעקל פון דער טרומנע, וואס איז שוין אַביסעלע געווען אויפגעהויבן, האט זיך ווידער פאַרהאַקט, און ווידער האט אונז צוגעדעקט דער חושך. מיר זיינען גע־ווען זיכער, אַז צוליב דעם איבערפאַל פון דער רעגירונג האבן די פאַרטייען גערופן דאס פאָלק צום אויפשטאַנד; אַז דער געראַנגל האט זיך אָנגעהויבן, און אַז דערווייל איז דער זיג נישט אויף דער זייט פון פאָלק, ווייל אונזערע זשאַנ־דאַרן — סיי די העכערע, סיי די נידעריקערע, — זיינען געוואָרן אָנגעצויגן און קאַלט. — אַלע געדאַנקען זיינען געווענדעט בלויז אויף איינס: דערוויסן זיך, וואס הערט זיך „דאָרט". מיר האבן נאָכגעפאָלגט יעדן טריט, יעדע באַוועגונג פון די זשאַנדאַרן; מיר האבן זיך באַמיט צוצוהערן זיך צו זייער פליסטער, איבערגעכאַפּט זייערע בליקן, — זיינען זיי פריידיק צי טרויעריק? און ווען מיר פלעגן באַמערקן ביי זיי פרייד, — פלעגן מיר אומעטיק זיך פונאַנדערגיין

איבער די צעלעס. ווען עס פלעגט זיך אונז דאכטן, אז זיי זיינען טרויעריק, — פלעגן מיר אביסל אויפלעבן און ווערן האפערדיק...

עס איז גענוג געווען, איינער פון די זשאנדארן זאל אראפקומען אין א נייע היטל, שטיוול, שוין נישט רעדנדיק וועגן מונדיר, — און עס איז שוין קיין סוף נישט געווען צו די פינסטערע געדאנקען: זיי האפן, הייסט עס, צו עקזיסטירן, אויב זיי פארזארגן זיך מיט א ניי היטל! איינמאל האט זיך דער אויפזעער אומגעקערט פון פעטערבורג אין א נייעם פאלטן. גאט מיינער, וויפיל פיינלעכע טעג עס האט אונז געקאסט דער דאזיקער פאלטן!

אינמיטן דעצעמבער האבן מיר באמערקט אן אומגעהויערע, שוין שווער אויסצובאהאלטנדע צערודערונג ביי די זשאנדארן. אין דיזשור־צימער פלעגן זיי זיך צונויפזאמלען גרופעסווייז, לייענענדיק מיט התמדה צייטונגען. אפשטייענדיק ביי די טירן פון אונזערע צעלעס גאנצענע שעהן, באמיענדיק זיך צו דערגיין, וואס האט עס ארויסגערופן ביי זיי אזא סענסאציע, איז אונז פאר דער גאנצער צייט געלונגען אויפצוכאפן צוויי ווערטער: „ווידער געשאסן”.

נאטירלעך, די דאזיקע צוויי ווערטער זיינען גענוג געווען, כדי אנצוצינדן אין אונז א גאנצן גהינום. קלאר — ס'האט זיך אנגעהויבן אן אויפשטאנד, עס קומט פאר דער לעצטער געראנגל. מען האט אויפגעהערט מיט אונז צו שפאסן: מען קוקט אויף אונז, ווי אויף שונאים. אמת, אין דער באהאנדלונג איז נישטא קיין שום ארויספאדערנדיקס. די אדמיניסטראציע מיידט פשוט אוים דאס טרעפן זיך מיט אונז און האלט זיך אויסערגעוויינלעך קאלט — „די דיפלאמאטישע באציונגען זיינען איבערגעריסן”.

עס זיינען געפלאסן טעג, און די אטמאספער איז מיט יעדן טאג געווארן אלץ געשטיקטער, מיט יעדן טאג איז געווארן אלץ אומדערטרעגלעכער און אומדערטרעגלעכער. מיר האבן שוין חרטה געהאט — צו וואס האט מען אונז געגעבן די דאזיקע זעאונגען, צו וואס האט מען אונז ארויסגעריסן פון אונזער טויטער רו, פארוואס האט מען אונז צערייצט מיטן אנבליק פון לעבן! און יעדן אינעדרפרי פלעגן מיר זיך טרעפן, בארואיקנדיק איינער דעם צווייטן — אפשר וועט מען היינט קומען צופארן, אפשר וועט היינט עמיצער קריגן א זעאונג!

דאס געהער איז אזוי פארשארפט געווארן, אז מיר פלעגן אפילו הערן דעם קלונג ביים טויער פון דער פעסטונג.*) און צווישן צוויי און פיר, ווען מען קומט געוויינלעך צופארן אויף א זעאונג, פלעגט מען ביי יעדן חשודן קלאנג מיט אן אומרואיקן פליסטער: „מען איז געקומען צופארן אויף א זעאונג!” — זיך ווארפן אין די צעלעס צו די פענסטערלעך, פון וואנען מען פלעגט קאנען זען דאס שטעגל צום קאמענדאנטס וווינונג. דערווארעמענדיק די פארפרוירענע שויבן מיטן אייגענעם אטעם, מאכט מען מיט מי דורכזיכטיק א קליין שטיקל

*) אין דער פעסטונג לאזט מען קיינעם נישט אריין. אויב עס קומט צופארן א זייטיקער, גיט דער וואך־זעלנער א קלונג, דער דיזשורנער מעלדעט דעם קאמענדאנט, דער דאזיקער אדער זיין געהילף גייט אוועק צום טויער און בלויז אויף זייער פערזענלעכן באפעל לאזט דער וואך־זעלנער דורך. דער פעסטונגס־טויער געפינט זיך זייער ווייט פון דער תפיסה; אבער ביי א גינסטיקן ווינט, ביי א שארפן געהער, קאן מען אויפכאפן א שוואכן קלאנג פון גלעקל.

שויב. שניי און נעפל שטערן קלאָר צו דערקענען. עמיצער גייט... דאַכט זיך, ציוויל־געקליידעט... דאכט זיך, א פרוי... „יעגאָר, צו דיר! די מוטער, וואר־שיינלעך!“...

די פיס זענען מיד, פון פענסטערל בלאָזט אומדערטרעגלעך, אָבער אראָפּגיין קאָנסטו זיך נישט אנטשליסן: אַט־אָט וועט מען קומען רופן אויף אַ זעאונג... עס גייט פאַרביי צען, פופצן מינוט, אַ האַלבע שעה — גייסט ווידער אַ מוטלאָזער אין „גאָרטן“, כדי ביים ווייטערדיקן חשודן קלאנג ווידער ווארפן זיך צום פענסטער...

אזוי איז פארגאנגען אַ חודש. מיר האָבן אינגאנצן פארלאָרן די כוחות. דער רעזשים איז געבליבן כמעט דער זעלבער, ווי פריער. עס האָט אונז גאָר־נישט געפעלט. מיר האָבן געהאט צעלעס, נישט קיין שלעכטע דערנערונג, ביכער. מיר האָבן געקענט אַרבעטן אין די ווארשטאַטן. מיר האָבן זיך אָבער געפילט אומגליקלעך און די נערוון זיינען געשפאנט געווען ביז דער לעצטער מדרגה. די תפיסה־מאַכט האָט, ווארשיינלעך, געשפירט אונזער נערוועזן צושטאַנד און זי האָט אָן ספק אויפריכטיק באוונדערט אונזער „אומדאנקבארקייט“, — גיי, וועט מען שוין מיט קיין שום זאך נישט באפרידיקן. און דאָס איז ריכטיק. ווען מענטשן געפינען זיך אין האָפנונגסלאָזער געפאנגענשאפט, קאָן מען זיי מיט גאָרנישט נישט באַפרידיקן. מיר האָבן געהאט אַלץ. בלויז איינס האָט אונז גע־פעלט: פרייהייט און פארבינדונג מיטן לעבן. און צוליבן מאנגל אין דאָסדאָזיקע, איז אלדאָס איבעריקע פארוואנדלט געוואָרן אין גאָרנישט. מיר האָבן זיך גע־פילט אומגליקלעך, באַרויבטע פון אַלץ.

עס האָבן זיך דערנענטערט וויינאַכטן. געוויינלעך פלעגט מען דעם ערשטן טאָג איינאָרדנען אַ יום־טובדיקן מיטאָג: צו שטיקל קאַטשקע אָדער גענזנס און עפּעס זיסווארג: עטלעכע מאַראַנצן, עפּל און א פערטל פונט וויינטרויבן. דער כמות און דער איכות פון „פאַראַרנעם“ מיטאָג פלעגן זיין אָפּהענגיק פון דער אַלגעמיינער פאָליטיק און פון די „ווינטן“ אין די הויכע פענסטער. מיר האָבן געווארט אויף די וויינאַכטן מיט גרויס ציטער: אָט דאָ ערשט וועלן מיר דער־גיין, ווי עס האַלט „דאָרטן“.

דער עקאָנאָם איז געקומען צום סטאראָסטע פרעגן, וואָס מיר ווילן: גענזנס צי ק4אַטשקע. מיר האָבן גענומען יובלען: נישט אַלץ, הייסט עס, איז שוין פארלוירן: : סוועט זיין אַ גאַנז אָדער אַ קאַטשקע, איבערגעזעצט אויף דער שפּראך פון דער פּאָליטיק באדייט עס, אז קיין שום באזונדערע ענדערונגען זענען נישט פאָרגעקומען. דאָ אָבער האָט עמיצער ארויסגעזאָגט די השערה, אז דאָס איז אפשר בלויז א קריגס־שפּיצל פון זייער זייט: צוליבן פארלאנג אויסצובאהאלטן פון אונז די לאגע,האָט מען באשלאָסן מקריב צו זיין א גאַנז. מען האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען פרעצעדענסן: ווייזט זיך אַרויס — שלעכטס האָט מען זיך קיינמאָל נישט באמיט אויסצובאהאלטן. ס׳פלעגט טרעפן, די לאגע איז אזא, אז מען קאָן שוין געבן גענזנס, אָבער געבן פלעגט מען נישט, כדי נישט צו אַנטפּלעקן דעם נייעם קורס, אָבער עס זאָל טרעפן פארקערט: די לאגע זאָל ווערן ערגער און מען זאָל די גאנז נישט אָפּרופן, — דאָס איז אין דער שליסלבורגער פּראקטיק נישט פאָרגעקומען.

אָבער די גאנז איז נישט מער ווי א גאנז, מען האָט נאָך נישט אינגאנצן

געטרויט איר באוויי־קראפט. די פראגע האט געזאָלט לייזן דאָס זיסווארג, מיט פלאטער ווארטן מיר אויפן „סימן".

עס איז געקומען דער ערשטער טאָג פון די ווייגאכטן. געגזנס, קאשע, באשטעט, — די לאגע איז, דאכט זיך, גאנץ גוט, — גאנץ פעטע. אָבער אָט קומט די מענאשקע מיטן זיסווארג. מיט א ציטערדיקער האַנט נעמסטו אראָפּ דאָס דעקל — און א קעלט נעמט דיך דורך: איין מאראנץ, איין עפּל, די וויינטרויבן — נעבעכדיקע, קיין שאָקאָלאַד איז אינגאנצן נישטאָ! דאָס געגזנס, די קאשע, — וועמען ליגן זיי איצט אין קאָפּ! מיט טרויער נעמסטו אין האַנט די קליינינקע מאַנדאַריקע, דאָס אויסגעטריקנטע עפּעלע און דו זעסט אין זיי דעם סימבאָל פון פּאלקס מפּלה אָדן פון דער זעלבסטהערשאפטס זיג.

דערוואַרט זיך קוים, מען זאָל עפענען די צעלע „אויפן שפּאציר". אפשר איז דאָ עפּעס א טעות? אפשר איזבלויז דיר צופעליק ארייגעפאלן אזא חלק, און ביי זיי איז דער „סימן" א טרייסטנדיקער?

שוין פון ווייטנס זעסטו, אז קיין שום טעות איז דאָ נישטאָ. ביי אַלע זענען די פּנימער פול מיט טרויער.

— איין מאראנץ?

אויך דו האָסט נישט באקומען קיין שאָקאָלאַד?

— ניין! און אויך נישט מער ווי איין עפּל?

—איינס! און די וויינטרויבן עקלדיקע!

— הייסט עס, אז „דאָרט" איז שלעכט?

— קלאָר! הגם די גאנצ איז נישקשה, אפילו בעסער, ווי פאראיאָרן.

א וואזשנע זאך — א גאנז! די גאנז ווערט צוגעגרייט אין דער קיך! וואָס ווייסט דער קובער? אָבער דאָס זיסווארג, — דער קאָמענדאַנט גופא פארנעמט זיך מיט דעם! דער בעסטער סימן זענען די מאראנצן: און הוצדעם איז קיין שאָקאָלאַד נישטאָ!

טרויעריקע און פאראומערטע צעגייט מען זיך איבער די צעלעס. אָבער צומאָרגנס דערלאַנגט דער וואכמיסטער צום מיטאָג צוויי ריזיקע מאראנצן! עמיצער קלאפּט: באקומען מאראנצן! האָבן אַלע באקומען? פון אַלע צעלעס פליען טעלעגראמעס — „איך אויך"!

וואָס זשע זאָל דאָס באדייטן? הייסט עס, אז סאיז נאָך נישט אזוי שלעכט? אויפן דריטן טאָג די זעלבע געשיכטע: צוויי ריזיקע מאראנצן, און דערצו נאָך עפּעס אזא מין קיכלעך!

מיר ווערן ווידער באפליגלט, מיר שוועבן ווידער אין די הימלען...

סוף דעצעמבער האָט מען פּלוצלונג אָנגעהויבן ראמען די תפיסה, וואשן די שטיגן. אין קאָרידאָר האָט מען אויסגעלייגט א טרעטער. מען דערוואַרט עמיצן! — וועט ער ברענגען אַן אמנעסטיע, אָדער ער וועט נעמען איינפירן א „געזעצלעכע אָרדנונג"?

## קאפיטל דרייצן

די כסדרדיקע אומזיכערקייט האָט אזוי צעמוליעט די נערוון, אז מיר האָבן באשלאָסן פאר יעדן פּרייז אָנצוקניפּן באציונגען מיט די זשאנדארן און ארויס־קריגן ביי זיי וואָסערע נישט איז ידיעות.

ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט,באַשטייט די שווערקייט דערין, וואָס איר קאָנט בשום אופן נישט בלייבן אונטער פיר אויגן מיט זיי. עס באַגלייטן אייך תמיד צוויי. די קעגנזייטיקע שפּיאָנירונג איז אַן אומגלויבלעכע. צוליב דעם איז פאַר דער גאַנצער צייט פון שליסלבורגס עקזיסטענץ קיין איין מאָל נישט געלונגען אַנצוקניפּן וועלכע נישט איז באַציונגען אָדער אפילו בלויז באַקומען ידיעות.

איצט אָבער, דערפירטע צו יאוש, האָבן מיר באַשלאָסן צו באַנוצן זיך מיט אַלע מיטלען. מיט אַלערליי שפּיצלעך, צו וועלכע מען קאָן זיך דערטראַכטן בלויז אין תפיסה (דערצו נאָך ביי אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען) פלעגט געלינגען צו פאַרבלייבן אונטער פיר אויגן אויף עטלעכע מינוט.

— אָט וועט איר אינגיכן האָבן אַ גרויסן יום־טוב, — רייצסטו זיך מיט אַ זשאַנדאַר.

— וואָס עפּעס?

— טעפּיכער האָט מען אויסגעשפּרייט, די העכסטע מאַכט, הייסט עס, קומט צופאָרן...

— וואָס־זשע איז די שמחה אויף אונז?

— וואָס איז די שמחה?

איר האָט דאָך פאַר דער העכערער מאַכט די נשמה פאַרקויפט! אַליין האָט איר וויפל מאָל געזאָגט, אַז איר ווייסט פאַר וועמען מיר גיבן אָפּ דאָס לעבן, און פונדעסטוועגן זשאַלעוועט איר אונז צו זאָגן, וואָס עס קומט פאַר אין רוסלאַנד. די העכערע מאַכט הייסט נישט, — שטייט איר לעבן אונז ווי די גולמס, און אַמאָל טאַקע ווי ווילדע חיות...

— אונז איז אויך נישט לייכט! דאָס איז ריכטיק, אַז מיר האָבן די נשמה פאַרקויפט. וועסט אָבער פאַרקויפן, ווען די נויט צווינגט...

— און ווען מען וואָלט אייך פאַרגעלייגט פאַר 25 רובל דעם טאַטן צו קוי־לענען, — וואָלט איר געקוילעט?

— וואָס רעדט איר עפּעס, וואָס רעדט איר! געהערט אַביסל, אַזאַ זאַך גאָר אויסטראַכטן!

— אַהאַ — „אויסגעטראַכט”! הייסט עס, אַז ניט אַלץ קאָן די נויט צווינגען צו טאָן, כל־זמן מען האָט אַ געוויסן? קומט דאָך אויס,אַז די גאַנצע זאַך איז אין געוויסן!...

— אין געוויסן! נאַטירלעך אין געוויסן! אָבער אומזיסט פאַלט איר אָן אויף אונז אַזוי! צי דען טוען מיר עפּעס שלעכטס? נישט מיר — וועלן אַנדערע זיין אויף אונזער אָרט, און נאָך, אפשר, ערגערע!

— אָט וואָס! אויב אַזוי, קאָן מען דאָך זאָגן אויף אַ גנב און אַ מערדער, אַז ער איז נישט שולדיק, — סיי ווי גנבעט מען און מען הרגעט, — נישט ער, איז אַ צווייטער. אַזוי קומט אויס, לויט אייך, נישט אמת?

— נו, אָט דאָס הייסט אַ זאָג געטאָן! אָבער לאָזט נאָר, איך וועל אייך עפּעס פרעגן: און ווער האָט געבויט די תפיסה? צי דען נישט אייערע אַרבע־טער? און ווער מאַכט ביקסן, מיט וועלכע זעלנער שיסן אין המון? אַרבעטער! וועגן זיי וועט איר קיין שלעכט וואָרט ניט לאָזן פאַלן, „חברים” רופט איר זיי! מיט וואָס אָבער זענען מיר ערגער פאַר זיי? זיי דאַרפן פרעסן — בויען זיי

א תפיסה. מיר דאַרפֿן פרעסן — היטן מיר אייך אין תפיסה. איינס און דאָס־זעלבע.

— נישט אינגאַנצן איינס און דאָסזעלבע. דער אַרבעטער בויט דערווייל די תפיסה מיט איין האַנט, דערפאַר אָבער צעשטערט ער זי מיט דער צווייטער, קעמפט פאַר דער אַרבעטער־זאַך און פאַר פרייהייט. דער אַרבעטער פאַרקויפט בלויז די הענט, אָבער ווי ער קאָן נאָר, וועט ער תמיד העלפן דער גוטער זאַך, איר אָבער פאַרקויפט נישט נאָר די הענט, נאָר אויך דאָס געוויסן...

— מיט וואָס פאַרקויפן מיר עס?

— מיט דעם, וואָס איר טוט אייער זאַך נישט נאָר צוליב מורא, נאָר מיטן געוויסן. נו גוט, איר דינט! זאָל זיין. פאַר וואָס אָבער זאָלט איר אונז קיינמאָל נישט זאָגן, וואָס עס טוט זיך אויף דער פריי? צי דען וואָלט אַן אַרבעטער אַזוי געהאַנדלט? איר האָט פשוט קיין האַרץ נישט, אָט פאַרוואָס איר שווייגט...

דער זשאַנדאַר איז געווען אַ גוטער, פשוטער, ערלעכער מענטש. ער איז אויסערגעוויינלעך אויפגערודערט געוואָרן, ער האָט עטלעכע מאָל געמאַכט אַ רונד־גאַנג איבער דער גאַלעריע, כדי צו איבערצייגן זיך, צי עמיץ הערט זיך נישט צו, זיך אומגעקערט און אַריינגעפּליסטערט:

— הערט, אומזיסט טראַכט איר אַזוי וועגן מיר... נו, גוט, כ׳וועל אייך זאָגן: מ׳וועט אייך אינגיכן אַלע באַפרייען, און אונז וועט מען פאַנאַנדערלאָזן.

— וואָס הייסט פאַנאַנדערלאָזן? ! אינגאַנצן?

— כ׳ווייס נישט. ווייזט אויס, אינגאַנצן... די טעג, ווי ס׳שיינט, דאַרף עס געשען.

— און אויף דער פריי וואָס קומט פאָר? דאָס פאָלק, הייסט עס, האָט געזיגט!

— עס טוט זיך שוין איינמאָל! אַלץ איז אין פייער, אומעטום שטייט דאָס פאָלק אויף! עס טוט זיך אַזוינס — גאָט זאָל זיך דערבאַרימען...

אַלץ האָט גענומען שווימען פאַר די אויגן... אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן מיר זיך אַלע צונויפגעקנוילט. אומרויק אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן, צי עס זיינען נישטאָ קיין זייטיקע, טיילן מיר זיך מיט די אויסערגעוויינלעכע נייעסן. מען וועט באַפרייען?! דאָס האָבן מיר לגמרי נישט דערוואַרט. ווי אַזוי וועט מען אָבער באַפרייען, אויב דער קאַמף איז נאָך נישט פאַרענדיקט? אַליין זאָגט ער — „אַלץ איז אין פייער, אומעטום שטייט דאָס פאָלק אויף“... איז דען מעגלעך אין אַזאַ מאָמענט צו באַפרייען אונז? מיר באַשליסן צו פּרוּוון — אפשר וועט ער געבן אַ צייטונג, ד. ה. אייגנטלעך באַשליסן מיר נישט, נאָר מיר טרוימען — נישט גלויבנדיק אין דער פאַרווירקלעכונג פון דאָזיקן טרוים, — מאַלע וואָס אונז חלומט זיך! אַזאַ ביישפּיל איז נאָך נישט געווען!

מיר האָבן געכאַפּט אַ באַקוועמען מאָמענט, ווידער פאַרפירט אַ שמועס.

— הערט אויס, פריינט! האָט איר שוין אָנגעהויבן אַ גוטע זאַך, — טאָ טוט עס אינגאַנצן. ריידן — ווייסט איר דאָך אַליין, אַז ס׳איז נישט באַקוועם, און חוצדעם איז אייך אַ סך זאַכן נישט קלאָר... קריגט אַ צייטונג! טוט כאָטש איין מאָל אין לעבן אַ גוטע זאַך, איר וועט זען — איר וועט קיין חרטה נישט האָבן.

דער זשאַנדאַר האָט זיך פאַרלוירן. אין שליסעלבורג איז אַ צייטונג דאָס־

זעלבע, וואָס אין אַן אַנדער תפיסה א — באַמבע. אויף קיין שום זאַך גיט די אַדמיניסטראַציע אַזוי נישט אַכטונג, ווי אויף דעם, עס זאָלן נישט אריינדרינגען קיין ידיעות צו די אַרעסטירטע. און די כסדרדיקע דערמאָנונגען פון דער תפיסה־מאַכט האָבן איינגעוואָרצלט אין דער וואַך אַזאַ באַציונג צו פרישע נייעס, אַז דאָס מיטטיילן זיי איז געווען אין זייערע אויגן דאָסזעלבע, ווי דאָס גרעסטע פאַרברעכן. אָבער דאָס איז שוין די אייגנשאַפט פון מענטשלעכן האַרץ — אפילו אונטער דער זשאַנדאַרישער אוניפאָרם: איינמאָל אַ ציטער געטאָן און זיך אונטערגעגעבן דעם מענטשלעכן געפיל — איז עס שוין אָפן פאַר דאָס גוטע. —

ביים נאָנסטן דזשיר, ביים ארויסגיין אויף שפּאַציר, גיט ער א פּליס־טער: היינט ביינאַכט דעזשורירט איך אין אייער קאָרידאָר. אונטערן שעניק וועט איר געפינען אַ צייטונג. לייענט פאָרזיכטיק, — ווען איך וועל א הוסט טאָן ביי דער טיר — באַהאַלט זי. ווי גאָט איז אייך ליב — ברענגט נישט אום, און איך וועל שוין אַלץ טאָן.

דער טאָג האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. ציילסט די מינוטן, קענסט זיך נישט דערוואַרטן אויף 9 אַזייגער אין אָוונט, ווען מען וועט צעפירן איבער די שלאָפּצימערס 1) און עס וועלן זיך בייטן די דיזשורנעס. דאָס האַרץ קלאַפּט, ברענסט אינגאַנצן פון דערוואַרטונג. נישט־שוין־זשע וועלן דאָרט טאַקע זיין צייטונגען? דאָס איז אַ גליק, וואָס שטייגט אַריבער די דרייסטסטע טרוימען. ענדלעך איז געקומען 9 אין אָוונט. מען צעפירט איבער די צעלעס. עס קאָסט אומגלויבלעכע אָנשטרענגונגען נישט אַרויסצווייזן די אויפרעגונג און רויק דערגיין ביז דער צעלע. אויפן וועג קוקסטו זיך איבער מיטן פאַרשווערישן זשאַנדאַר. די טיר פון דער צעלע ווערט פאַרשלאָסן, וואָרסט אַלץ זאָל ווערן רויק און אַלע, אחוץ דער וואַך־פּאָסט פון אויבן, זאָלן אַראָפּגיין אונטן. אָט גייען זיי שוין אַראָפּ. עס קנאַקט דער שלאָס פון דער אריינגאַנג־טיר. שטיל. ענדלעך! ציטערנדיק פון אויפגערודערטקייט הייבסטו אויף דעם שעניק — א צייטונג!!!

האָט מען שוין אַמאָל געלייענט מיט אַזאַ צאַפּל די „פּעטערבורגסקאַיאַ גאַזעטאַ” — דאָס איז זי געווען — אויף וואָסער־נישט־איז פונקט פונם ערד־קויל?...

קוים פאַנאַנדערגעפּנט — און שוין בין איך אינגאַנצן דורכגענומען מיט אַ קאַלטן גרויל. דער נומער איז אַן אַלטער, פון מיטן דעצעמבער. אויף דער ערשטער זייט אַ צייכענונג „צו די מאָסקווער געשעענישן”. די אַרטילעריע טראָגט פאַנאַנדער הייזער, באַריקאַדעס. אומעטום זעט מען מתים, פאַרווונדעטע. א צווייטע צייכענונג — „אויף פּרעסנאַ”. א באַשאָסענע הויז פאַלט איין, ארומגעכאַפּט פון פייער. נאָך עטלעכע פון זעלבן מין.

וואָס זיינען דאָס פאַראַ מאָסקווער געשעענישן?! וואַרשיינלעך איז דאָרט

---

1) די לעצטע צייט, ווען אין שליסעלבורג איז פאַרבליבן אַ קליינער עולם, האָט מען דערלויבט האָבן צו צוויי צעלעס: אַ שלאָף־צעלע און אַ אַרבעטס־צעלע. אין דער שלאָף־צעלע פלעגט מען אַריינגיין 9 אָוונט, און 7 פרי פלעגט מען אַוועקגיין אין דער אַרבעטס־צעלע.

פאַרגעקומען אַן אויפשטאַנד. צי דען אָבער איז דערגאַנגען ביז אַרטילעריע?! אין טעקסט געפינען זיך אָפּגעריסענע ידיעות פון דער „באַרויקטער מאָסקווע" און ברעקלעך ידיעות פון אַנדערע ערטער, ארומגעכאַפּטע פון אויפשטאַנד. ציטערנדיק ביים מינדסטן שאָרך, מורא האָבנדיק אַ ריר טאָן מיטן צייטונגס־בויגן, שלינגסטו גיריק די צייטונגס־שורות, ברענענדיק אינגאַנצן פון די בילדער, וואָס וויקלען זיך פאַנאַנדער. עס ווייעט פון זיי מיט מוט און גרויל! און די קרבנות — דאָס זעט מען שוין אַפילו איצט — זיינען אומזיסטע. די רעגירונג זיגט. ס'איז קלאָר, פּעטערבורג איז רויק, דאָס איז בלויז אַן איזאָלירטע אַרויסטרעטונג...

לאַנג, אומענדלעך לאַנג ציט זיך די פיינלעכע נאַכט... דער וויכער, וואָס בושעוועט דאָרט, הינטער די ווענט פון דער תפיסה, כאַפּט דיך ווידער אויף און טראָגט דיך און טרייסלט דיך, ווי אַ זעמדעלע. די צעלעס ווערן ווידער פול מיטן ליאַרעם פון דער שלאַכט, מיטן קלונג פון שווערדן, מיט עסיקן רויך, מיט שווערע קרעכצן... עס שמעקט מיט בלוט... און מתים, מתים!.. און אַלץ קרבנות, בלויז קרבנות...

פרימאָרגן, אויפן שפּאַציר, האָט מען גענומען באַטראַכטן, ווי אַזוי איינצואָרדענען זיך מיטן לייענען. לייענען אין די צעלעס איז אוממעגלעך, ווייל די זשאַנדאַרן וועלן אומבאַדינגט, אַזוי צי אַנדערש, כאַפּן ביי דער האַנט. האָט מען באַשלאָסן צונויפשלאָגן אויף גיך לעבן דער שאָפּע, אין ווינקל פון גרויסן גאָרטן, אַ מין אַלטאַנקע פון די ספּעקטן־ראַמען. אין יענער צייט האָט מיר די פיס שטאַרק וויי געטאָן, — כ'בין אַרומגעגענאַגען מיט גרויס מי, האָט מען געקאָנט האָבן אַן אויסרייד, אַז מען אָרדנט איין די אַלטאַנקע דערפאַר, ווייל ס'איז נישט באַקוועם אַרומצוגיין און מיר ווילן אַביסל אונטערזיצן צוזאַמען.

די אַלטאַנקע איז אַרויסגעקומען — אַ צאַצקע. די שויבן — טריבע: פונווייטנס קען מען גאָרנישט זען דורך זיי, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. דאָס איז געווען אונזער לייען־זאַל. מיר זעצן זיך אוים אין אַ קרייז, דער פאָרלייענער אינמיטן, פאַרשטעלט פון אַלע זייטן דורך די צוהערער, וועלכע זיינען אָנגעטאָן אין ריזיקע פּעלצן.

וואָרט ביי וואָרט, אָבער שטיל, די זשאַנדאַרן זאָלן נישט צוהערן, ווערט פאָרגעלייענט פאַרכאַפּנדיקע נייעס. קוים וואָס מיר אָטעמען. אונטער דער שווערקייט פון די געשעעניש, וואָס וויקלען זיך פאַנאַנדער, בויגן זיך די קעפּ אַלץ נידעריקער און נידעריקער. צייטנווייז רייסט זיך אַרויס עפּעס ענלעכס אויף אַ זיפץ אָדער אַ פאַרשטיקטן קרעכץ. די פּנימער ווערן בלאַס, די אויגן — פייכט, די קעל שטיקט עפּעס. דאָס לייענען איז געענדיקט. שטיל. אימהדיק. עס ווייעט מיט טויט. אַלע שווייגן — ס'איז שרעקלעך דאָס מויל צו עפענען. ווי ביים קבר פון אַ טייערן טויטן. דערנאָך צעגייט מען זיך, און איבער די שמאָלינקע שטעגעלעך פון גרויסן גאָרטן, באַשוכט אין ריזיקע וואָילאַקעס, שפּרייזן די אַרעסטאַנטן אָנגעכמורעט און שווייגנדיק „אויפן שפּאַציר". אַרום און אַרום איז אַלץ פאַרשאָטן מיט שניי, וואָס רינגלט אַרום מיט הויכע ווענט די שטענעלעך.

פון דער אָזיערע פייפט דער שטורעם, וואָיענדיק בייז און צאָרנדיק אין די גאָרטנדלעך־שטייגן. פינסטערע, שמוציק־בלייערנע וואָלקנס טראָגן זיך ני־

דעריק, ווי ריזיקע מאָנסטרועזע פייגל. אין די שפּאַלטן פון די ווענט האָבן זיך צוגעטוליעט, רחמנותדיק פּישטשענדיק, ציטערנדיק מיט די גאַנצע קליינינקע קערפּערלעך, די שפּערלעך. אויף דער וואַנט, אַ פאַרשאָטענער מיט שניי, איינגעוויקלט אין אַ ריזיקן פוטער, שפּרייזט הילכיק, ווי אַ פינסטערער געשפּענסט, דער וואַך־פּאָסטן מיטן ביקס; בלויז ער איינער שטערט די שטילקייט מיטן גרימצאָרנדיקן אויסגעשריי: „ווער גיי — יי — יט?“

אין דער זעלבער שטילקייט און אָנגעכמורעטקייט צעגייט מען זיך איבער די צעלעס, און פאַר די הילפלאָז־ליגנדיקע אויף די תפיסה־נאַרעס טראָגט זיך פאַרביי לאַנג־לאַנג דאָס בילד פונם לאַנד, דאָס געפּייניקטע דורך דער רעגירונגס־וואַקכאַנאַליע...

לייכט איז דער קאַמף אינם רויך, אינם פייער פון שלאַכט באַמערקן נישט די קעמפער די קרבנות. פאַרוים איז דער שונא. און אויפן דאָזיקן שונא זיינען געווענדעט אַלע געדאַנקען און געפילן. ווערן שיטערער די רייען — שליסן זיי זיך ענגער און ווידער אין קאַמף אַריין. נישטאָ קיין צייט צו שטיין אויף די קברים, — קיין צייט נישטאָ צו ציילן די געפאַלענע.

אַנדערש איז אין געפאַנגענשאַפט. דאָ טרעטן אַרויס די קרבנות פון קאַמף אין זייער גאַנצן נאַקעטן גרויל. מיר אַלע זיינען אַרויסגעפאַלן פון די רייען, ווען דער קאַמף האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אָנגעהויבן. יעדער קבר פון אַ קעמפער איז געווען אַ הייליקטום און איז באַוויינט געוואָרן דורך דער גאַנצער פּאַרטיי. איצט זיינען די דאָזיקע קברים דאָ אין די הונדערטער, אין די טויזנטער. תליות, דערשיסונגען, שטראָף־עקספּעדיציעס... דאָס אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי ווילד, אַזוי מאָנסטרועז. יעדער קרבן פון דער רעוואָלוציע שטייט ווי אַ לעבעדיקער, און די דאָזיקע קרבנות זיינען אַזוי פיל, אַז זיי פילן אויס מיט זיך אַלץ.

מיר זיינען אַרומגעגאַנגען דערשלאָגענע, דערדריקטע, באַמיענדיק זיך אויסצוזען אויסערלעך זאָרגלאָז, כדי די זשאַנדאַרן זאָל נישט אויפקומען קיין חשד.

ווי אַזוי פאַרבינדט מען אָבער די ידיעה פון אונזער בעל־טובה, דעם זשאַנדאַר, וועגן דער גיכער באַפרייונג מיט די ידיעות וועגן אויפשטאַנדן און דערדריקונגען? קלאָר, אַז ער פאַרמישט דאָ עפּעס די יוצרות.

— נו, וואָס איז עפּעס באַקאַנט געוואָרן וועגן אונזער גורל?

עפּעס ריכטיקס ווייסן מיר נישט, באַהאַלטן אויס, די פאַרשאָלטענע! מען שמועסט אָבער כסדר, אַז מען וועט אייך, אַ סברה, באַפרייען.

— באַפרייען?!

פון איין זייט — צייטונגס־ידיעות, וואָס איינע איז פינסטערער פאַר דער צווייטער, איינע איז גרויליקער פאַר דער צווייטער, און פון דער צווייטער זייט — די דאָזיקע סתירהדיקע פאַרזיכערונג וועגן דער גיכער באַפרייונג, — דאָס האָט שוין אַזוי צעטומלט אונזערע אַלע געדאַנקען, אַז מיר האָבן זיך גענומען צוהערן צו יעדער באַוועגונג, צו יעדן שאָרך, געפינענדיק זיך אין אַ פיינלעך־אָנגעשטרענגטן צושטאַנד.

אין מיטן יאַנואַר — ווידער אַ בהלה אין דער פעסטונג. ווידער איז געקומען צופאָרן עמיצער פון דער העכערער מאַכט. מען האָט אונז איינגעשלאָסן אין די צעלעס. מיר הערן ווי די „מאַכט“ גייט אַרום איבער דער גאַנצער

תפיסה, מען מעסט עפּעס, מען ציילט עפּעס. אין אָוונט, ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט מען זיך געפּאָרעט אונטן אין די וואַרשטאַט־צעלעס. צומאָרגנס, אינדערפרי, לויפן מיר אין די וואַרשטאַטן, — ווי מיר וואָלטן געווען דערבײַ — אַלע אינסטרומענטן זײַנען צונויפגעקליבן און פּינקטלעך צונויפגעלייגט אויף איין אָרט.

מען גיט איבער די פעסטונג לויט אַן אינווענטאַריזירונג!!

די זשאַנדאַרן גייען אַרום דערשלאָגענע, אומעטיקע. פון עטלעכע איז געלונגען אַרויסצורייסן דעם אמת: מען האָט די זשאַנדאַרן געהייסן זוכן שטעלעס. דער שטאָט ווערט פונאַנדערגעלאָזן; דער קאָמענדאַנט און די אָפיצירן באַמיען זיך אויך וועגן שטעלעס. וואָס וועט אָבער זײַן מיט אונדז?! קיינער ווייסט גאָרנישט. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר איבערגעלייענט אין די צײַטונגען אַן „אוקאַז" וועגן אַנולירן שליסעלבורג, אַלס מלוכהשע תפיסה. וועגן אונדז — קיין וואָרט נישט.

דערנאָך האָט אונדזער פרײַנט באַקומען פאַר אונדז א ידיעה: אונדז האָט מען געזאָלט אַוועקפירן אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר, מען באַשליסט זיך אָבער נישט צוליב אַלגאַרע*) אומרועען, און חוץ דעם איז אין די תפיסות קיין אָרט נישטאָ. מען וועט דאָ, ווײַזט אויס, האַלטן ביז פרילינג. און פירן וועט מען אונדז אָדער אין דער אַרכאַנגעלסקער גובערניע, אָדער קיין קאַרא!! די דאָזיקע אומזיכערע לאַגע האָט אונדז אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז מיר וואָלטן שוין צופרידן געווען צו גיין אין גהינום אפילו, אבי עס זאָל עפּעס ווערן קלאָר.

די תפיסה־מאַכט האָט זיך די גאַנצע צײַט נישט געוויזן פאַר די אויגן. דעם 29־טן יאַנואַר, ביים מיטאָג, באַווײַזט זיך פּלוצלונג דער קאָמענדאַנט מיט דער סוויטע.

— אויך איר קאָנט זיך שוין איצט אײַנפּאַקן.

— וואָס הייסט? וווהין? — מאַכסט אַן אָנשטעל, אַז דו ווייסט גאָרנישט.

די פעסטונג ווערט פאַרניכטעט. אייך אַלע פירט מען דערווײַל אַריבער קיין מאָסקווע.

— און דערנאָך?

— דערווײַל איז גאָרנישט באַוווּסט. אין מאָסקווע וועט איך, וואַרשײַנלעך, אויסקומען צו זיצן א שטיקל צײַט.

דער קאָמענדאַנט איז קאַנטיק, זייער אומצופרידן פון שליסעלבורגס פאַרניכטונג.

— אַלע צײַטונגען האָבן געשריגן — א טאָרטור־קאַמער, א טאָרטור־קאַמער — נו, האָבן זיי זיך דערשראָקן! מיט וואָס איז דאָ אָבער שלעכט? אין קיין איין תפיסה וועט אייך נישט זײַן אַזוי גוט, האָט דער קאָמענדאַנט באַדויערט אונדזער גורל.

— נו, מיר וועלן ווי־נישט־איז דורכקומען, — האָבן מיר בייסיק געענטפערט.

מאָרגן אין אָוונט אין וועג אַרײַן! ווידער א מאָדנע „אַמנעסטיע" — פון שליסעלבורג אויף קאַטאָרגע.

---

*) אַגראַרע (איבערז.)

אָבער עס כאַפּט אונדז אַרום אַ שטאַרקע צערודערונג: ס'וועט פּאַרט זיין עפּעס נייעס, מיר וועלן פאָרט, — זאָל זיין, אַז דורך גראַטעס! — דערזען די פרייע וועלט! ווי זעט זי אויס? די צוגרייטונגען זיינען שנעל פאַרענדיקט געוואָרן. אַוועקפירן וועט מען אונדז מאָרגן זעקס אַ זייגער אין אָוונט. עס איז דורך די לעצטע נאַכט אין שליסעלבורג, אַ נאַכט פול מיט אומרו און עקשנות־דיקע געדאַנקען וועגן דער פאַרגאַנגענהייט און אומווילנדיקע טרוימען וועגן דער צוקונפט. אַרום אָוונט־צייט האָבן מיר זיך אַלע צונויפגעזאַמלט און איינגעאָרדנט אין דער צעלע אַ גלעזל טיי צום געזעגענען זיך.

ווי שטאַרק עס האָבן אין דאָזיקן מאָמענט געמוזט טרויערן די שאָטנס פון אַלעקסאַנדער דעם 3־טן, טאָלסטאָי און פּלעווע! אין אַ שליסעלבורגער צעלע טרינקען „אַרעסטאַנטן" צוזאַמען טיי און פירן אומזיניקע שמועסן וועגן אונטערגאַנג פון דער זעלבסטהערשאַפט!

די זשאַנדאַרן האָבן אַרויסגעטראָגן די זאַכן. ס'איז אַראָפּגעקומען דער קאָמענדאַנט אָנגעבלאָזן און פאַרטראַכט. מיר האָבן זיך דערמאָנט די שטראַלענדיקע שטימונג פון דער תפיסה־מאַכט אין אָקטאָבער, ביים אַוועקפירן די אַלטע, און נישט ווילנדיק זיך צעשמייכלט: ווייזט אויס, אַז די רעוואָלוציע איז געוואָרן אַן ערנסט און דער פלירט איז פאַרענדיקט! — עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַקלאָגענישן אויף דעם, אַז „ביי אונדז קאָן קיין שום זאַך נישט געמאַכט ווערן ווי געהעריק", אַז „אַלץ, דאַכט זיך האָט מען געגעבן, איז ניין, גיט זיי אומבאַדינגט תיכף־ומיד אַ „רעפּובליק לויט קאַרל מאַרקס", אַז ס'איז אוממעגלעך געוואָרן צו לעבן, — אַ ליאַדע וואָס איז מען דיך מכבד מיט אַ באָמבע און ענלעכעס, אין זעלבן גייסט. אונדזערע זשאַנדאַרישע פריינט זיינען געשטאַנען הינטערן קאָמענדאַנט אויסגעצויגן ווי סטרונעס און ביטערע צוגעוווּנקען צו אונדז: „געענדיקט זיך דאָס זאָרגלאָזע שעפּאָווע לעבן!...

אַ וואַכמייסטער איז אַראָפּגעקומען מיט אַ מעלדונג, אַז „אַלץ איז גרייט". עס קומט אָן — אין אַ געווייסן זין — אַ היסטאָרישער מאָמענט: שליסעלבורגס לעצטע מינוט. מיר טוען אָן גרויסע פּעלצלעך און וואַליאַקעס און גייען אַרויס אויפן הויף, איינגאַנצן אַ באַדעקטן מיט זשאַנדאַרן. מיר גייען צום אַרויסגאַנג. דער אָפּהילך פון טריט און דער קלאַנג פון שפּאָרן לאָזן זיך שאַרף הערן אונטער די פינסטערע געוועלבן פון טויער. עס הערט זיך אַ קאָמאַנדע — דער טויער עפנט זיך ברייט פאַנאַנדער. אַלץ אַרום איז פאַרשאָטן מיט שניי, — פונוויטנס שוואַרצט זיך די נעוואַ. ביים ברעג וואַרט אַ שיפל מיט זשאַנדאַרן־רודערער.

אַ ליכטיקער ווינטער־אָוונט. די שווערע כוואַליעס*), שוואַרצע, ווי צעלאָזן בליי, קלאַפּן זיך פויל אָן אין קאַנט פון שיפל. פון פינסטערן וואַסער־הושך הויבן זיך אָפּ מרה־שחורהדיק די פעסטונגס־ווענט, פאַרשאָטענע מיט שניי. דער גרוילקער יאָהאַן־טורעם.

— גיט אַ קוק, — פליסטערט פון הינטן אַ זשאַנדאַר, — אָט־אָ־דאָ ליגקס זיינען אַלע באַגראָבן.

---

*) נעבן דער פעסטונג איז דער נעוואַ־שטראָם אַזאַ שנעלער, אַז דער טייך ווערט דאָרט קיינמאָל נישט פאַרפרוירן.

ענבערסט איין די אויגן, זוכסט וועלכע־נישט־איז שפורן, — מען זעט גאָרנישט: אַ קליין שטיקל ערד צווישן וואַסער און די ווענט פונם יאָהאַן־טור־רעם, פאַרשאָטן מיט שניי. אונטער די באַוועגונגען פון די רודערער דערוויי־טערט זיך שנעל דאָס שיפל פון דער פעסטונג. אַ שווער קבר - שווייגן. יעדער איינער טראַכט פאַר זיך זיין טרויעריקן געדאַנק וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון דאָזיקן טרויעריקן אָרט, וועגן יענע, וועמענס איינזאַמע, מיט שניי פאַרשאָ־טענע קברים בלייבן איצט איינזאַמע אין דאָזיקן איינזאַמען ווינקל.

פון וואַסער הויבט זיך אויף אַ שווערער אייזיקער נעפּל, וואָס וויקלט אַלץ מער און מער איין די פעסטונג. מען זעט נאָך בלויז אומקלאָרע קאָנטורן. אַ גרויע פינסטערניש פאַרדעקט אַלץ און די פעסטונג גיסט זיך צונויף מיט דער דאָזיקער פינסטערניש.

שליסעלבורג איז נישטאָ...

## קאַפּיטל פערצן.

אויפן ברעג וואַרטן אונז אָפּ „טראָיקעס“, וואָס האָבן אונז מיט פרייליכע געשרייען אין איין מינוט צוגעפירט צום וואָקזאַל פון דער אירינאָווער אייזנ־באַן. דאָרט וואַרט אַ ספּעציעלער צוג. אין אַנדערטהאַלבן שעה אַרום געפינען מיר זיך שוין אין פּעטערבורג. די גאַנצע סטאַציע איז אָנגעפּראַפּט מיט שפּיצלעס און פּאָליציי. פונוויטנס זעט מען רייטער־זשאַנדאַמעריע און פּאָליציאַנטן. ביים וואָקזאַל, אויפן פּלאַץ, פינף קאָטשן, אַרומגערינגלט מיט אַ ענגער קייט רייטער־פּאָליציי. מיר צעזעצן זיך און אונטער דער וואַך פון אַ עסקאַדראָן זשאַנדאַרן טראָגן מיר זיך צום ניקאָלאַיעווער וואָקזאַל.

מיט גרויס מי רייבסטו אויס אומבאַמערקט אַ קיילעכדיקן בלויז אויף דער פאַרפרוירענער שויב פון קאָטש. די געשעפטן זיינען אָפן, אָבער די גאַסן — פּוסט. אויף די ראָגן — שטאַרקע אָפּטיילונגען רייטער־און פוס־פּאָליציי. קיין לעבעדיקער נפש. עס כאַפּט אַרום אַן אימה. אַ „טויטע שטאָט“... ווו־נישט־ווו עפנט עמיץ מיט שרעק די טיר פון אַ געשעפט און עס קוקן דורך איר אַרויס מענטשן מיט אומרואיקער פאַרבליפטקייט אויף די קאָטשן, וועלכע טראָגן זיך אונטער דער וואַך פון זשאַנדאַרן.

קיין איין באַגריסונג, קיין איין אויסגעשריי. ווו־זשע איז עס, דאָס בונטאַ־רישע רוסלאַנד. דער בונטאַרישער פּעטערבורג?...

מיר זיינען אָנגעקומען אויף דער משא־סטאַציע פון ניקאָלאַיעווער אייזנ־באַן. דאָרט זענען מיליטערישע פּולקאָווניקעס און גענעראַלן, זשאַנדאַרמישע פּולקאָווניקעס און גענעראַלן, פּאָליצייאישע פּולקאָווניקעס און גענעראַלן און שפּיאָנען, שפּיאָנען — אָן אַ שיעור. אין אַ וויטן עק פון דער סטאַציע שטייט גרייט אַ אַרעסטאַנטישער וואַגאָן. מען האָט אונז אַריינגעפירט אַהין צוזאַמען מיט דער זשאַנדאַרמישער וואַך און אָפּגעהאַלטן אַ שעה צוויי אויף אַ זייטיקער ליניע.

שפּעטער, ווען מען האָט דעם וואַגאָן צוגעטשעפּעט צום צוג און צוגעפירט צום וואָקזאַל, האָט די גרויסע צאָל זשאַנדאַרן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פונם עולם. אויף די פּלאַטפאָרמעס פון וואַגאָן פון שכנותדיקן צוג האָבן זיך

באוויזן ארבעטער־קאשקעטן און סטודענטישע היטלען, עס האָבן געשוינמען דורכמיניען מיטפילנדיקע פנימער. די „אומאָרדנונג" איז אָבער אינגיכן באַמערקט געוואָרן, עס איז אָראָפּגעקומען אַ פּאַטרול און צוריקגעשטעלט רו און שטילקייט.

דער צוג האָט געדירט, די באַגלייט־אָפיצירן האָבן קאָנטראָלירט די וואַכן און זיינען אַוועק צו זיך אין קופּע. באַגלייט האָבן אונז שליסלבורגער זשאַנדאַרן — 12 אונטעראָפיצירן. די באַציונגען צווישן אונז זיינען געווען גוטע. עס איז אונז פאָרגעשטאַנען צו פאַרברענגען צוזאַמען די לעצטע נאַכט.

און דאָס איז געווען אַן אויסטערלישע נאַכט, פול מיט טיפע, אומפאַרוויש־באַרע איינדרוקן.

— ס'וואָלט געווען אַ יושר צו לייגן שלאָפן די רעכטלעכע אָרדנונג, זאָגט איין אונטעראָפיציר צום צווייטן.

— וואָסער רעכטלעכע אָרדנונג? — פרעגן מיר.

— דאָס הייסט, אַז מיר טיילן זיך אויף פאַרטייען, — ענטפערט כיטרע דער אונטעראָפיציר. —אונזער קאָמפּאַניע זיינען די לינקע, און יענע — די „רעכטלעכע אָרדנונג".

— טרייע אונטערטאַנען?

— אָט־אָט! פּראָסט־פּשוט אויסוואָרפן!

ווי עס פּאַסט פאַר עכט־רוסישע לייט, וואָס זייער פרייד באַשטייט אין פרעסן און זויפן, האָט זיך די „רעכטלעכע אָרדנונג" געזעצט צו דער סעודה, און אינגיכן זיך צעלייגט אין שכנותדיקן אָפּטייל, מאַניפעסטירנדיק מיט אַ הויכער בראָפּעריי זייער טריישאַפט דעם „טראָן־פּאַטערלאַנד". די וואַך האָבן פאַרנומען די „לינקע"...

צוויי אַ זייגער ביינאַכט. אין פאַרקאַפּטשעטן לאַמטערן ברענט טריב אַ ליכט, קוים באַלייכטנדיק די קאָנטורן פון וואַגאָן. דער צוג טראָגט זיך איבערן שנייאיקן פעלד, סאַפּענדיק און קראַכנדיק. מיר אַלע — די אַרעסטאַנטן און די באַגלייט־זשאַנדאַרן — האָבן זיך צונויפגעקנוילט צוזאַמען, ענג צוגע־דריקט איינער צום צווייטן, און פירן אין פליסטער־טאָן אַ „פאַרבאָטענעם" שמועס, טיף געריהרטע, צערודערטע, קוקנדיק מיט אומרו אויף דער טיר. די זשאַנדאַרן אַנטפּלעקן אונז די סודות פון שליסעלבורג.

דאָס, וואָס זיי האָבן קיין מוט נישט געהאַט צו דערציילן דאָרט אין שליסעל־בורג, דערציילן זיי אונז אין דער דאָזיקער לעצטער נאַכט. דאָס איז געווען אַן אויס־טערלישע סצענע,—די דאָזיקע פיל שעהדיקע שמועסן מיט בלישטשענדיקע אויגן, מיט אַ קול, וואָס ציטערט פון אינערליכער אויפרעגונג. אַלע עקזעקוציעס, אַלע טויטן, אַלע טאָרטורן זיינען פאַר אונז פאַרביי אין דערציילונגען פון אונמיטלבאַרע עדות.

צווישן אַנדערן איז געלונגען דערוויסן זיך וועגן קאַטשוראַן אָט־וואָס. ער איז געקומען קיין שליסעלבורג אַ מונטערער, געזונטער, פרייליכער. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט ער געפּאַדערט אַרבעט אין אַ וואַרשטאַט. יוען מען האָט אים אָפּגעזאָגט, אַנווייזנדיק דערויף, אַז די ערשטע צייט מוזן די אַרעסטאַנטן פאַרברענגען אין פולער איינזאַמקייט און אומטעטיקייט, האָט ער געמאָלדן, אַז ער וועט געצווינגען צו דערפילן זיין פאָדערונג, און

דערקלערט א הונגער־שטרייק. עס זיינען פאַרגאַנגען זעקס טעג. זעענדיק זיין עקשנות, האָבן די זשאַנדאַרן נאָכגעגעבן און איינגעאָרדנט פאַר אים א וואר־שטאַט אין איינער פון די צעלעס. דאָס איז געווען אין אַפּריל 1903. קאַטשוראַ האָט געאַרבעט מיט גרויס התמדה. אין א צוויי חדשים אַרום הויבט זיך אָן צו שפּינען אַן אינטריגע פון א גאַנץ־אומבאַגרייפלעכן כאַראַקטער. צום באַדויערן ווייסן די זשאַנדאַרן גיפּא זייער ווייניק וועגן איר. אַט־וואָס זיי איז באַקאַנט.

אין חודש יוני, אין איינעם א שבת, ווען מען האָט קאַטשוראַן אַוועקגעפירט אין באָד, האָט דער דעזשורנער זשאַנדאַר ווי געוויינלעך דורכגעפירט א רעוויזיע אין דער צעלע. האָט מען ערגעץ־ווו געפונען א באַהאַלטענעם צעטל, כלומרשט פון מיין נאָמען צו אים, קאַטשוראַן.*) וועגן וואָס אין צעטעלע האָט זיך גערעדט, האָבן זיי נישט געקאָנט דערגיין. דאָס „געפונענע" צעטעלע איז צוגע־שטעלט געוואָרן דעם קאָמענדאַנט. באַלד דערנאָך איז דער קאָמענדאַנט געקומען צו קאַטשוראַן, אַרויסגעשיקט די זשאַנדאַרן און זיך פאַרשלאָסן מיט אים אויג־אויף־אויג. וועגן וואָס מען האָט גערעדט, — ווייסן זיי נישט. דער קאָמענדאַנט איז פאַרבליבן אין רער צעלע א שעה צוויי. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך דער שמועס איבערגעחזרט ביי דיזעלבע אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען.

קאַטשוראַס שטימונג האָט זיך תיכף געביטן. ער איז געוואָרן איינגעשלאָסן, אָנגעכמורעט. אין א קורצער צייט אַרום איז קיין שליסעלבורג אַראָפּגעקומען עפּעס א גערירכטס־מענטש (לויט דער באַשרייבונג — טרוסעוויטש). ער האָט זיך באַזעצט אין א צימערל ביים מאַנעזש (אויסמיידנדיק, וואַרשיינלעך, די קאַנצעלאַריע, ווייל די, וואָס גייען אַהין, ווערן געזען דורך די אַרעסטאַנטן אין דער נייער תפיסה און דורך אַלע, וואָס וווינען אין דער פעסטונג). 12 א זייגער בייטאָג, ווען די וואַך ווערט געביטן, האָט מען קאַטשוראַן איבערגעטאָן אין א זשאַנדאַרישער אוניפאָרם און צוזאַמען מיט אַלע זשאַנדאַרישע אונטער־אָפיצירן איז ער דורכגעגאַנגען דעם תפיסה־הויף צום צוגערייזטן גערירכטס־מענטשן. אַלע האָבן באַקומען א שטרענגן באַפעל צו דערווייטערן זיך און נישט צוצוקומען נאָענט. דער שמועס האָט געדויערט א גאַנצן טאָג. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אַלע זיינען געווען אויסערגעוויינלעך פאַרינטריגירט, האָט קיינער נישט געוווסט, וועגן וואָס עס איז גערעדט געוואָרן. אויך די אָפיצירן און דעם קאָמענדאַנט האָט מען נישט צוגעלאָזט.

אין משך פון יוני־יולי האָט זיך דאָס איבערגעחזרט עטלעכע מאָל, ביז מען האָט קאַטשוראַן פּלוצלינג, אומגעריכט פאַר זיין אַלע, אָפּטראַנספּאָרטירט אין דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג. אין א געוויסער צייט אַרום האָט מען אים צוריקגעבראַכט. ער איז צוריקגעקומען אינגאַנצן א נידערגעשלאָגענער און אין דאָזיקן צושטאַנד האָט ער זיך געפונען ביז ווינטער, ווען מען האָט אים אַנטגילטיק אַוועקגעפירט. מיט די זשאַנדאַרן פלעגט ער נישט רעדן, פלעגט

*) פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב קאַטשוראַן קיין שום צעטעלעך נישט געשיקט. אויב מען האָט אים אויף אַן אמת צוגעשטעלט א צעטעלע, איז דאָס די אַרבעט פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אָדער פון טרוסעוויטשן. דעם אינהאַלט פון צעטעלע איז נישט שווער צו פאַרשטיין און אַלדאָס ווייטערדיקע ווערט קלאָר.

במעט נישט ענטפערן אויף פראגן, האט אויפגעהערט צו ארבעטן אין וואר־שטאט, לייענען ביכער, פלעגט זיך אפילו אפט אפזאגן פון שפאצירן. אין דער צעלע, אויפן טיש, זיינען געבליבן עטלעכע אויפשריפטן, וועלכע דערציילן וועגן א גייסטיקן צוזאמענברוך. אזוי, למשל, איז אין איין ווינקל אויסגעקריצט: „ס'איז אומגעקומען אלץ, וואס איך האב פארגעטערט אין לעבן"... „די נשמה איז פוסט, די נשמה איז פינסטער"... יא, האפנונגען און פארלאנגען — איר זענט אומגעקומען!"... און ענלעכעס, אלץ אין זעלבן גייסט. דאס איז אלץ, וואס עס איז געלונגען דערוויסן זיך וועגן אים.

אלע האבן זיי בייגעוווינט די עקזעקוציעס אין שליסעלבורג און אט־וואס זיי דערציילן וועגן די לעצטע מינוטן פון די אומגעבראכטע. זייערע דערציילונגען אלס עדי־ראיה, דארף מען באטראכטן אלס איינציק־ריכטיקע, אלס אזעלכע, וואס אנולירן די צאלרייכע דערציילונגען פון געוויסע מענטשן, ווי, למשל, פון א פאנטאסטישן זשאנדארמישן אפיציר, וואס טוט תשובה און פארעפנטלעכט זיינע פעליעטאנען, פולע מיט ליגנס און אויסטראכטענישן, אויף די זייטן פון „רוסקיא וועדאמאסטי".

סטעפאן באלמאשאוון האט מען געבראכט אינדערפרי, ארום 10 א זייגער און מען האט אים ארייגעפירט אין דער קאנצעלאריע. געהאלטן האט ער זיך פעסט, רואיק. פאר דער קאנצעלאריע, דערזעענדיק די נייע תפיסה, האט ער געגומען פאכען מיטן הוט. בייטאג האט ער געטרונקען טיי און געגעסן מיטאג. אינאווונט האט מען אים אפגעפירט אין דער אלטער תפיסה און ארייגעזעצט אין איינער פון די צעלעס, נישט ווייט פון דער צעלע, וווּ עס איז שוין, א פאר־שלאסענער, געזעסן דער תליון.

— ווען עס וועט נויטיק זיין, פארגעסט נישט אויפצוּוועקן — האט סטעפאן באלמאשאוו געזאגט מיט א שמייכל צום דעזשורנעם און זיך געלייגט שלאפן.

ארום פיר פארטאג איז דערשינען אין זיין צעלע דער וויצע־פראקוראר פון קרייז־געריכט מיט דער „סוויטע". באלמאשאוו איז געשלאפן און לאנג האט מען אים נישט געקאנט דערוועקן. ענדלעך האט ער אויפגעעפנט די אויגן און געפרעגט מיט פארדרוס:

— וואס? וואס דארפט איר?

— איר זענט דער און דער?

— איך!

— איז אייך באקאנט, אז דער פ.־פעטערסבורגער קריגס־געריכט האט אייך פארמשפט צו טויט־שטראף?

— באקאנט.

— דער אורטייל איז ארײַן אין קראפט און וועט באלד אויסגעפירט ווערן.

— אך, יא! נו, גוט, גוט!...

ער האט זיך ווידער געלייגט אויפן קישן, צוגעמאכט די אויגן און איז ווי־אזשט שלאפן געווארן. מען האט אים ווידער אויפגעוועקט.

— שטייט שוין אויף אמאל! אלץ איז שוין גרייט!

— גוט, גוט! אט גלייך!

**ער לייגט זיך ווידער**, און אַזוי עטלעכע מאָל. ענדלעך האָט ער זיך אויפגעהויבן און געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— טאַקע אויפהויבן זיך? אַלץ איז גרייט? נו, מילא, אויפהויבן זיך איז אויפהויבן זיך!

ער באַטראַכט די צעלע. פאַר אים שטייט אין אַ וויצע־מונדיר דער פאַרשטייער פון געזעץ — דער פּראָקוראָר, ווייטער — דער אויספירער פון געזעץ, דער תליון פיליפיעוו. ער איז פון קאָפּ ביז די פיס אָנגעטאָן אין רויטן: אַ רויט היטל, אַ רויטע בלוזע, רויטע פּלודערן. אין איין האַנט האַלט ער אַ שטריק, אין דער צווייטער — אַ נאַהייקע. דאָס פּנים אַ חיהשעם — אַ גרויס, אַ אָנגעגאָסנס, מיט מוטנע אויגן, פאַרלאָפענע מיט בלוט. ער גייט צו האַרט צו זיין קרבן, הויבט אויף איבערן קאָפּ די נאַהייקע און ברילט: „די הענט אויף הינטן! ביים קלענסטן ווידערשטאַנד וועל איך פאַרשמייסן!“...

מען פאַרדרייט די הענט מיט אַ שטריק און די פּראָצעסיע גייט אַרויס פון דער צעלע אין קליינעם הויפל, צווישן דער פעסטונגס־וואַנט און דער אַלטער תפיסה — ביים יאָהאַן־טורעם. דאָרט איז שוין „אַלץ גרייט“. דער עשאַפאָט, דערלעבן אַן אויסגעגראָבענע גרוב, לעבן גרוב אַ שוואַרצער קאַסטן — אַ טרומנע. דאָס הויפל איז פול מיט מאַכט־פאַרשטייער און זשאַנדאַרן. מען פירט אַרויף באַלמאַשאָוון אויפן עשאַפאָט. דער סעקרעטאַר פון געריכט לייענט דעם אורטייל. אויפן עשאַפאָט גייט אַרויף אַ פּאָפּ מיט אַ צלם, סטעפאַן באַלמאַשאָוו שטויסט אים מילד אָפּ: — „צום טויט בין איך גרייט, אָבער פראַוועט צביעות, פאַטערל, פאַרן טויט, וויל איך נישט“.

דעם אָרט פון גאָטס דינער פאַרנעמט דער דינער פון צאַר — דער תליון. סטעפאַן באַלמאַשאָוו שטייט גלייך און רויק, מיט זיין שטענדיקן לייכט־טרויעריקן און לייכט־חוזקדיקן שמייכל אויף די ליפּן.

דער תליון פאַרוואַרפט אויפן קאָפּ דעם קאַפּושאָן פון טויטן־העמד, דערנאָך דעם שלייף. מיט אַ קלאַפּ פון דעם פוס שלאָגט ער אַרויס די ברעט, דער קערפער פאַלט שווער אַראָפּ. ס׳דערהערט זיך אַ פאַרשטיקטער קרעכץ. דער שטריק ציט זיך אָן און קנאַקט. דער קערפער צאַפּלט און וואַרפט זיך אין קאַנוואָלסיעס. די פיס שפאַרן זיך אָן אין דיל פון עשאַפאָט — דער טויט קומט לאַנגזאַם. דער תליון כאַפּט פעסט אַרום דעם קערפער און ציט אים מיט כח אַראָפּ. די אָנווערזנדיקע כאַפּט אָן אַ שווידער. עס איז גרוילעך, עקלדיק. אַ קלאַר דער פרימאָרגן. די זון איז נאָרוואָס אויפגעגאַנגען און אירע מילדע גאָלדענע שטראַלן שלאָגן זיך אָפּ אין די קוועדבאַלקנס פון דער תליה. אַרום — פרישע גרינס. די פויגעלעך צוויטשערן פריילעך, פון דער אָזיערע דערטראָגט זיך אַ פּישטש פון אַ מעווע. און מענטשן אין מונדירן, מיט אָדלערס אויף די קנעפּלעך, שטייען אָנגעכמורעט, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, בלייכע, אויפגערודערטע און וואַרטן ביז עס וועט אויפהערן צו צאַפּלן זיך דער קערפער, וואָס איז איינגעוויקלט אין טויטן־העמד און הענגט אויפן שטריק. זיי וואַרטן לאַנג — אומענדלעך לאַנג — ביי אַ האַלבער שעה.

דער תליון נעמט אויף אין זיינע אָרעמס דעם קערפער, שניידט איבער דעם שטריק, לייגט אַוועק דעם טויטן גוף אויפן דיל פון עשאַפאָט. עס גייט צו דער דאָקטאָר, הערט אויס דאָס האַרץ — אַלץ איז אין אָרדנונג: דאָס האַרץ

קלאפּט נישט. דעם טויטן גוף לייגט מען אַריין אין קאַסטן, מען באַשיט מיט וואַפּנע, מען דעקט צו מיט אַ דעקל. דער קלאַפּ פון האַמער שניידט דורך ביז די פּרימאָרגן־לופט: דאָס פאַרשלאָגט מען דעם טרומנע־דעקל. דעם קאַסטן לאָזט מען אַראָפּ אין דעמזעלבן אויסגעגראָבענעם גרוב, מען פאַרשיט. מען גלייכט אויס מיט דער ערד און לאַנגזאַם, שעמענדיק זיך צו קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן, צעגייט מען זיך.

די צאַרישע גערעכטיקייט איז אויסגעפירט געוואָרן.

די תפיסה איז אין דאָזיקן פרימאָרגן נישט געשלאָפן. דאָס דערשיינען פון סטעפּאַן באַלמאַשאָוון איז באַמערקט געוואָרן. מען האָט אויך באַמערקט, אַז אויפן הויפל פון דער אַלטער תפיסה שלאָגט מען עפּעס צונויף פון ברעטער.

מען בויט אַן עשאַפאָט — האָט אַלעמען אַ ברען געטון.

אַ גאַנצע נאַכט איז מען געשטאַנען ביי די פענסטער־קראַטעס. מען האָט געזען, ווי די מאַכט איז פאַרטאָג געגאַנגען צו דער אַלטער תפיסה. אין אַ שעה אַרום איז פון דער אַלטער תפיסה געקומען אין צערקווע־גערטנדל דער אַלטער פּאָפּ. אַן איינגעבויגענער, אַ נעבעכדיקער, קוים באַוועגנדיק די פיס, האָט ער זיך הילפלאָז אַראָפּגעלאָזן אויף אַ באַנק, באַהאַלטנדיק דעם קאָפּ אין די הענט, וואָס זיינען אָנגעשפּאַרט געווען אין די קני. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט אַנטאַנאַווס שאַרף אויער דערהערט אַ ווייטן קלאַנג. דער דערפאַרענער שמיד האָט אויפגעכאַפּט אַ קלאַפּ פון אַ האַמער אויף אַן אייזערנעם משוואָק און דער תפיסה איז אַלץ קלאָר געוואָרן!

---

כמעט פונקט אין דריי יאָר אַרום איז פאָרגעקומען אַ צווייטע עקזעקוציע — פון א. פּ. קאַליאַעוון. וועגן דער דאָזיקער עקזעקוציע איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן, און אין אַלגעמיין איז זי באַשריבן געוואָרן ריכטיק. דער תליון איז געווען דערזעלבער פיליפּיעוו. לויט דער באַשרייבונג פון די זשאַנדאַרן איז דאָס אַן אויסטערלישע באַשעפעניש. אַמאָל איז ער געווען אַן אָפיציר, איז באַגאַנגען אַן אומגלויבלעך־געמיינעם פאַרברעכן, איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, אָבער פאַר דער גרייטקייט צו זיין אַ תליון פון פּאָליטישע — האָט מען אים באַגנעדיקט. פאַר באַלמאַשאָוון האָט מען לאַנג געזוכט אַ תליון, ביז מען האָט ענדלעך געפונען פיליפּיעוון, וועלכער איז דאַן געזעסן אין איינער פון די קאַווקאַזער תפיסות. אונטער אַ שמירה האָט מען אים צוגעשטעלט קיין שליסעלבורג.

די גאַנצע צייט, וואָס אים קומט אויס צו וואַרטן אויף דער דערפילונג פון זיינע פליכטן, טרינקט ער בראָנפן אין גרויסע גלעזער. דער אויסזען זיינער איז פון אַן אמתער חיה. און דער דאָזיקער מענטש, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער באַקומט פאַר יעדן „אַרויספּאָר" צו 100 רובל, פּייניקט זיך אומגלויבלעך מיט זיינע פליכטן. אין דינסט שטייגט ער זייער שנעל. אויף קאַליאַיעוום עקזעקוציע איז ער שוין געקומען צו פאָרן אונטער דער שמירה בלויז פון איין זשאַנדאַר, און אין עטלעכע חדשים אַרום — צו דער עקזעקוציע פון גערשקאָוויטשן — שוין אינגאַנצן אָן אַ שמירה: ער האָט געוווינט דעם צוטרוי פון דער מאַכט.

אַ קליינינקער, כמעט אומגלויבלעכער פּרט: נאָך קאַליאַיעווס עקזעקוציע

האָט פיליפּיעוו גענומען אַרומגיין אין אַפיצירישן מונדיר, מיט אַ געאָרגיערדען אין לאַץ. אַזוי איז ער אין סעפּטעמבער געקומען אויף גערשקאָוויטשעס עקזעקוציע, שטעלנדיק די זשאַנדאַרן אין גרויס פאַרלעגנהייט. דאָס איז — אַן אומשולדיקע שוואַכקייט פונם „אַלטן", אויף וועלכער די גוטע מאַכט קוקט דורך די פינגער. פיליפּיעוו האָט געבעטן דערלויבן אים די לעצטע „אייניציקע טרייסט" און די מאַכט האָט באַשלאָסן צו דערפילן די בקשה פון אַ נוצלעכן מענטש. אַן אָפיציר, מיט אַ געאָרגי־אָרדן אין לאַץ, קומט צופאָרן אין דער פעסטונג מיט אַ קליין פּעקעלע, אין וועלכן עס ליגט איינגעבונדן זיין אמתער מונדיר — זיין רויטע קליידונג, אַ נאַהייקע און אַ שטריק.

אי. פּ. קאַליאַיעוון האָט מען געבראַכט נישט אין קאַנצעלאַריע, נאָר אין אויפנאַם־צימער, אין מאַנעזש. דאָרט האָט ער פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג. לאַנג איז ער אַרומגעגאַנגען איבערן צימער אַהין און צוריק, דערנאָך זיך געזעצט שרייבן. ער האָט אויסגעשריבן אַ גאַנצן בויגן פּאַפּיר, אָבער נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת פאַרגאָסן מיט טינט און צעריסן. דערנאָך האָט ער זיך געלייגט אויף דער נאַרע. ס'האָט אים געוואָרפן אין קעלט. ער האָט געבעטן עפּעס וואַרעמס אויף צוצודעקן זיך, זאָגנדיק דערביי צו די זשאַנדאַרן: מיינט נישט, אַז איך ציטער פאַרן טויט — מיר איז פּשוט קאַלט.

ביי טאָג איז עטלעכע מאָל געגאַנגען צו אים פון קאַנצעלאַריע עפּעס אַ באַאַמטער מיט פּאַפּירן; ווי ס'שיינט, האָט ער אים פאָרגעלייגט אונטערצושרייבן אַ בקשה וועגן באַגנעדיקונג. די נאַכט האָט ער פאַרבראַכט טאַקע אין מאַנעזש. פאַרטאָג זיינען אָראָפּגעקומען די מאַכט־פאָרשטייער: דער פּראָקוראָר, דער תליון אין דויטן, זשאַנדאַרן און דאָס איבעריקע. אי. פּ. איז געווען אָנגעטון און איז נישט געשלאָפן.

דער פּראָקוראָר האָט דערקלערט, אַז דער אורטייל וועט איינגיכן אויסגעפירט ווערן. דער תליון האָט געבונדן די הענט און די פּראָצעסיע האָט גענומען גיין צום עקזעקוציע־אָרט — אין אַ ווייטןווינקל פון דער פעסטונג, צווישן מאַנעזש און דער באָד. אי. פּ. איז געגאַנגען מיט אַ שטאָלץ־פאַרוואָרפענעם קאָפּ אַהינטן, אויפן עשאַפאָט איז ער ארויף פעסט און רואיק. קושן דעם צלם האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, האָט אָבער אַ קוש געטון דעם פּאָפּ — „כ'זע אין אייך פּשוט אַ גוטן מענטשן".

דער תליון האָט זיך אויך דאָס מאָל אַרויסגעוויזן אַלס רוסישער תליון. דער שלייף איז פאַרוואָרפן געוואָרן זייער שלעכט און דער קערפּער האָט זיך געצאַפּלט אין קאָנוולסיעס. די סצענע איז געווען אַזוי דערשיטערנדיק, אַז דער שטאַב־שעף פון זשאַנדאַרמעריע - קאָרפּוס, וועלכער איז ביי געווען די עקזעקוציע, האָט אַ בריל געטון אויפן תליון: „אויסוואורף, כ'וועל הייסן דיך דערשיסן, אויב דו וועסט תיכף נישט מאַכן אַ סוף צו די ליידן פון פאַרמשפּטן".

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט מען דעם קערפּער אַרויסגענומען פון שלייף, אַריינגעלייגט אין אַ שוואַרצן קאַסטן און פאַרגראָבן הינטער דער פעסטונגס־וואַנט ביים יאָהאַן־טורעם. ווינטער ליגט דאָרט האָלץ, זומער — פּאַשען זיך בהמות. דאָרט ליגן באַגראָבן אַלע געשטאָרבענע און געטויטע אין שליסעלבורג, אַחוץ ס. באַלמאַשאָוון. קיין קבר־בערגלעך זיינען נישטאָ. אַלץ איז אויסגעגליכן מיט דער ערד.

די לעצטע צוויי עקזעקוציעס זענען פֿאָרגעקומען אין סעפּטעמבער 1905־טן יאָר. א לאַנגע צייט האָבן מיר וועגן זיי קיין אַנונג נישט געהאַט. דאָס זענען געווען די עקזעקוציעס פון וואסילעוו און גערשקאָוויטש. מען דאַרף באַמערקן, אַז וואסיליעוו איז נישט קיין „פּאָליטישער". שכורערהייט, צוליב פּערזענלעכע מאָטיוון, האָט ער דערשאָסן א פּאָליציאַנט. דאָס איז אָבער געשען אין דער צייט פון טרעפּאָווס דיקטאַטור, ווען דער מאַכט איז פאַר יעדן פּרייז נויטיק געווען אַן עקזעקוציע צוליב אָפּשרעק־צוועקן. די טעמפּע שנאה פון די הערשער האָט זיך צוגעטשעפּעט צום דאָזיקן אומשולדיקן ארבעטער, וואָס איז ווייט געווען פון פּאָליטיק. עס איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס וואסילעוו האָט די גאַנצע צייט געבעטן רחמים דער מאַכט זיך דערבאַרימען איבער אים, „נישט אומברענגען" אים, געבעטן חסד ביים צאַר.

דער צאַר האָט אים נישט באַוויליקט קיין חסד און די עקזעקוציע איבער אים איז אויסגעפירט געוואָרן.

געבראַכט האָט מען זיי באַזונדער און אויך אין דער פעסטונג האָט מען זיי געהאַלטן באַזונדער. גערשקאָוויטשן האָט מען נישט געזאָגט, אַז מען פירט אים צו דער עקזעקוציע און אין יענער נאַכט האָט ער זי נישט דערוואַרט. ער האָט זיך א ביסל פאַרוווּנדערט, דערזעענדיק אַרום 4 ביינאַכט לעבן זיין נאַרע דעם פּראָקוראָר, און הינטער יענעם דעם תּליון אין רויטן. זיך כאַפּנדיק אָבער וואָס דאָ קומט פאָר, איז ער שנעל געקומען צו זיך און איז שטאָלץ, מוטיק אַנטקעגנגעגאַנגען דעם עשאַפאָט.

אָנגעטאָן אין תּכריכים, האָט ער רויק אויסגעהערט דאָס דערמידנדיקע לייענען פון אורטייל. ווען עס האָט זיך געענדיקט, האָט ער, ווי פון א טריבונע, אַרומגענומען אַלעמען מיט א פאַראַכטנדיקן בליק און געזאָגט: איר האָט זיך פאַרזאַמלט צו זען, ווי איך וועל שטאַרבן? קוקט זיך צו, — איך בין רויק... איך שטאַרב פאַר דער פרייהייט...

—תּליון, א סוף מאַכן! — האָט דער קאָמענדאַנט א געשריי געטאָן.

עס איז פאָרגעקומען א צעמישונג. קיינער האָט נישט פאָרויסגעזען קיין רעדע פון עשאַפאָט, און דערלאָזן אַזאַ אָפּווייכונג אין ריטואַל האָט מען נישט געטאָרט. דער תּליון האָט פאַרוואָרפן דעם קאַפּושאָן, דערנאָך דעם שלייף, אַרויסגעשלאָגן די ברעט, ס'האָט זיך דערהערט עפּעס אַזוינס, ווי א געשריי, צי ווי א קרעכץ, און דער קערפּער אין תּכריכים האָט זיך גענומען הוידען. דער קערפּער האָט זיך לאַנג געצאַפּלט. צי די באַזונדערע וויטאַליטעט פון יונגן אָרגאַניזם, צי דער שלייף איז ווידער שלעכט פאַרוואָרפן געוואָרן, — נאָר ווען מען האָט גערשקאָוויטשן אַרויסגענומען פון שלייף אין 30 מינוט אַרום האָט נאָך אין אים געטליעט דאָס לעבן. דער פעסטונגס־דאָקטאָר, וואָס איז צוגעגאַנגען צום טויטן גוף און האָט אויסגעהערט דאָס האַרץ, האָט, נאַטירלעך, געגעבן א צייכן, אַז „אַלץ איז אין אָרדנונג" — מען קאָן באַגראָבן! אָבער ווען די מאַכט־פאָשטייער האָבן זיך דערוויטערט פון עקזעקוציע־פּלאַץ, האָבן די זשאַנדאַרן געהערט, ווי דער דאָקטאָר האָט געזאָגט צום קאָמענדאַנט: אייגנטלעך האָט דאָס האַרץ נאָך שוואַך געקלאַפּט.

דאָסדאָזיקע „אייגנטלעך" איז אומפאַרגלייכלעך אין זיין נאַאיוויטעט.

מאָרגן, אָבער קיין איין עקזעקוציע האָט נישט געמאַכט אויף די זשאַנ-

דאַרן אַזאַ דערשיטערנדיקן איינדרוק, ווי גערשקאָוויטשעס. אין דאָזיקן בחור איז געווען עפּעס ספּעציפישעס, פאַרוואָס זיי האָבן אים גערופן נישט אַנדערש, ווי „העלד". באַזונדערס האָבן זיי דערשיטערט זיינע ווערטער פון עשאַפאָט אַראָפּ. אַלע האָבן זיי איבערגעגעבן דידאָזיקע ווערטער מיט דערזעלבער מערק־ווירדיקער גענויאיקייט: זיי האָבן זיך, וואַרשיינלעך, טיף איינגעקריצט אין די דאָזיקע פּשוטע נשמות. די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט אַלץ מער און מער, דער צוג האָט געטראַסקעט, און מיר האָבן זיך גיריק איינגעהערט, מיט אַ אייַנ־געהאַלטענער אויפגערודערטקייט, צו דער טרויעריקער דערציילונג פון דער שליסעלבורגער כראָניק.

עס איז קלאָר געוואָרן אַ אינטערעסאַנטער פּרט. גלייך נאָך אונזער פּראָ־צעס, וואַרשיינלעך נאָך מאַקאַראָווס רעזולטאַטלאָזן באַזוך, האָט מען אין שלי־סעלבורג באַקומען אַ טעלעגראַם מיטן באַפעל אויפצושטעלן אַ תליה. די זאַך האָט זיך דערנאָך אַנדערש אויסגעלאָזן. די עקזעקוציע איז צוליב עפּעס אָפּ־גערופן געוואָרן, אָבער וועגן דער אַרויסגעגעבענער פאַראָרדנונג האָט מען פאַר־געסן. די תליה איז געשטאַנען העכער אַ האַלב יאָר, און מען האָט זי צענומען שוין נאָכדעם, ווי מען האָט מיך אַריבערגעפירט קיין שליסעלבורג...

## קאַפּיטל פופצן

אַ זייגער פינף פאַרטאָג האָט זיך די וואָך געביטן. די דעזשור האָט איבער־גענומען די „רעכטלעכע אָרדנונג" און מיר האָבן ווי־נישט־איז זיך געקאָנט לייגן אָפּרוען.

ווען עס האָט גענומען טאָגן, האָבן מיר זיך אַ וואָרף געטאָן צו די מיט שניי־פאַרשאָטענע וואַגאָן־פענסטער: ווי זעט זי אויס דאָס „נייע רוסלאַנד"? טויט, וויסט, אָן מענטשן. ס'איז געוואָרן טאָג. דער אויסזען פון די דורכגעפאָרענע סטאַציעס האָט געדריקט מיט גרויל. אינערגיץ — קיין לעבעדיק וועזן. בלויז איבערגעשראָקענע סטרוזשעס. זשאַנדאַרן מיט ביקסן אויף די פּלייצעס און זעלנער מיט אָנגעשטעלטע באַגנעטן, ווי אין אַ דעראָבערט לאַנד, וואָס איז נאָך פאַרנומען מיטן שונאס חיילות! צי האָבן מיר זיך אַזוי פאָרגעשטעלט דאָס צעבונטעוועטע לאַנד! וואָס נענטער צו מאָסקווע, אַלץ ווייניקער לעבן און מער זעלנער! מען האָט באַגעגנט דראַגונער, קאָזאַקן. קאָנטיק, אַז דער פאַרלאַנג מיט דער נאָהייקע איז דאָ דאָס העכסטע געזעץ.

וואָס דערוואַרט אונז דאָרט אין דער טראַנספּאָרט־תפיסה? אין שליסעלבורג האָבן מיר זיך איינגעלעבט; די תפיסה־מאַכט האָט נישט געוואָלט קיין סקאַנדאַלן, און דאָס לעבן איז געפלאָסן פרידלעך. אין תוך גענומען זיינען מיר רעכטלאָזע קאַטאָרזשניקעס. דער תפיסה־מאַכט קאָן איינפאַלן אַרויסצווייזן איבער אונז איר מאַכט, דאָס באַדייט — אַן אומענדלעכע, עקשנותדיקע מלחמה. מיר האָבן זיך צונויפגערעדט צו פאַרטיידיקן אין דער ערשטער צייט אונזער לאַגע, נישט אַרויסרופן קיין מלחמה, אָבער אויב די אַדמיניסטראַציע וועט זי אַרויסרופן, — נישט אונטערגעבן זיך און גיין קאָנסעקווענט ביזן סוף.

אוונטצייט האָבן מיר זיך דערנענטערט צו מאָסקווע. אונזער וואַגאָן האָט מען אָפּגעטשעפּעט און אַוועקגעפירט אויף אַן אַנדער ליניע. אין אַ קורצער צייט

ארום איז אראָפּגעקומען אַ זשאַנדאַמעריע־פּולקאָווניק מיט אַן אָפיציר; ביים באַן־פּלאַנט האָט געוואַרט אַ גאַנצער עסקאַדראָן. אונזער וואַך האָט פּראָטעסטירט: זיי האָבן אַ באַפעל אונז איבערצוגעבן בלויז דער תפיסה־מאַכט, אין תפיסה־בנין גופא. די אונטערהאַנדלונגען זיינען לאַנג געפירט געוואָרן, ביז מען איז דורכגעקומען, אַז דער עסקאַדראָן וועט אַוועקגיין צום אָרט, וווּ מיר וועלן זיך אַרויסזעצן און וועט אונז באַגלייטן, און אין די קאַרעטעס וועט אונז פירן די שליסעלבורגער וואַך.

לאַנג האָט מען דעם וואַגאָן אַרומגעפירט אַהין און צוריק, דערנאָך האָט מען אונז אַוועקגעפירט איבער עפּעס אַ זייטיקער ליניע. מיר זיינען געבליבן שטיין. מען הערט פּייפן, קאָמאַנדעס, הירזשעריי פון פערד. נאָך אומענדלעכער האַוועניש, קאָנטראָלעס, היי־ב מען אונז, ענדלעך, אַרויסגיין: יעדער אַרעסטאַנט מיט איין אָפיציר און צוויי אונטערס. מיר זיינען אַרויס. אַ פריי פעלד, פאַרשאָטן מיט שניי. פונוויטנס אַ וועג. דאָרט שטייען די קאַרעטעס. פון וואַגאָן ביז דער קאַרעטע אַ געדיכטער שפּאַלער פון פּאָליציי און רייטער־זשאַנדאַרמען, באַוואָפנ־טע מיט ביקסן. מיר האָבן זיך איינגעזעצט אין די קאַרעטעס, אַרומגערינגלט מיט אַ ענגן רינג רייטער, און מיר האָבן ערגיץ־וווּהין גענומען שנעל פאָרן. געפאָרן זיינען מיר לאַנג. ענדלעך פאָרן מיר דורך אַ אייזערנעם טויער, צו אַן אַריינגאַנג, אַ באַגאָסענעם מיט עלעקטרישן ליכט.

דאָ איז אויך דאָ אומענדלעך פיל פּאָליציי, אָפיצירן, ציווילע. מען פירט אַריין אין אַ ריזיקן געוועלבטן רוים, וואָס זעט אויס האַלב־זאַל, האַלב־שטאַל. דאָס איז, ווייזט זיך אַרויס, דער אַזויגערופענער פאַרזאַמלונגס־רוים פון דער בוטירקער תפיסה. האַלב־חושך, שמוציקע, פאַרשטויבטע ווענט. אַ צעבראָכענער שטיינער־נער דיל. אין די ווינקלען וואַלגערן זיך קייטן. לענגאויס די ווענט בענק. אונטער דער שמירה פון אונזער שליסעלבורגער וואַך האָבן מיר זיך צעזעצט, האַלטנדיק זיך נישט־ווילנדיק וואָס ענגער איינער צום צווייטן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אומענדלעכע פאָרמאַליטעטן פון אויפנעמען אונז.

אונזער אָפיציר פירט אונטערהאַנדלונגען מיטן שעף פון דער תפיסה.

— די צעלעס זיינען צוגעגרייט?

— יאָ, געוויס, לויט אַ טעלעגראַם.

— געמיינזאַמע?

— ניין, איינצל־צעלעס.

פאַרן אָנהויב איז נישקשה! הייסט עס, אַז זיי וועלן אונז דאָ האַלטן אין איינצל־צעלעס!

— די זאַכן וועט איר אָפּגעבן אין זייער רשות?

— ניין, דערווייל בלייבט אַלץ אין צעכהויז, אַ חוץ די קישנס און כאַלאַטן, וועגן רעשט וועט מען שפּעטער זען.

ווי עס שיינט, וויל מען אונז דאָ האַלטן אין אייזערנע הענט! מיר רעדן זיך אויף גיך צונויף וועגן דער „ליניע פון אונזער האַלטונג" און נישט ווילנדיק נעמען מיר אָן אַ קאָמפּאַס־פּאָזיציע. די אַטמאָספער איז אָנגעשטרענגט. דאָס אויפנעמען אונז איז פאַרענדיקט. דער דעזשורנער האָט קוויטירט דאָס דער־האַלטן אַ פּאַקעט און פינף אַרעסטאַנטן.

די שליסעלבורגער אָפיצירן האָבן זיך געזעגנט מיט אונז פונדערווייטנס;

מיר האָבן זיי געענטפערט גאַנץ קאַלט. די שליסעלבורגער וואַך האָט אונז איצט געדאַרפט איבערגעבן דער בוטירקער. די זשאַנדאַרן האָבן אונז אַרומגערינגלט אין אַ האַלב־קרייז. מיט זיי, באַזונדערס מיט די „לינקע", האָט זיך געוואָלט געזעגענען וואַרים, מיר האָבן אָבער מורא געהאַט אונטערצושטעלן זיי אַ פיסל און זיינען געזעסן אָנגעבלאָזענע. דער אָפיציר האָט געגעבן די קאָמאַנדע פאַנאַנדערצוגיין זיך און דאָ איז פאָרגעקומען אַ סצענע, וואָס האָט אונז טיף־אויפגערודערט. אַלע צוועלף אונטערס האָבן אַ קלונג געטאָן מיט די שפּאָרן, צוגע־לייגט די הענט צו די דאַשקעס און הויך, דייטלעך אַרויסגעברילט: „זייט געזונט!" מיר האָבן פריינטלעך אַראָפּגענומען די היטלען און אַ געשריי געטאָן צו זיי: „אויף ווידערזען, אויף ווידערזען!" די גאַנצע וואַך האָט, ווי לויט אַ קאָמאַנדע, אַראָפּגענומען די היטלען און נידעריק זיך פאַרנייגט פאַר אונז, — „דערמאָנט אונז נישט צום שלעכטן!"

די שליסעלבורגער און בוטירקער מאַכט־פאַרשטייער האָבן אויסגעגלאָצט די אויגן און איבערראַשט געקוקט אויף דער דאָזיקער אומגעריכטער מאַניפעסטאַציע. דער עלטסטער האָט אָפּגעגעבן די קאָמאַנדע: „האַלב־רעכטס, מאַרש!" זיי האָבן גענומען מאַרשירן אין אַ שערענגע, זיך עטלעכע מאָל אומגעדרייט אין אונזער זייט און געפאָכעט מיט היטלען. מיר האָבן זיי געענטפערט מיטן זעלבן. שוין ביים סאַמע טויער האָבן זיי זיך נאָכאַמאָל אויסגעדרייט, אַראָפּגענומען די היט־לען און אויסגעשריגן: „זייט געזונט!" מיר האָבן געפאָכעט צו זיי, אַלס ענטפער, מיט די רויטע שליסעלבורגער טיכלעך

דער דזשורנער אָפיציר האָט אונז איבערגענומען און אוועקגעפירט דורכן תפיסה־הויף אין אונזער וווינונג. ס'איז געווען צוועלף אַ זייגער ביינאַכט. די תפיסה איז שוין געשלאָפן. מיר זיינען דורכגעגאַנגען אַ אומענדלעך לאַנגן הויף, עס האָט זיך געעפנט איין טויער, דערנאָך אַ צווייטער, אַן אייזערנער.

— וווהין פירט איר אונז? האָבן מיר געפרעגט דעם אָפיציר.

— אין פוגאַטשאָווער טורעם. איר וועט דאָרט זיין אַליין.

— אין גאַנצן טורעם?! ער נעמט דאָך אַריין פערציק פערזאָן.

— אַ חוץ אייך וועט זיך דאָרט קיינער נישט געפינען.

ס'האָט זיך אויפגעעפנט אַ קליינינקע אייזערנע טיר און איבער געדרייטע אייזערנע שטיגן פון יעקאַטערינעס צייטן האָט מען אונז צעפירט איבער די צעלעס.

די צעלעס זיינען שמאָלע, לאַנגע, האַלב־קיילעכדיקע. עס ווערט באַלויכטן בלויז איין ווינקל. די גאַנצע צעלע ווערט פאַרזונקען אין חושך. דער דיל איז אַ שטיינערנער. די שמוץ אַן אומגלויבלעכע. עס דערמאָנט אַן אַלטן פאַרלאָזענעם קעלער. ביי די ווענט שטייען ברייטע בענק, אויף זיי זעק מיט שטרוי — דאָס זיינען די נאַרעס. די לופט איז אַ טוכלע, אַ שטיקנדיקע. אין ווינקל — אַ כלי פאַרן מענטשלעכן געברויך.

מען האָט אונז פאַנאַנדערגעזעצט איבער אַלע דריי שטאָק. שטיל און אימהדיק.

„ס'וועט זיין אַ שטורעם", קלאַפּט מען אויס אין אויבערשטן שטאָק.

„און מיר וועלן זיך ראַנגלען מיט אים!" ענטפערט מען פון אונטן.

ערגיץ־ווו שלאָגט האַלבע נאַכט...

# דער באַשולדיקונגס-אַקט אין גערשוני-פּראָצעס*)

אין דער שטאָט ס.-פּעטערבורג, אין מאַריאינסקי פּאַלאַץ, אין לאָקאַל פון מיניסטאָרן-קאַבינעט, איז דעם 2-טן אַפּריל 1902 דורך רעוואָלווער-שאָסן שטערבלעך פאַרוואונדעט געוואָרן דער אינערן-מיניסטער, דער יעגערמייסטער סיפּיאַגין.

דעם 29-טן יולי פון זעלבן יאָר איז אין דער שטאָט כאַרקאָוו געמאַכט געוואָרן אַן אַטענטאַט אויפן לעבן פון כאַרקאָווער גובערנאַטאָר, פירשט אָבאָלענסקי.

אין עפנטלעכן פּאַרק פון דער שטאָט אופאַ איז דעם 6-טן מאַי 1903 געטויט געוואָרן דורך עטלעכע קוילן דער אופימער גובערנאַטאָר, דערווירקלעכער מלוכה-ראַטגעבער באָגדאַנאָוויטש.

חוצדעם, ווי עס איז שפּעטער אויפגעדעקט געוואָרן, זיינען אין אַפּריל און אין מאַי 1902 געמאַכט געוואָרן צוגרייטונגען מיטן ציל צו דערמאָרדן דעם אויבער-פּראָקוראָר פון הייליקסטן סינאָד, דעם מלוכה-סעקרעטאַר פּאָבעדאָנאָסצעוו.

די דורכגעפירטע אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז אַלע אויבנאויס-

---

*) די איבערזעצונג פון באַשולדיקונגס-אַקט איז געמאַכט געוואָרן מיט קליינע, נישט-וועזנטלעכע קירצונגען. עס זיינען אַרויסגעלאָזן געוואָרן אַפּטע איבערחזרונגען, אומנויטיקע פּרטים, וועלכע שמעקן שוין צופיל מיט צאַרישן ביוראָקראַטישן סטיל, ווי אויך, צום סוף, דער צעטל חטאים, אין וועלכע מען באַשולדיקט גערשונין מיט די חברים, ווייל דאָס איז קלאָר פון באַשולדיקונגס-אַקט.

אויך די רשימה פון די עדות פעלט דאָ.

דער איבערז.

גערעכנטע פֿאַרבֿרעכנס האָבֿן געטראָגן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער און זיינען געווען אַ רעזולטאַט פֿון דער טעטיקייט פֿון אַ פֿאַרבֿרעכערישער פֿאַראייניקונג פֿון דער אַזויגערופֿענער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס שטרעבט צו באַזייטיקן מיט דער הילף פֿון געוואַלט דעם אין רוסלאַנד הערשנדן רעזשים און וואָס פֿירט דורך אירע פֿאַרבֿרעכערישע אַטענטאַטן מיט דער הילף פֿון אַ ספּעציעלן קרייז מענטשן, וואָס האָבֿן זיך אויסגעטיילט פֿון דער פּאַרטיי אונטערן נאָמען „קאַמף־אָרגאַניזאַציע פֿון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן״.

די דערמאָנטע פֿאַרבֿרעכנס זיינען אויסגעפֿירט געוואָרן, ווי די אויספֿאָרשונג האָט פֿעסטגעשטעלט, ביי פֿאָלגנדע באַדינגונגען:

דעם 2־טן אַפּריל 1902, איינס אַ זייגער בייטאָג, איז אין לאָקאַל פֿון מיניסטאָרן־קאַבינעט געקומען אַן אומבאַקאַנטער אָפֿיציר, אָנגעטאָן אין אַן אַדיוטאַנטן־אוניפֿאָרם, און דערוואַרטנדיק זיך אויפֿן קומען פֿון אינערן־מיניסטער, דעם יעגערמייסטער סיפּיאַגין, איז ער צוגעגאַנגען צום דאָזיקן לעצטן און זאָגנדיק, אַז ער האָט געבראַכט אַ פּאַקעט מיט פּאַפּירן פֿון גרויספֿירשט סערגי אַלעקסאַנדראָוויטש, האָט ער אויסגעשאָסן אין יעגערמייסטער סיפּיאַגין צוויי מאָל, מיט וואָס ער האָט אָן שום ספֿק פֿאַראורזאַכט טויטלעכע וווּנדן, פֿון וועלכע דער מיניסטער איז אין אַ שעה אַרום געשטאָרבֿן. דער פֿאַרבֿרעכער, וועלכער איז געכאַפּט און אַנטוואָפֿנט געוואָרן, האָט דערקלערט, אַז ער איז סטעפּאַן וואַלעריאַנאָוויטש באַלמאַשאָוו, און בנוגע דעם אויסגעפֿירטן מאָרד האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו געבֿן וועלכע־נישט־איז דערקלערונגען.

בעת דער פּערזענלעכער רעוויזיע ביי באַלמאַשאָוון האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אָנגעטאָן אין אַן אַדיוטאַנטן־אוניפֿאָרם און אין האַנט האָט ער געהאַט אַ פּאַקעט מיט דער אויפֿשריפֿט: „זיין הויכער עקסעלענץ דעם הער מיניסטער פֿאַר אינערלעכע ענינים סיפּיאַגין״. חוצדעם האָט דער פֿאַרהאַלטענער געהאַט אַ לעדערנעם פּאָרטפֿעל, אין וועלכן עס האָבֿן זיך געפֿונען נאָך פֿיר קאָנווערטן, איינער פֿון זיי מיט אַן אויפֿשריפֿט: „זיין הויכער עקסעלענץ דעם הער אויבער־פּראָקוראָר פֿון הייליקסטן סינאָד פּאָבעדאָנאָסצעוו״.

ביים פֿירן די אויספֿאָרשונג איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער דערקלערונג פֿון באַלעבאָס פֿון געשעפֿט פֿון מענער־קליידער סאַגאַלאָוו, אַז דער פֿאַרהאַלטענער באַלמאַשאָוו האָט מיט עטלעכע טעג פֿאַר דעם, נעמלעך דעם 27־טן מערץ, באַשטעלט ביי סאַגאַלאָוון אין געשעפֿט, זיך אָנגעבנדיק אַלס ביקאָוו, אַן אַדיוטאַנטן־אוניפֿאָרם און דעם 30־טן מערץ, באַצאָלנדיק 116 רובל, האָט ער אָפּגענומען דעם אויפֿגענייטן אַנצוג. לויט דער דערקלערונג פֿון קליינבירגער יעווסטיפֿעוו, האָט ער דעם 27־טן מערץ פֿאַרקויפֿט צו אַ פּערזאָן, וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס באַלמאַשאָוו, אַן אַדיוטאַנטיש היטל, און לויט דער דערקלערונג פֿונם קליינבירגער ראָגאַטשאָוו האָט ער דעם 1־טן אַפּריל פֿאַרקויפֿט באַלמאַשאָוון אַ שווערד, דעם הענג־רימען און דעם הענטלרימען. דערנאָך איז דורך פֿאָרשן און פֿאַרהערן עדות פֿעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דעם 28־טן און 29־טן מערץ האָט באַלמאַשאָוו געוווינט אין האָטעל „סאָסיעטע״, אין דער שטאָט וויבאָרג, אונטערן נאָמען פֿון זון פֿון מלוכה־ראַטגעבער ביקאָוו; דעם 29־טן האָט ער זיך באַגעגנט מיט אַ צווייטער פּערזאָן, וואָס

האָט פאַרנומען אין זעלבן האָטעל דעם № 9, און דעם 30־טן מערץ גאָר פרי איז ער אַרויסגעפאָרן פון האָטעל, צעבייטנדיק פאַרן אָפּפאָרן אַ הונדערטרובלדיקן באַנקנאָט. אין משך פון דער אויספאָרשונג האָט די עקספּערטיזע פעסטגעשטעלט, אַז סיי די אויפשריפטן אויף די קאָנווערטן, סיי די פאַרצייכענונג אינם בוך פון האָטעל „סאָסיעטע“: „מערץ דער 28־טער, אַלעקסאַנדער פעטראָוויטש ביקאָוו, דער זון פון אַ מלוכה־ראַטגעבער (אופאַ)“ זיינען פולקאָם אידענטיש מיט באַלמאַשאָווס אומספּקדיקער האַנטשריפט. די נאַכט אויפן ערשטן אַפּריל האָט באַלמאַשאָוו אויך פאַרבראַכט אין וויבאָרג, אין האָטעל „קאָנטינענטאַל“, און אינדערפרי פון 1־טן אַפּריל איז ער אָפּגעפאָרן קיין פעטערבורג, דערביי האָט ער אויף דער סטאַציע טעריאָקי געלאָזט אויף היטן 2 פּעקלעך באַגאַזש, דערקלערנדיק, אַז אינאָווענט וועט ער קומען צוריק. און ווירקלעך, אינאָווענט פון זעלבן טאָג איז באַלמאַשאָוו געקומען צופאָרן אויף דער סטאַציע טעריאָקי, אָפּגענומען דעם באַגאַזש און איז אָפּגעפאָרן אויף אַ דראָזשקע אין שטעטעלע טעריאָקי; דאָ איז באַלמאַשאָוו אָפּגעשטיגן אין אַן אַכסניה און אינדערפרי פון 2־טן אַפּריל, אָנטועדיק די מיליטערישע אוניפאָרם, האָט ער זיך ווידער אומגעקערט אויף דער סטאַציע, פאַרגעסנדיק דערביי אין דער אַכסניה דעם שווערד, און מיטן צוג, וואָס גייט אָפּ 8 אַ זייגער, אַוועקגעפאָרן קיין פעטערבורג. 11 אַ זייגער אינדערפרי האָט באַלמאַשאָוו געקויפט אויפן באַזאַר אַ צווייטע שווערד, און 12 אַ זייגער איז ער געקומען אין פיליפּאָווס קאָנדיטאָריי און דאָרט געוואַרט אויף דער קאָטש, וועלכע ער האָט נאָך נעכטן געהאַט באַשטעלט, דערנאָך איז ער אָפּגעפאָרן אין קאָטש צום מאַריאַינסקי פּאַלאַץ.

*

אין גאַנג פון דער אויספאָרשונג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, לויט דער דערקלערונג פונם רעקטאָר פון אוניווערזיטעט פון הייליקן וולאַדימיר, אַז דער באַשולדיקטער באַלמאַשאָוו, אַ זון פון אַן אַדעליקן פון דער סאַראַטאָווער גובערניע, איז געבוירן געוואָרן אין 1881־טן יאָר; אין דער צייט, וואָס ער האָט באַזוכט דעם אוניווערזיטעט, האָט ער צוויימאָל אָנטיילגענומען אין סטודענטישע אומרוען און ביים צווייטן מאָל איז ער פאַראורטיילט געוואָרן באַזייטיקט צו ווערן פון אוניווערזיטעט און אריינגעצויגן צו ווערן אין מיליטער אויף איין יאָר; נאָכן באַפרייט ווערן פון מיליטער־דינסט, לויט דעם אַלערהעכסטן באַפעל פון 5־טן יוני 1901, איז ער ווידער פאַרשריבן געוואָרן אַלס סטודענט. אין זעלבן יאָר 1901 איז באַלמאַשאָוו צוגעצויגן געוואָרן דורכן שעף פון קיעווער זשאַנדאַרמעריע אַלס באַשולדיקטער לויטן אַרט. 252 און אין 1902 איז ער, לויטן באַשלוס פון אוניווערזיטעט, באַזייטיקט געוואָרן פון דאָרט. אָנהויב 1902, ביז האַלבן מערץ, האָט באַלמאַשאָוו געוווינט אין סאַראַטאָוו, אָבער דעם 15 מערץ איז ער, לויט דער מיטטיילונג פון שעף פון דער סאַראַטאָווער זשאַנדאַרמעריע, אַרויסגעפאָרן קיין קיעוו, אָבער קיין קיעוו איז ער נישט געקומען, ווי עס איז צו זען פון דער מעלדונג פון קיעווער פּאָליצמייסטער.

לויט די דערקלערונגען פון די עקספּערטן איז דער רעוואָלווער, מיט וועלכן מען האָט געשאָסן, — אַ בראַונינג אויף זיבן קוילן, — געווען אָן די

אזוינגערופענע באַקן, וועלכע מען האָט, ווי עס ווייזט אויס, אַראָפּגענומען צוליב באַקוועמלעכקייט, זיי זאָלן נישט אַרויסשטאַרטשען פון דער קעשענע. צוויי נו־מערן אויפן רעוואָלווער זיינען אָפּגעפּיילט געוואָרן, דער דריטער איז געבליבן. די קעפּלעך פון די קוילן, וועלכע מען האָט אַרויסגענומען פונם קערפּער פון אינערן־מיניסטער סיפּיאַגין, זיינען געווען צעפּיילט ווי א צלם, כדי צו פאַר־שטאַרקן די צעשטערערישע ווירקונג פון די קוילן.

אין באַלמאַשאָווס כתב־ידן, וועלכע מען האָט צוגענומען נאָך אין קיעוו, טרעפן זיך, ווי עס איז צו זען פון פּראָטאָקאָל, אַזעלכע שטעלן: „די סטו־דענטנשאַפט האָט זיך דערוואַרט אויף שטאַרקערע רעפּרעסיעס... די ענדערונג פון אַקאַדעמישן רעזשים איז מעגלעך בלויז אַלס רעזולטאַט פון ענדערן דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן סדר, דעריבער דאַרפן די סטודענטן שטרעבן צו פאַר־ניכטן דעם היינטצייטיקן מאָנאַרכיסטישן, בורזשואַזן סדר״.

דורכן אורטייל פון פּעטערבורגער מיליטערישן קרייז־געריכט פון 26־טן אַפּריל 1902, איז דער אַדעליקער באַלמאַשאָוו פאַרמשפּט געוואָרן צו טויט־שטראָף דורך הענגען פאַר דערמאָרדן דעם יעגערמייסטער סיפּיאַגין. דעם 3־טן מאַי פון זעלבן יאָר איז דער דאָזיקער אורטייל אויסגעפירט געוואָרן.

די מיטבאַטייליקטע אין דערמאָרדן דעם יעגערמייסטער סיפּיאַגין זיינען אין יענער צייט נישט אַנטדעקט געוואָרן.

דעם 29־טן יולי 1902, — ווי שוין אויבנגעזאָגט, — איז אויסגעפירט געוואָרן אן אַטענטאַט אויפן כאַרקאָווער גובערנאַטאָר פירשט אָבאָלענסקי. אין אָוונט פון יענעם טאָג האָט אַן אומבאַקאַנטער געשאָסן אין גאָרטן „טיוואָלי״ אין פירשט אָבאָלענסקי, בעת ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר פון טעאַטער, שמועסנדיק מיט באַקאַנטע. די קויל איז פאַרבייגעפלויגן דעם פירשט, אָפּבריענ־דיק לייכט זיין האַלז. בעת מען האָט אים פאַרהאַלטן, האָט דער פאַרברעכער אָפּגעגעבן נאָך צוויי שאָסן און פאַרוואונדעט אין פוס דעם פּאָליצמייסטער בעז־סאָנאָוו. ביים רעווידירן דעם פאַרהאַלטענעם האָט מען ביי אים אין קעשענע געפונען א פּאַקעט מיט אַן אויפשריפט: „דער אורטייל איבערן כאַרקאָווער גו־בערנאַטאָר, פירשט אָבאָלענסקי״.

ביים פאַרהער, דעם 30־טן יולי, האָט דער פאַרהאַלטענער דערקלערט, אַז ער איז א מיטגליד פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַ־ליסטן־רעוואָלוציאָנערן״; אַז ער וויל נישט אָנגעבן זיין נאָמען און פאַמיליע און אַז לויטן באַשלוס פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע״ האָט ער געוואָלט טויטן דעם פירשט אָבאָלענסקי פאַר יענע מיטלען, וועלכע דער דאָזיקער לעצטער האָט אָנ־געווענדט קעגן די פּויערים; זייער פּאַרטיי, האָט ער דערקלערט, האָט גערופן די פּויערים צום קאַמף און זיי האָבן געהאַלטן פאַר זייער פליכט צו שיצן די פּויערים. ביי די ווייטערדיקע פאַרהערן האָט דער באַשולדיקטער דערקלערט, אַז דער רעוואָלווער איז אָנגעלאָדן געווען מיט קוילן, פאַרסמטע מיט סטריכנין, און אַז די דאָזיקע קוילן און דעם רעוואָלווער האָט ער באַקומען פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע״.

ביים באַטראַכטן דעם רעוואָלווער האָט מען געפונען אויף אים אויפ־

שריפטן: „פאַרן פאַרגאַסענעם פּויערישן בלוט", „קאַמף־אָרגאַניזאַציע", „אַ טויט דעם צאַרישן תליון".

ביים באַטראַכטן דעם פאַקט מיט דער אויפשריפט: „דער אורטייל איבערן כאַרקאָווער גובערנאַטאָר, פירשט אָבאָלענסקי" האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער אורטייל שטאַמט פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן" און איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דעם 22־טן יולי 1902 אין פּעטערבורג, דערביי ווערט אין דאָזיקן אורטייל געזאָגט, אַז פאַר די מיטלען, וועלכע פירשט אָבאָלענסקי האָט אָנגעווענדט ביים אויסברוך פון די פּויערישע אומרוען אין דער כאַרקאָווער גובערניע, האָט די „קאַמף־אָרגאַניזאַציע" אָנערקענט פאַר נויטווענדיק אַ סוף מאַכן צו דער אַדמיניסטראַטיווער טעטיקייט פון פירשט אָבאָלענסקי און אים באַזייטיקן דורכן איינציקן מיטל, וואָס געפינט זיך אין רשות פון דער פּאַרטיי — דורכן טויט, און אַז אויסצופירן דעם אורטייל איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ מיטגליד פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע". אין אַ באַמערקונג צום אורטייל איז געזאָגט געוואָרן, אַז דער פולער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן פירשט אָבאָלענסקי וועט אָפּגעדרוקט ווערן אינעם אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, אין „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ" (דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד).

ביים אַנאַליזירן כעמיש דעם שטאָף אין די איינשניטן פון די קוילן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס סטריכנין, באַדעקט מיט אַ דינער שיכט ווייסן וואַקס. אינגיכן איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די פּערזאָן פון פאַרברעכער, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פּויער פון קיעווער גובערניע פאָמאַ קאַטשוראַ, 26 יאָר אַלט, לויטן פאַך אַ סטאָלאַר.

דורכן אורטייל פון צייטווייליקן קריגס־געריכט אין דער שטאָט כאַרקאָוו פון 25־טן אָקטאָבער 1902 איז דער פּויער קאַטשוראַ אָנערקענט געוואָרן אַלס שולדיק אין געהערן צו דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, אין פּרווו — אין נאָמען פון דער דאָזיקער פּאַרטיי — צו דערמאָרדן דעם כאַרקאָווער גובערנאַטאָר פירשט אָבאָלענסקי און אין אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד דער פּאָליציייאישער מאַכט און איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך הענגען. דערנאָך, ווען פירשט אָבאָלענסקי האָט זיך געווענדט מיט דער אַלאונטערטעניקסטער בקשה וועגן שענקען דעם פאַרמשפּטן דאָס לעבן, האָט דער צאַר אימפּעראַטאָר באַוויליקט צו פאַרבייטן קאַטשוראַן די טויט־שטראָף אויף אייביקע קאַטאָרגע.

נישט בעת דער אויספאָרשונג, נישט בעתן פּראָצעס זיינען נישט אָנטדעקט געוואָרן נישט די פּערזאָנען (צוליב קאַטשוראַס דעמאָלטיקן אָפּזאָג צו געבן וועלכע נישט איז דערקלערונגען וועגן דאָזיקן ענין), וועלכע האָבן קאַטשוראַן אַריינגעצויגן אין דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, נעמלעך אין איר קאַמף־אָרגאַניזאַציע, ווי אויך נישט זיינע מיטהעלפער ביים אויספירן דעם אַטענטאַט אויפן פירשט אָבאָלענסקי. אַנטדעקן די דאָזיקע פּערזאָנען, ווי אויך די מיטהעלפער ביים אויספירן דעם מאָרד איבערן אינערן־מיניסטער, דעם יעגערמייסטער סיפּיאַגין, איז געלונגען בעת דער אויספאָרשונג פון פאָלגנדן ענין:

דעם 8־טן פעברואַר 1903 זיינען אין פּעטערבורג פאָרגעקומען רעוויזיעס

אין די וווינונגען פון די שילער פון דער מיכאַילאָווער אַרטילערישער אַקאַדע־מיע, דעם אַרטילעריע־פּאָרוטשיק יעווגעני גריגאָריעוו און זיין געליבטער, דער טאָכטער פון אַן אַדלמאַן — יוליאַ יורקאָווסקאַיאַ, און ביים אַרטילעריע־פּאָרו־טשיק וולאַדימיר וואַסיליעוו, דערביי האָט מען ביים לעצטן געפונען אומלעגאַלע ליטעראַטור.

בעתן פאַרהער האָט דער פּאָרוטשיק וואַסיליעוו דערקלערט, אַז די אומלע־גאַלע ביכער און בראָשורן האָט ער באַקומען פון זיין חבר לויט דער אַקאַדע־מיע — דעם פּאָרוטשיק גריגאָריעוו; וואָס ווידער שייך דעם געדרוקטן זשורנאַל „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ", האָט ער דעם דאָזיקן נומער נאָך אין אָקטאָבער 1902 צוגענומען פון פּאָרוטשיק גריגאָריעווס טיש אין דער אוידיטאָריע פון דער אַקאַדעמיע, אַן גריגאָריעווס וויסן.

צוגעצויגן אַלס באַשולדיקטער, האָט דער פּאָרוטשיק גריגאָריעוו דער־קלערט, אַז די אויבנדערמאָנטע ביכער און בראָשורן האָט ער געגעבן וואַסי־ליעוון צו לייענען צוויי וואָכן פאַר זיין, גריגאָריעווס, אַרעסט, לויט וואַסיליעווס בקשה. די דאָזיקע אויסגאַבן האָט ער באַקומען אין איינעם פון די ערשטע טעג וויינאַכטן פון 1902 ביים ברודער פון זיין געליבטער, פּראַל יורקאָווסקי, וועל־כער איז דאַן געקומען פון קיעוו. בעת זיין ווײַלן אין פּעטערבורג איז יורקאָוו־סקי געוועזן ביי אים אין דער וווינונג אַ דריי מאָל און בעת איינעם פון די דאָ־זיקע באַזוכן האָט ער אים באַזאָרגט מיט אַ גרויסן סכום אַזעלכע בראָשורן.

מיט דער פאַמיליע יורקאָווסקי האָט ער, גריגאָריעוו, זיך באַקענט אין קיעוו אין פרילינג פון 1901 און האָט זיך אַזוי אינטים באַפריינדעט מיט יוליאַ יורקאָווסקאַיאַ, אַז אין אויגוסט פון זעלבן יאָר זיינען זיי צוזאַמען אַוועקגעפאָרן קיין פּעטערבורג, ווו ער איז פאַרבליבן, אַריינטרעטנדיק אין דער מיכאַילאָווער אַרטילעריע־אַקאַדעמיע. נאָך בעת זיין ווײַלן אין קיעוו האָט פּראַל יורקאָווסקי אָנגעהויבן אים צו באַקענען מיט דער אומלעגאַלער ליטעראַטור און ער פלעגט באַקומען פאַרשיידענע בלעטלעך און פּראָקלאַמאַציעס. ווען יורקאָווסקי איז גע־קומען אויף פּאַסכע, אין 1902, קיין פּעטערבורג, האָט ער מיטגעבראַכט עטלע־כע נומערן „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ". אין מערץ אָדער אָנהויב אַפּריל 1901, ווען ער האָט געוווינט אין קיעוו, איז געקומען צו אים אַ נאָנטער באַקאַנטער, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס וואַסילי ניקיטיטש דראָשענקאָ (וועלכער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס באַרטאַשקין) און דערקלערט, אַז אים האָט גע־שיקט זיין באַקאַנטע לידיאַ פּעטראָוונאַ (אַוואַראָוואַ), וועלכע איז אין יענער צייט אַרעסטירט געוואָרן אין פּעטערבורג. מיטגעטיילט אים די נייעס, האָט דאָ־ראָשענקאָ איבערגענעכטיקט ביי אים אין דער דירה און זייט דאַן האָט זיך פאַרקניפּט זייער קאָנטשאַפט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט אים דראָשענקאָ געגעבן איבערצולייענען עטלעכע אומלעגאַלע בראָשורן און צוגעזאָגט צו באַקע־נען מיט אַזאַ מענטשן, וועלכער קען אויפקלערן יעדן שטרייט בנוגע די דאָזיקע בראָשורן. און אין עטלעכע טעג אַרום האָט דראָשענקאָ געבראַכט די צוגע־זאָגטע פּערזאָן, וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס „פּיאָדאָר פּעטראָוויטש" און אונטערן דאָזיקן נאָמען האָט ער, גריגאָריעוו, תמיד געקאָנט דעם דאָזיקן מענטשן, וועלכער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס דער פאַרמאַצעווט גרי־גאָרי גערשוני. מיט זיין באַלעזנקייט און פעאיקייט צו דערציילן האָט פּיאָדאָר

פעטראָוויטש געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן איינדרוק, הגם אין קיעוו האָט ער אים באַזוכט בלויז צוויי מאָל, ווייל ער איז אינגיכן אָפּגעפאָרן קיין מאָסקווע. דאָראָשענקאָ איז אָפּגעפאָרן קיין כאַרקאָוו און ער, דער באַשולדיקטער, האָט געהאַט בדעה ענדגילטיק איבערצורייסן די באַציאונגען מיט די רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך. דעם 5־טן אויגוסט 1901 איז ער אַוועקגעפאָרן פון קיעוו און אַריינגעבראָטן אין דער מיכאַילאָווער אַרטילערישער אַקאַדעמיע, און ביז 1902 האָט ער קיין שום מגע־ומשא נישט געהאַט מיט די רעוואָלוציאָנערן. אָבער אָנהויב 1902 האָט זיך ווידער באַוויזן דער זעלבער פיאָדאָר פעטראָוויטש, וועל גערשוני. מיטטיילנדיק אים פאַרשיידענע פּאָליטישע נייסן, פלעגט ער אַלץ אָפּטער און אָפּטער באַזוכן זיין דירה, מיטברענגענדיק פון צייט צו צייט פרישע נומערן פון „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ". ער פלעגט דערציילן פאַקטן פון דער טעטיקייט פון די רעגירונגס־אָרגאַנען, באַלויכטנדיק זיי אויף אַזאַ אופן, אַז ער פלעגט אַרויסרופן עמפּערונג קעגן דער מלוכה־מאַכט. די דאָזיקע אַגיטאַציע־שמועסן האָבן אויף אים, גריגאָריעוון, געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז גערשונין איז נישט שווער געווען צו באַוועגן אים אויסצופירן אַ וואָסער־נישט־איז טעראָר־אַקט, אויף וואָס ער האָט טאַקע איינמאָל שוין געהאַט מסכים געווען. אין עטלעכע טעג אַרום נאָכן אַטענטאַט אויפן מאָסקווער אָבער־פּאָליצמייסטער טרעפּאָוו, האָט אים גערשוני געבראַכט אַ רעוואָלווער פון סיסטעם בראַונינג, מיט דער בקשה אים צו באַטראַכטן און אָפּשאַצן זיינע מעלות. ווען ער האָט באַקומען אַן ענטפער, אַז דערצו איז נויטיק אויסצופּרובירן דעם רעוואָלווער דורך שיסן, האָט ער אים, דעם באַשולדיקטן, געבעטן קויפן פאַר אים 50 קוילן, און ער האָט דאָס געטאָן אין טשיזשאָווס געווער־געשעפט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז גערשוני געקומען צו אים, גריגאָריעוון, און דערקלערט, אַז די פּרוּוון, וועלכע ער מיט אַ חבר האָבן דורכגעפירט מיטן רעוואָלווער אין פינלאַנד, האָבן איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען, דערביי האָט ער בלויז געספקט אין דער צוועקמעסיקייט פון די אַזויגערופענע באַקן פון רעוואָלווער, וועלכע האָבן, לויט זיין מיינונג, געשטערט צו האַלטן באַקוועם דאָס הענטל ביים שיסן; גערשוני האָט אָפּגעשרויפט די באַקן און זיי געלאָזן אין זיין, גריגאָריעווס, דירה. היות ער, גריגאָריעוו, האָט קורץ פאַר דעם אויך געקויפט אַ בראַונינג אין טשיזשאָווס געשעפט, אונטערשרייבנדיק זיך מיט דער פאַמיליע פיאָדאָראָוו (פאַדעיעוו), האָט ער נישט געלאָזט אָפּקראַצן דעם דריטן נומער, דערקלערנדיק, אַז ביי אָפּגעפיילטע נומערן וועט שווער זיין צו דערווייזן, ווער עס האָט געקויפט דעם רעוואָלווער. דאָס אַלץ, ווי אויך גערשונים אויספרעגן זיך וועגן אופן אָנצוטאָן שפּאָרן אויף הויכע שטיוול און וועגן אַקסלבאַנטן, איז פאָרגעקומען קורץ פאַרן 2־טן אַפּריל 1902 (דער טאָג, ווען ס'איז געטויט געוואָרן דער יעגערמייסטער סיפּיאַגין). אויף גריגאָריעווס באַמערקונג, צו וואָס דאָס איז נויטיק, האָט גערשוני בלויז געענטפערט, אַז אַן אמתער רעוואָלוציאָנער דאַרף אַלץ וויסן, געבנדיק דערביי געהיימניספול און אומקלאָר אָנצוהערן וועגן עפּעס, וואָס דאַרף אינגיכן געשען, אָבער גענוי וואָס, האָט ער נישט געזאָגט, נישט געקוקט אויף אַלע פראַגן. אין טאָג, ווען סיפּיאַגין איז דערמאָרדעט געוואָרן, איז גערשוני געווען ביי אים, גריגאָריעוון, אינדערפרי, אַרום 10 אַ זייגער, קענטלעך צעטרודערט, און געוויזן עפּעס מיט אַ בלייפעדער באַשריבענע קליינע פּאַפּירלעך, פון

אַ קאָמפּראָמיטירנדיקן אינהאַלט, צופעליק פאַרגעסענע, וועלכע ער האָט אָבער דערגעפונען אין וואַגאָן, מיט וועלכן ער איז נאָר־וואָס געקומען פון פינלאַנד. דערוויסנדיק זיך וועגן מאָרד איבערן יעגערמייסטער סיפּיאַגין דעם 2־טן אַפּריל, איז געווען ערשטער געדאַנק געווען, אַז דאָס איז נישט געשען זיין, דעם באַשולדיקטנס, ערשטער געדאַנק געווען, אַז דאָס איז נישט געשען אָן גערשונים אָנטייל. ווען גערשוני איז אויפן אַנדערן טאָג, דעם 3־טן אַפּריל, געקומען צו אים און געבראַכט אַ פּראָקלאַמאַציע וועגן אויבנדערמאָנטן מאָרד, מיט דער אונטערשריפט: „קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן", האָט זיך גערשוני מודה געווען אין זיין שייכות צום אויבנדערמאָנטן פאַרברעכן און דערציילט אַלע פּרטים, ווי אַזוי באַלמאַשאָוו האָט פאַרגעסן דאָס שווערד אין טעריאָקי, צוליב וואָס די גאַנצע זאַך איז שיער נישט דורכגעפאַלן, אַז באַלמאַשאָוו איז געקומען צופאָרן פון סאַראַטאָוו, אַז גערשוני האָט געווינט אין וויבאָרג אין איין האָטעל מיט באַלמאַשאָוון, וועלכער האָט געדאַרפט טויטן אָדער דעם מיניסטער סיפּיאַגין אָדער דעם אויבער־פּראָקוראָר פּאָבעדאָנאָסצעוו, לויט דעם, ווער עס וועט אונטערקומען דער ערשטער.

ער, דער באַשולדיקטער, האָט נאָכן דאָזיקן סוף באַגריפן, אַז ער איז ענדגילטיק קאָמפּראָמיטירט און פאַרלאָרן; אונטער דער ווירקונג פון אַזאַ שטימונג האָט גערשוני תיכף דערמאָנט וועגן געגעבענעם וואָרט צוצוטרעטן צו אַקטיווע טעראָריסטישע האַנדלונגען. באַקומענדיק אַ צושטימענדיקן ענטפער, האָט ער אים, גריגאָריעוון, פאָרגעלייגט אויסצופירן אַן אַטענטאַט אויפן אויבער־פּראָקוראָר פּאָבעדאָנאָסצעוו. באַשטימענדיק דעם אַטענטאַט אויפן טאָג פון הייליקן סינאָד פון מיניסטער סיפּיאַגינס לוויה (5 אַפּריל), איז גערשוני צוגעטראָטן צו די צוגרייטונגען, באַשרייבנדיק גענוי די אויסערלעכע סימנים פון דער קאָטש, אין וועלכער פּאָבעדאָנאָסצעוו וועט פאָרן אין דער לוויה־פּראָצעסיע, ער האָט באַשריבן די פאַרב פון די פערד, האָט געגעבן אַ פאָטאָגראַפיע, בעטנדיק גענוי אויסשטודירן די שטריכן פון זיין פּנים און אים געלערנט דורכשלאָגן זיך דורכן המון וואָס נעענטער צו דער קאָטש און אויסקלייבן אַ פּאַסיקן מאָמענט אויף אָפּצוגעבן דעם שאָס.

די גאַנצע צייט, ביזן אַטענטאַט, פלעגט אים גערשוני באַזוכן און זיך באַמיען אונטערצוהאַלטן די שטימונג דורך געהעריקע שמועסן, שילדערנדיק פאַר אים דאָס בילד פון רום פון אַ גרויסן מאַרטירער־העלד פאַרן פאָלק און די דאַנקבאַרקייט פון די קומענדיקע דורות; ער האָט אויך געזאָגט, אַז אין אַ וואָך אַרום נאָכן דאָזיקן אַטענטאַט וועט דער נייער אויספיר־קאָמיטעט שיקן דער רעגירונג אַן אולטימאַטום, נאָך וועלכן עס וועט קומען אַ ריי סיסטעמאַטישע אַטענטאַטן. דעם אָוונט פאַרן אַטענטאַט האָט אים גערשוני באַזאָרגט מיט 50 רובל, כדי אויב עס וועט זיין אַ מעגלעכקייט צו אַנטקומען, זאָל ער זיך די ערשטע צייט נישט נויטיקן אין געלט, ער האָט געהייסן אַוועקפאָרן קיין פענזע און אָפּוואַרטן אַ יונגן מענטשן, וועלכער וועט אים, גריגאָריעוון, זאָגן דעם פּאַראָל: „פיאָדאָר פּעטראָוויטש לאָזט גריסן". גערשוני האָט אויך געפאָדערט, אַז ער, גריגאָריעוו, זאָל אָנשרייבן אַ געזעגענונגס־בריוו פון אַגיטאַציע־כאַראַקטער צו די חברים; אָבער נאָכן אָנשרייבן אַ צען שורות, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו שרייבן, דערקלערנדיק, אַז דאָס וועט זיין פאַלש, און גערשוני, קענטלעך אומצופרידן, האָט פונדעסטוועגן גענומען דעם אָנגעהויבענעם בריוו, דערקלערנ־

דיק, אַז ער וועט אים שוין אַליין פאַרענדיקן. ער האָט אויך גענומען זיינע אַ פאָטאָגראַפיע פאַרן רעוואָלוציאָנערן אַרכיוו; שפּעטער איז דער בריוו אומגע־קערט געוואָרן און ער האָט אים פאַרברענט.

אין וועניגס געשעפט האָט ער, גריגאָריעוו, געקויפט אַ פרישן בראַונינג, ווייל דעם, וועלכן ער האָט פריער געהאַט געקויפט פאַר גערשונים געלט, האָט ער נישט געקאָנט נוצן צוליב דער קאָמפּראָמיטירנדער אויפשריפט, וועלכע גער־שוני האָט אויסגעקריצט אויף אים: „אַט אַזוי באַשטראָפט מען די שונאים פון פאָלק״. פון גערשונין האָט ער, גריגאָריעוו, באַקומען קרייצאַרטיק אָנגעזעגטע, פאַרגיפטעטע קוילן און אין טאָג פון דער לויה איז ער אַרויס פון שטוב, כדי זיך צו פאַרייניקן מיט דער לוויה־פּראָצעסיע פון מיניסטער סיפּיאַגין. אָבער אויפן געוווסקער פּראָספּעקט, שוין נאָנט פון דער דורך גערשונין באַשריבענער קאָטש, האָט אים פאַרפעלט מוט אויסצופירן דעם געפּלאַנטן אַטענטאַט. צומאָרגנס, ווען גערשוני האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, איז ער געווען שטאַרק אומצופרידן און איז תיכף־ומיד צוגעטראָטן צו באַטראַכטן, מיט זיין, גריגאָריעווס, הילף, אַ נייעם פּלאַן פון אַטענטאַט אויפן אויבער־פּראָקוראָר פון הייליקן סינאָד — פּאָבעדאָ־נאָסצעוו. אינגיכן אָבער האָט גערשוני פאַרלאָזן די הויפּטשטאָט, צוזאָגנדיק צו שיקן אַ פּאַרטרעטער, וועלכער זאָל ענדגילטיק אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן צווייטן אַטענטאַט. און באמת, אין אַ טאָג זעקס אַרום, נאָך גערשונים פאַררייזן, איז צו אים, גריגאָריעוון, געקומען אַן אומבאַקאַנטער, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס איוואַן ניקאָלאַיעוויטש קוזנעצאָוו, אָנגעבנדיק דעם אָפּגערעדטן לאָזונג: „פּיאָדאָר פּעטראָוויטש לאָזט גריסן״. (ווען מען האָט גריגאָריעוון געוויזן די פאָטאָגראַפיע פון סעלענגינער קליינבירגער מיכאַאיל מעלניקאָוו, אַ געוועזענעם סטודענט פון באַרג־אינסטיטוט, האָט ער דערקענט אין אים די פּערזאָן, וועלכע האָט זיך אָנגעגעבן אַלס קוזנעצאָוו). מעלניקאָוו איז געקומען צופאָרן מיט עפּעס אַ פּריילין, האָט מיטגעבראַכט צוויי פּעקלעך אומלעגאַלע ליטעראַטור, וועלכע זיין באַגלייטערין האָט דעם זעלבן טאָג ערגעץ אַוועקגעפירט, און האָט דער־ציילט, אַז ער האָט זיך געזען מיט גערשונין אין פּענזאַ, און פון אים האָט ער זיך דערוווּסט אַלע פּרטים פון געפּלאַנטן אַטענטאַט אויפן 4־טן אַפּריל. ביי מעלניקאָווס וווּיטערדיקע באַזוכן איז מען צוגעטראָטן געמיינזאַם אויסצואַר־בעטן דעם געפּלאַנטן אַטענטאַט אויפן אויבער־פּראָקוראָר פּאָבעדאָנאָסצעוו, אָבער דאָס האָט נישט געפירט צו קיין שום פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. איינמאָל, בעת זיינעם אַ באַזוך, האָט מעלניקאָוו מיטגעבראַכט מיט זיך אַ הילצערן קעסטל און געפּאָדערט יענעם רעוואָלווער, וועלכן ער, דער באַשולדיקטער, האָט גע־קויפט אין טשיזשאָווס געשעפט פאַר גערשונים געלט, אויף וועלכן דער דאָ־זיקער לעצטער האָט אויסגעקריצט די אויפשריפט: „אַט אַזוי באַשטראָפט מען די שונאים פון פאָלק״. באַקומען דעם דאָזיקן רעוואָלווער, האָט מעלניקאָוו קודם־כל אָפּגעפיילט זיין נומער, אָפּגעריבן די אויפשריפט און פאַרפּאַקט דעם רעוואָלווער מיט די קוילן אין קעסטל; דערנאָך האָט ער עס פאַרנייט אין לייוונט, אָנגעשריבן אַן אַדרעס קיין מינסק, אָבער צו וועמען — געדענקט ער נישט; אויף דער פראַגע, צו וואָס ער שיקט עס קיין מינסק, האָט מעלניקאָוו געענטפערט, אַז דער „בונד״ (דער יידישער רעוואָלוציאָנערער פאַרבאַנד) האָט צוגע־שיקט 30 רובל און בעט אַרויסשיקן אַ בראַונינג. בכלל האָט זיך מעלניקאָוו אינ־

טערעסירט מיט רעוואָלווערן פון בראַונינג־סיסטעם און בעת איינעם פון זיינע באַזוכן האָט ער געבעטן אויסלערנען אים באַגיין זיך מיט זיי, און איינמאָל, בעת איך האָב מעלניקאָוון געלערנט, האָט דער רעוואָלווער אומגעריכט אויס־געשאָסן און די קויל האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין אושיק פון דער טיר, וואָס פירט אין צימער פון דער באַלעבאָסטע, און איז דאָרט געבליבן שטעקן אין דער הויך פון צוויי אַרשין. אויסגעמאַטערט דורך די איבערגעלעבטע אויפרעגונגען, האָט ער, גריגאָריעוו, באַשלאָסן דעם 10 יוני 1902 אַוועקפאָרן פון פעטערבורג אינם גוט פון זיין מוטער, אין דאָרף דזשובורו, און זינט זיין אָפּפאָרן האָט ער שוין מעלניקאָוון מער נישט געזען. ווען ער האָט זיך אין סעפּטעמבער אומגעקערט קיין פעטערבורג, האָט ער זיך דערוווסט, אַז אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנהייט איז געהאַט געקומען צו אים צוויי מאָל איינע אַ פריילין, פרעגנדיק זיך אויף אים. ער, גריגאָריעוו, האָט געהאַט אַ חשד, אַז די דאָזיקע פערזאָן איז אַ געווי־סע ליודמילאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ רעמיאַנניקאָוואַ (וועגן דער קאַנטשאַפט מיט איר וועט גערעדט ווערן ווייטער), האָט ער איר באַפוילן דורך דער פאַרמיטלונג פון זיין געליבטער יוליאַ יורקאָווסקאַיאַ, זי זאָל איבערגעבן, דורך וועמען זי וועט האַלטן פאַר פּאַסיק, זיינע געוועזענע פריינט, אַז פון היינט און ווייטער וועט ער מער קיין אָנטייל נישט נעמען אין רעוואָלוציאָנערע אַרבעטן. בעת יו־ליאַ יורקאָווסקאַיאַס באַגעגעניש מיט רעמיאַנניקאָוואַן, האָט די דאָזיקע לעצטע געבעטן איבערגעבן, אַז מעלניקאָוו איז אָפּגעפאָרן פון פעטערבורג, אָבער אָנ־שטאָט אים איז געשיקט געוואָרן עפּעס אַ „נומער דריי״, וועלכער וואָלט זיך געוואָלט זען מיט אים. דערויף האָט ער אַ צווייטן מאָל געשיקט יוליאַ יורקאָוו־סקאַיאַן צו מעלדן רעמיאַנניקאָוואַן, אַז ער וועט נישט אָנקניפּן קיין שום באַ־ציאונגען מיטן „נומער דריי״.

וואָס שייך זיין קאַנטשאַפט מיט רעמיאַנניקאָוואַן, קאָן ער, דער אָנגעקלאָג־טער, דערקלערן פאָלגנדעס: אין מערץ 1902, ווען ער האָט דערוואַרט גערשונים באַזוך, איז אַריינגעקומען צו אים אַן אומבאַקאַנטע פרוי און מיטגעטיילט, אַז גערשוני קאָן צוליב קראַנקהייט נישט קומען; אונטערזיצנדיק אַ האַלבע שעה, איז זי אַוועק; דערנאָך האָט ער פון גערשונין גופא זיך דערוווסט, אַז די דאָזיקע פרוי רופט מען ליודמילאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, אָבער איר פאַמיליע האָט גערשוני פאַרשוויגן. ווען גערשוני האָט זיך אין די ערשטע טעג פון אַפּריל געקליבן אָפּ־פאָרן פון פעטערבורג, האָט ער אים מיטגעטיילט, אַז אַלע ידיעות וועגן אים, גערשונין, קאָן ער באַקומען פערזענלעך פון ליודמילאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, אָנ־ווייזנדיק, אַז מען קאָן זי תמיד טרעפן נאָך פינף אַ זייגער ביינאַכט אין שפּיטאָל פון דער יעפּאַרכיאַלער שולע אין די אום־דאַטעם פון חודש; ער האָט דערביי צוגעגעבן, אַז ער וועט מיט איר קאָרעספּאָנדירן. אָבער ביי רעמיאַנניקאָוואַן אין שטוב איז אים קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו זיין; ביי אים איז רעמיאַנניקאָ־וואַ געוועזן אַ צווייטן מאָל אינגיכן נאָך גערשונים אָפּפאָר און, דאַכט זיך, פאַר מעלניקאָווס אָפּפאָר, און אַ דריטן מאָל ווייַנאַכטן־צייט, לויט יורקאָווסקיס בקשה, וועלכער איז געקומען צופאָרן אין דעצעמבער 1902 קיין פעטערבורג און האָט געבעטן זיין שוועסטער יוליאַ זי זאָל אים געבן דעם אַדרעס פון ליודמילאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, צו וועלכער ער האָט אַ שליחות; באַקומען דעם אַדרעס, האָט יורקאָווסקי פונדעסטוועגן געבעטן אַ דערלויבעניש צו טרעפן זיך ביי אים,

גריגאָריעוו, אין שטוב. ער האָט דערלויבט. רעמיאַנניקאָווא איז געקומען, אָבער אָפּוואַרטנדיק אַ שעה צייט און נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף יורקאָווסקין, איז זי אַוועק. מער האָט ער, גריגאָריעוו, זיך מיט רעמיאַנניקאָוואַן נישט געזען. יורקאָווסקי האָט זיך צומאָרגנס באַגעגנט מיט איר בײַ איר אין שטוב. צי רעמיאַנניקאָווא איז באַקאַנט געווען מיט מעלניקאָוון, קאָן ער מיט זיכערקייט נישט זאָגן, ער רעכנט אָבער, אַז זי האָט מעלניקאָוון געקענט, מאַכנדיק דעם דאָזיקן אויספיר פון פאַקט, וואָס ווען יורקאָווסקאַיאַ האָט איבערגעגעבן דעם אָפּזאָג צו טרעפן זיך מיטן „נומער דריי", האָט איר רעמיאַנניקאָווא באַמערקט, אַז דער „נומער דריי" וועט טאַקע זײַן פון אַ נידעריקערן סאָרט פאַרן נומער איינס און צוויי, האָבנדיק, אָן שום ספק, אין זינען מיט די דאָזיקע נומערן גערשונין און מעלניקאָוון. די דאָזיקע לעצטע האָבן, חוץ זייער קאַנטשאַפט מיט רעמיאַנניקאָוואַן, געהאַט אויך באַציאונגען מיט אויסלאַנד, ווײַל אין מערץ 1902 האָט גערשוני בײַ אים אין דער וווינונג געשריבן אַ בריוו קיין פּאַריז, אַרויסברענגענדיק דערבײַ די מיט כעמישן טינט געשריבענע דאָרטיקע בריוו, נישט דערמאָנענדיק, אַגב, קיין איין מאָל די פאַמיליעס פון די קאָרעספּאָנדענטן. אויך האָט מעלניקאָוו סוף אַפּריל גערעדט וועגן דעם, אַז אין פּאַריז זײַנען געמאַכט געוואָרן רעוויזיעס בײַ אַ סך עמיגראַנטן, און אַז מען האָט געפונען אַ סך דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו באַלמאַשאָווס פּראָצעס, צוגעבנדיק מיט אַ קאָנטיקן פאַרדרוס, אַז צוליב דעם זײַנען קאַליע געוואָרן די אַדרעסן. און צולעצט, וואָס שייך דער אָנגעהעריקייט צו דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע", איז זיך גופא באַטראַכט ער נישט אַלס אָנגעהעריק צו דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, ווײַל ער האָט געהאַט באַציאונגען בלויז מיט גערשונין און זײַן פאַרשטייער, מעלניקאָוו, וועלכע פלעגן, ווי אים דאַכט זיך, די רעקט באַקומען אָנווייזונגען פון עפּעס אַ געהיימניספולער קוועלע, וואָס הייסט „קאַמף־אָרגאַניזאַציע", און ער, גריגאָריעוו, איז געווען בלויז אירער אַ פּשוטער פּריוויליקער, אָבער נישט קיין פאַקטישער מיטגליד. וואָס שייך רעמיאַנניקאָוואַן, האָט ער נישט קיין פּאָזיטיווע באַווײַזן וועגן איר צוגעהעריקייט צו דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע"; דורך איר איז ער געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט גערשונין, און זי פלעגט תמיד לייקענען, אַז עס זאָל עקזיסטירן אַן ענלעכע אָרגאַניזאַציע. ווען אין נאָוועמבער 1902־טן יאָר האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען, אַז עס גרייט זיך אַן אַטענטאַט אויפן אינערן־מיניסטער און יורקאָווסקאַיאַ האָט געפרעגט רעמיאַנניקאָוואַן וועגן דעם, האָט יענע געענטפערט, אַז דאָס זײַנען רכילות און אַז אויף נאָוועמבער ווערט גאָרנישט צוגעגרייט. ער האָט אויך נישט געהאַט קיין פאַקטישע באַווײַזן, כדי צו אורטיילן וועגן מעלניקאָווס צוגעהעריקייט צו דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע, וועגן דעם האָט מעלניקאָוו קיינמאָל קיין וואָרט נישט געלאָזט פאַלן, אָבער ער, גריגאָריעוו, האָט גערעכנט, אַז מעלניקאָוו געהערט צו דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע".

דאַקעגן קען ער זאָגן וועגן גערשונין, אַז הגם יענער האָט נישט גערעדט וועגן זײַן אָנגעהעריקייט צו דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע, פונדעסטוועגן פלעגן זיך בײַ אים, בעתן צוגרייטן טעראָריסטישע אַקטן, אַרויסרײַסן פון צייט צו צייט פאָלגנדע אויסדרוקן: „מיר האָבן געמאַכט", „מיר וועלן באַטראַכטן" א. א. וו.

די געבראַכטע דערקלערונג פון באַשולדיקטן גרינאַריעוו וועגן די באַדינגונגען פון דורכגעפירטן מאָרד איבערן יעגערמייסטער סיפּיאַגין, ווי אויך די דערקלערונגען וועגן די צוגרייטונגען צו דערמאָרדן דעם אויבער־פּראָקוראָר פון הייליקן סינאָד פּאָבעדאָנאָסצעוו זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורך די אויבן באַשריבענע באַדינגונגען פון די געשעענישן פון 2־טן אַפּריל; אַזוי, למשל, האָט מען ביי באַלמאַשאָוון געפונען נאָכן מאָרד צוויי גרויסע פּאַקעטן מיט אויפשריפטן אויפן נאָמען פון אינערן־מיניסטער סיפּיאַגין און פון אויבער־פּראָקוראָר פון הייליקן סינאָד פּאָבעדאָנאָסצעוו; דערנאָך איז שוין אויבן דערציילט געוואָרן, אַז ביים אָפּפאָרן דעם 2־טן אַפּריל מיטן פרימאָרגן־צוג פון טעריאָקיין ס. פּעטערבורג, האָט באַלמאַשאָוו טאַקע פאַרגעסן אין דער אַכסניה דעם אָפיצירן־שווערד און ביים אָנקומען אין פּעטערבורג איז ער אַוועק אין באַזאַר און געקויפט אין איוואַנאָווס קראָם אַ נייעם שווערד, וועלכן ער האָט גלייך אויפן אָרט אָנגעטאָן. חוצדעם איז דער רעוואָלווער, וועלכן מען האָט אָפּגענומען ביי באַלמאַשאָוון, געווען פון דער סיסטעם בראַונינג און האָט געהאַט אָבגעשרויפטע ווענטלעך; די קוילן, וועלכע זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון טויטן קערפּער פון יעגערמייסטער סיפּיאַגין, זיינען געווען מיט קרייצאַרטיקע אָנגעזעגטע קעפּלעך, און פון דריי נומערן אויפן רעוואָלווער זיינען צוויי געווען אָפּגעפיילט און בלויז איין נומער 11911 איז געבליבן; און ווען מען האָט דעם אויבנדערמאָנטן רעוואָלווער געוויזן גרינאַריעוון, האָט ער דערקענט אין אים דעם זעלבן, מיט וועלכן גערשוני האָט געמאַכט פּרווון אין פינלאַנד סוף מערץ 1902־טן יאָר. די אויספאָרשונג האָט אויך פעסטגעשטעלט, אַז פון 27 ביז 30־טן מערץ איז באַלמאַשאָוו, ביי זיין אין וויבאָרג, איינגעשטאַנען יז № 3 פון האָטעל „סאָסיעטע“, און לויט דער גבית־עדות פון דער דינערין פון דערמאָנטן האָטעל, דער פינלענדערין לויטן געבורט ווילהעלמינאַ קאַרלסאָן (לויטן מאַן — געלין) איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז באַלמאַשאָוו האָט זיך דאָרט געטראָפן מיט אַנדערע פּערזאָנען. ביים פאַרהער האָט די עדותטע קאַרלסאָן דערקלערט, אַז דעם 28 מערץ, צוועלף אַ זייגער בייטאָג, האָט באַלמאַשאָוון באַזוכט אַ יונגער מענטש, וועלכן די עדותטע האָט ביים פאַרהער דערקענט אין מיכאַאיל מעלניקאָוון, וועלכן מען האָט איר געוויזן. חוץ מעלניקאָוון איז אויפן צווייטן טאָג, דעם 29 מערץ אין אָוונט, געקומען צו באַלמאַשאָוון אין № 3 אַ צווייטער מענטש, וועלכער איז פאַרבליבן ביי אים אַ גאַנץ לאַנגע צייט; דער דאָזיקער גאַסט איז פאַרבליבן אין זעלבן האָטעל אין № 9; אַריינקומענדיק אין נומער, כדי אויסצובעטן, האָט די עדותטע זיי געטראָפן שרייענדיק ביים לאָמבער־טיש, באַטראַכטנדיק עפּעס פּאַפּירן; אַרום צען אַ זייגער איז דער גאַסט אַרויסגעגאַנגען פון באַלמאַשאָוון און איר אָנגעזאָגט אים אויפצווועקן צום פרימאָרגן־צוג, וואָס גייט אָפּ פון וויבאָרג 6 אַ זייגער, און באַלמאַשאָוו האָט איר נישט געלאָזט אויסבעטן און דערקלערט, אַז ער פאָרט מיטן באַן, וואָס גייט אָפּ פינף פאַרטאָג. אַז מען האָט דער עדותטע געוויזן גרינאַרי גערשוני, האָט זי דערקענט די פולע ענלעכקייט מיט יענער פּערזאָן, וועלכע האָט זיך אָפּגעשטעלט דעם 29 מערץ אין № 9 און איז געווען ביי באַלמאַשאָוון.

די ווייטערדיקע אויספאָרשונג קעגן גרינאַרי גערשונין, מיכאַאיל מעלניקאָוון און ליודמילאַ רעמיאַנניקאָוואַ, אַלס פּערזאָנען, וואָס האָבן אָנטיילגענומען

אין אויספירן דעם געפּלאַנטן מאָרד איבערן יעגערמייסטער סיפּיאַגין, האָט
פעסטגעשטעלט, אַז אויף צומאָרגנס נאָכן מאָרד איז גערשוני אַריינגעקומען
צו גריגאָריעוון און אים געוויזן אַ פּראָקלאַמאַציע, דאַטירט פון 3 אַפּריל, מיט
איבערשריפט: „אין קאַמף וועסטו דערגרייכן דיין רעכט", „לויט אייערע
מעשים וועט מען אייך משפּטן", און וואָס האָט זיך אָנגעהויבן: „זיי האָבן דאָס
געוואָלט, האָבן זיי זיך דערוואַרט אויף דעם". דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער
פּראָקלאַמאַציע האָט אַ שייכות מיטן מאָרד איבערן מיניסטער סיפּיאַגין, דער־
ביי ווערט פאַרעפנטלעכט דער באַשלוס פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָ־
לוציאָנערן אָנצוווענדן טעראָר. צום סוף געפינט זיך אַן אונטערשריפט: „קאַמף־
אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן"; דער טעקסט
פון דער דאָזיקער פּראָקלאַמאַציע איז, לויט גריגאָריעווס גבית־עדות, כמעט אי־
דענטיש מיטן געדרוקטן אויפרוף, וואָס איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן דעם זעלבן
3־טן אַפּריל דורך דער זעלבער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע". הוצדעם האָט מען דעם
5־טן פון זעלבן אַפּריל פאַרהאַלטן אויף דער פּעטערבורגער פּאָסט אַ פּאַקעט,
אַדרעסירט קיין פּאַריז, מיט צוויי מאַנוסקריפּטן פון פאַרברעכערישן אינהאַלט.
איינער פון די דאָזיקע מאַנוסקריפּטן איז אַנאַלאָגיש מיט דער אויבנגעבראַכטער
פּראָקלאַמאַציע, עס זיינען צוגעגעבן בלויז ידיעות, וועלכע דער מחבר האָט באַ־
קומען וועגן דעם בונט פון די אַרבעטער אין די וואַטקינער פאַבריקן און וועגן
דעם אַרעסט פון עטלעכע פּערזאָן, צוגעצויגענע צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר
דער שייכות מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער צווייטער מאַנוסקריפּט,
אויך אויף אַ בויגעלע בריוו־פּאַפּיר פון קליינעם פאָרמאַט, געשריבן מיט דער
זעלבער האַנטשריפט, מיט דער איבערשריפט „די עקזעקוציע פון מיניסטער סי־
פּיאַגין", הויבט זיך אָן אַזוי: „די עקזעקוציע פון סיפּיאַגינען, אַן אומדער־
הערט־דרייסטע לויט דער פאַרטראַכטונג און גלענצנד אויסגעפירט, האָט אויף
אַלעמען געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. דער דונער האָט אַ קראַך געטאָן
אין אַזאַ מאָמענט און אין אַזאַ אָרט, ווו קיינער האָט אים נישט דערוואַרט. עס
זיינען גענומען געוואָרן אין אַכט די קלענסטע פּרטים און צופעליקייטן, עס זיי־
נען דורכגעטראַכט געוואָרן אַלע מעגלעכע דעטאַלן, און אַ דאַנק דעם איז אַלץ
געשען אַזוי, ווי מען האָט אויסגערעכנט". ווייטער קומט אַ באַשרייבונג, ווי
אַזוי סטעפּאַן באַלמאַשאָוו האָט דערמאָרדעט דעם יעגערמייסטער סיפּיאַגין,
עס ווערן גענוי דערציילט אַלע פּרטים פון דאָזיקן פאַרברעכן, עס ווערט באַ־
שריבן באַלמאַשאָווס קאָסטיום, זיין האַלטונג פאַרן מאָרד און נאָך אים, און
עס ווערן מיטגעטיילט אַזעלכע פּרטים וועגן דער סיסטעם און פּרווון פון רע־
וואָלווער, וואָס דאָס קאָן זיין באַקאַנט בלויז אַ פּערזאָן, וואָס קאָן גענוי די צו־
גרייטונגען צום אויבנדערמאָנטן פאַרברעכן; צום סוף ווערן געבראַכט באַל־
מאַשאָווס איייניקע ביאָגראַפישע דאַטעס. נאָך אַ פאַרגלייך פון די דערמאָנטע
מאַנוסקריפּטן מיט ליודמילאַ רעמיאַנניקאָוואַס אומצווייפלהאַפטער האַנטשריפט
זיינען די עקספּערטן געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די דאָזיקע צוויי דאָ־
קומענטן זיינען געשריבן געוואָרן דורך רעמיאַנניקאָוואַן.

אויפן זעלבן אַדרעס קיין פּאַריז האָט געשיקט אַ בריוו אויך גריגאָריעווס
געליבטע, יוליאַ יורקאָווסקאַיאַ, דערביי איז דער בריוו, לויט יורקאָווסקאַיאַס
דערקלערונג, אַרויסגערופן געוואָרן דורך פאָלגנדעס: אומגעפער אין דער צייט,—

דעם טאָג געדענקט זי נישט, — ווען עס איז אויסגעפירט געוואָרן די דערמאָר־
דונג פון יעגערמייסטער סיפּיאַגין, איז געקומען צו זיי גערשוני און האָט דער־
ציילט, אַז ער איז נאָר־וואָס געקומען צופאָרן מיט דער פינלענדישער אייזנבאַן
און ביים אַרויסגיין פון וואַגאָן, ערשטע קלאַס, פאַרגעסן דאָרט עפּעס אַ בלעטל
פּאַפּיר, וועלכעס ער האָט אָבער שפּעטער באַוויזן צוצונעמען (דאָס איז געשען,
ווי עס איז צו זען פון דער אויבנגעבראַכטער דערקלערונג פון באַשולדיקטן
גריגאָריעוו, אַקוראַט דעם 2־טן אַפּריל); דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו דער
עדותטע, איבערגעבנדיק איר די ערשטע אָפּשריפט, מיט אַ ביטע איבערצו־
שרייבן דעם טעקסט, דערקלערנדיק דאָס מיט מאַנגל אין צייט דאָס אַליין צו
טאָן. נאָך גערשונים אַוועקגיין האָט יורקאָווסקאַיאַ גענומען איבערשרייבן דעם
באַקומענעם מאַנוסקריפּט, וואָס זיין אינהאַלט געדענקט זי נישט, ווייל ער איז
געשריבן געווען אין אומפאַרשטענדלעכע פאַר איר אויסדרוקן. נאָכן איבער־
שרייבן דעם מאַנוסקריפּט האָט זי, יורקאָווסקאַיאַ, אַוועקגעשיקט דאָס איבער־
געשריבענע קיין פּאַריז, לויטן אַדרעס, וואָס גערשוני האָט איר געגעבן, און די
ערשטע קאָפּיע האָט גערשוני אָפּגענומען ביי איינעם פון זיינע נאָענטסטע באַ־
זוכן. כמעט איינציייטיק מיט דעם, נעמלעך — דעם 3־טן פון זעלבן אַפּריל,
האָט מען אין דער שטאָט סאַראַטאָוו באַמערקט אויף דער גאַס, צוועלף אַ זיי־
גער ביי טאָג, אַ מענטשן, וועלכער איז נאָך באַקאַנט געווען זייט ווינטער פון
דער שטאָט כאַרקאָוו, ווו ער האָט געוווינט לויטן פּאַס אויפן נאָמען פון אַדע־
ליקן וואַסיליעווסקי (דער דאָזיקער פּאַס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס
געפעלשטער, און די פּערזאָן, וואָס האָט געוווינט אויף אים — מיכאַאיל מעל־
ניקאָוו). לויט די דערקלערונגען פון די אָרטיקע אַגענטן אַלעקסאַנדראָוו און
שקראַלעוו, וועלכע האָבן אים נאָכגעקוקט, האָט דער אויבנדערמאָנטער סוביעקט
אַרויסגעוויזן אַ גאַנצן טאָג אַ באַזונדערע באַוועגלעכקייט און אַ פיבערהאַפטע
טעטיקייט, באַזוכנדיק סיסטעמאַטיש פאַרשיידענע פּערזאָנען, די פּאָסט און —
צוויי מאָל — די רעדאַקציע פון „סאַראַטאָווסקי ליסטאָק‟. די טעלעגראַפישע
ידיעה וועגן דער דערמאָרדונג פון יעגערמייסטער סיפּיאַגין איז דערהאַלטן
געוואָרן אין דער רעדאַקציע פון „סאַראַטאָווסקי ליסטאָק‟ דעם 2־טן אַפּריל,
11 אַ זייגער מיט 35 מינוט אין אָוונט לויט דער פּעטערבורגער צייט. אַרום 10
אַ זייגער אין אָוונט האָט זיך וואַסילעווסקי (וועל מעלניקאָוו) אָפּגעשטעלט אויף
אַ דראָשקע מיט אַ פּעקעלע אין דער האַנט ביי אַ געוויסן הויז; ער האָט באַ־
צאָלט דעם דראָשקאַזש און גענומען גיין צו פוס, באַמערקנדיק אָבער, אַז מען
שפּירט אים נאָך, האָט זיך מעלניקאָוו אומגעריכט געוואָרפן אויפן אַגענט
אַלעקסאַנדראָוו, מאַכנדיק אים מיט אַ צונויפגעלייגטן מעסער עטלעכע וווּנדן אין
קאָפּ; בעתן קאַמף מיט אַלעקסאַנדראָוון האָט מעלניקאָוו איבערגעלאָזן אויפן
אָרט דעם אַראָפּגעפאַלענעם הוט און דאָס פּעקל מיטן פּאַקעט, און איז פאַר־
שוווּנדן. נאָכן דורכקוקן דעם פּעקל און דעם פּאַקעט, וועלכע אַלעקסאַנדראָוו האָט
צוגעשטעלט, האָט מען דאָרט געפונען 25 פונט פולשטענדיק נייעם שריפט, 32
נומערן (№ 4) פון זשורנאַל „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָסיאַ‟, עטלעכע בריוו און
אַ מאַנוסקריפּט. דער מאַנוסקריפּט איז געשריבן מיט בלייפעדער, קאָנטיק, אַז
אין עטלעכע מאָל, מיט פאַרשיידענער שנעלקייט, און אַפילו אין פאַרשיידענע
פּאָזיציעס פון שרייבער (זיצנדיק אָדער שטייענדיק) און באַשטייט פון באַזונ־

דערע האַלב־בויגנס און פון איין גאַנצן בויגן פון געוויינלעכן שרייב־פּאַפּיר, נומערירט פון ערשטן ביזן ניינטן זייטל. דער דערמאָנטער מאַנוסקריפּט, וואָס האָט נישט קיין אונטערשריפט, הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „עס זיינען דאָ שווערע טעג, עס זיינען דאָ שווערע, פינסטערע יאָרן" און לויט זיין אינהאַלט און ריכטונג טראָגט ער נישט נאָר אַ ריין־רעוואָלוציאָנערן, נאָר אויך אַ טעראָריסטישן כאַראַקטער, דערביי ציט אויף זיך אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט דער פאַקט, וואָס ער איז געשריבן אין שייכות מיט דער דאַן נאָר־וואָס דורכגעפירטער דערמאָרדונג פון יעגערמייסטער סיפּיאַגין, אויף וואָס עס ווייזן, צווישן אַנדערן, די פאָלגנדיקע אויסדרוקן, וואָס געפינען זיך אין אים: „נאָך קאַרפּאָוויטשן, נאָך לאַגאָווסקין האָט זיך באַוויזן אַ נייער סאָקאָל, אַ נייער אויספירער פון דער רעוואָלוציאָנערער עקזעקוציע איבער איינעם פון די הויפּטשטיצעס פון צאַריזם. מיר, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, באַגריסן היים די דאָזיקע העלדן, ווי די ערשטע שוואַלבן פון רעוואָלוציאָנערן פרילינג... מיר באַגריסן די ערשטע טעראָריסטן, אַלס דעם בעסטן יום־טוב פון אונזער אויפלעבונג". ווייטער ווערט געזאָגט: „און ווער פון די געבילדעטע רוסן וועט זיך אַנטשליסן צו זאָגן, אַז סיפּיאַגין איז באַשטראָפט געוואָרן צו שטרענג? ניין, ער פאַרדינט די שטרענגסטע אָפּרעכענונג נאָך מער פאַר יעדן באָגאָלעפּאָוו. ער איז שולדיק אין די רעאַקציאָנערסטע מיטלען פון די לעצטע דריי יאָר, זיינע הענט האָבן פאַרצויגן די קנופּן פון די נייע פעסטע שטריק, אין וועלכע עס צאַפּלט זיך אָנמעכטיק רוסלאַנד". צום סוף, נאָכן צוגעבן אַ פאַלשע באַפאַרבונג דער טעטיקייט פון געוועזענעם אינערן־מיניסטער, רופט דער מחבר אויס: „מיט זיין טויט וועט פריער אָפּאָטעמען אַלץ, וואָס ער האָט געשטיקט, און וועט בענטשן יענעם מוטיקן מענטש, וועמעס האַנט עס האָט געשטראָפט דעם אַלמעכטיקן מיניסטער. מיט סיפּיאַגינס טויט הויבט זיך אויף אָן אמת אָן אַ נייע תקופה". נאָכן פאַרגלייכן דעם דערמאָנטן מאַנוסקריפּט מיט דער אומצווייפלדיקער האַנטשריפט פון מיכאַאיל מעלניקאָוו, איז דער עקספּערט געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז לויט דער זיכערער און פולער ענלעכקייט פוןביידע האַנטשריפטן, האָט דעם מאַנוסקריפּט געשריבן מעלניקאָוו.

דאָס אויבנגעבראַכטע האָט געדינט אַלס גרונט צוצוציען אַלס באַשולדיקטע גריגאָרי גערשונין, מיכאַאיל מעלניקאָוון, וועלכע זיינען אין יאָר 1902 נאָך נישט געהאַט געפונען געוואָרן, ווי אויך ליודמילאַ רעמיאַנניקאָוואַן. בעת דער רעוויזיע ביי רעמיאַנניקאָוואַן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף דער נאַכט פון 12־טן פעברואַר 1903 אין איר וווינונג, אין בנין פון דער איסידאָראָווער יעפּאַרכיאַלער פרויען־שולע, האָט מען געפונען אַ באַדייטנדע צאָל אומלעגאַלע געדרוקטע בראָשורן, מערסטנטייל אויסגאַבעס פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

ביי דער אויספאָרשונג האָט זיך רעמיאַנניקאָוואַ אָנערקענט פאַר שולדיק בלויז אין האַלטן די געפונענע ביי איר אומלעגאַלע אויסגאַבן, זי האָט אָבער געלייקנט צו האָבן וועלכע עס איז שייכות צו דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע"; זי האָט דערקלערט, אַז אויב זי האָט געטאָן עפּעס אומלעגאַלעס, איז בלויז פון סימפּאַטיע צו דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן בכלל, אָבער נישט צו

דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע“, און חוצדעם האָט זי נישט געוואָלט ענטפערן אויף
קיין שום פראַגן.

פונדעסטוועגן איז רעמיאַנניקאָוואַס אָנטייל אין דער טעטיקייט פון דער
„קאַמף־אָרגאַניזאַציע“ פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַ חוץ דורך די אויבנגעבראַכ־
טע דערקלערונגען פון באַשולדיקטן גריגאָריעוו און דורכן בריוו, וועלכער איז
געשיקט געוואָרן קיין פּאַריז דעם פינפטן אַפּריל 1902, אויך דורך די דערקלע־
רונגען פון די אונטנגעבראַכטע עדות:

יוליאַ יורקאָווסקאַיאַ (דעם באַשולדיקטן גריגאָריעווס געליבטע) האָט דער־
קלערט, אַז איר ערשטע קאַנטשאַפט מיט רעמיאַנניקאָוואַן איז פאָרגעקומען אין
איר וווינונג אין בנין פון איסידאָראָווער יעפּאַרכיאַלער פרויען־שולע, לויט גער־
שונים איניציאַטיוו פאַר זיין אָפּפאָר פון פּעטערבורג אין אַפּריל 1902־טן יאָר;
דעם ציל פון דער דאָזיקער קאַנטשאַפט האָט גערשוני נישט אָנגעגעבן, אָבער
שפּעטער איז פאַר איר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן צוליב דעם,
כדי גערשוני זאָל קאָנען באַקומען ידיעות וועגן גריגאָריעוון; ביים פּאָרלייגן
באַקענען זיך מיט רעמיאַנניקאָוואַן האָט גערשוני, צווישן אַנדערן, אויפמערק־
זאַם געמאַכט, אַז ביי איר, רעמיאַנניקאָוואַן, קאָן מען געפינען אומלעגאַלע לי־
טעראַטור. קומענדיק צו איר דאָס ערשטע מאָל, האָט די עדותטע דאָרט גע־
טראָפן אויך גערשונין; זי, יורקאָווסקאַיאַ, איז אונטערגעזעסן אַ גאָר קורצע
צייט און אַוועק, איבערלאָזנדיק רעמיאַנניקאָוואַן זאַלבעצווייט מיט גערשונין.
וויפל מאָל זי האָט באַזוכט רעמיאַנניקאָוואַן, און צוליב וועלכע סיבות, גע־
דענקט זי נישט גענוי, אָבער רעמיאַנניקאָוואַ האָט באַזוכט גריגאָריעווס דירה
אַ דריי מאָל; רעמיאַנניקאָוואַס ערשטער באַזוך, אויף וויפל די עדותטע גע־
דענקט, איז פאָרגעקומען נאָך זייער באַקאַנט ווערן און איר, יורקאָווסקאַיאַן,
איז נישט באַקאַנט, צי אין מערץ 1902 איז געקומען צו זיי אין דירה עפּעס
אַ פּריילין מיט דער ידיעה, אַז פּיאָדאָר פּעטראָוויטש (גערשוני) קאָן נישט קו־
מען צו גריגאָריעוון, וועלכער וואַרט אויף אים. זומער פון 1902־טן יאָר, בעת
זי מיט גריגאָריעוון זיינען געווען אויף קאַווקאַז, איז רעמיאַנניקאָוואַ, לויט אי־
רע רייד, געווען ביי זיי אין דירה, און האַרבסט־צייט, ווען זיי זיינען צוריקגע־
קומען פון קאַווקאַז, האָט זיי רעמיאַנניקאָוואַ ווידער באַזוכט און געפרעגט,
טרעפנדיק די עדותטע איינע אַליין, צי וועט גריגאָריעוו „איצט“ שוין אויספירן
יענעם פּלאַן, וועלכער איז נישט אויסגעפירט געוואָרן אין פרילינג; דערביי האָט
זי געזאָגט, אַז די דאָזיקע ידיעות זיינען נויטיק פאַר פּיאָדאָר פּעטראָוויטשן
(גערשוני); דערויף האָט זי, יורקאָווסקאַיאַ, געענטפערט פאַר גריגאָריעוון נעגאַ־
טיוו. אָן ענלעכן פאָרשלאַג האָט איר רעמיאַנניקאָוואַ געמאַכט נאָכאַמאָל, און
דאַן האָט זי, יורקאָווסקאַיאַ, געגעבן צו פאַרשטיין רעמיאַנניקאָוואַן, זי זאָל
ענדגילטיק צורו לאָזן גריגאָריעוון; צי דער דאָזיקער אָפּזאָג איז געמאַכט גע־
וואָרן מיט גריגאָריעווס וויסן אָדער ניין, דאָס קאָן זי מיט זיכערקייט נישט
זאָגן. ווי עס איז צו זען פון יורקאָווסקאַיאַס דערקלערונג, וואָס איז בייגעלייגט
צו די אַקטן, זיינען די דערמאָנטע פאָרשלאַגן ביידע מאָל באַגלייט געוואָרן דורך
רעמיאַנניקאָוואַס קרומע בליקן, אין וועלכע מען האָט געזען באַהאַלטענע דראָ־
אונגען.

קורץ פאַר דער רעוויזיע און דעם אַרעסט פון לידמילאַ רעמיאַנניקאָוואַ,

געמלעך — דעם 26־טן יאנואר 1903־טן יאָר, איז אין קיעוו פארהאַלטן גע־וואָרן דער אַדעליקער וואסילעווסקי (וועל מיכאאיל מעלניקאָוו), וועלכער איז אַרומגעזוכט און נאָכגעשפּירט געוואָרן; ער האָט געלעבט אין קיעוו און אַנדערע שטעט אונטער אַ פרעמדן נאָמען און אויף אַ פרעמדן פּאַס. דער פאַרהאַלטע־נער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס בירגער מיכאאיל זאַוואַדסקי, און ער האָט פאַר־געשטעלט אַן אַנטשפּרעכנדן פּאַס. אַז מען איז געקומען אויפן אַדרעס, וואָס איז אָנגעגעבן געווען אין פּאַס־ביכל, אין הויז № 3 אויף לעוואַנדאָווסקאַיאַ גאַס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער דירה № 4, וואָס איז פאַרנומען דורך דער פרוי פון קאַפּיטאַן גאַגאַנידזע, איז איין צימער פאַרדונגען געוואָרן מיכאאיל זאַוואַדסקין, וועלכער האָט דאָרט געוווינט זייט 4 חדשים. בעת דער רעוויזיע אין דאָזיקן צימער האָט מען געפונען אין אַ לייוונטענער וואַליזע 496 עקזעמפּלאַרן פון ביכער און בראָשורן פון פאַרברעכערישן אינהאַלט און אין אַנדערע ערטער האָט מען אויך געפונען אַ באַדייטנדע צאָל ביכער און בראָשורן פון ענלעכן כאַראַקטער, אויך מאַנוסקריפּטן און נאָטיצן.

פון די מאַנוסקריפּטן, וועלכע מען האָט אָפּגענומען ביי זאַוואַדסקין (מעל־ניקאָוו) ביים אַרעסט און ביי דער רעוויזיע פון זיין דירה, פאַרדינען אויפמערק־זאַמקייט פאָלגנדיקע: א) צוויי עקזעמפּלאַרן פון אַ מאַנוסקריפּט, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „מיטן ניזשעגאָראָדער און סאַראַטאָווער אורטיילן טרעט אַריין אין אַ נייער פאַזע די פראַגע וועגן גאַסן־דעמאָנסטראַציעס”; אין די מאַ־נוסקריפּטן ווערט געזאָגט, אַז „צוגלייך מיט די אַנדערע געהיימע און אָפענע, פרידלעכע און טעראָריסטישע פאָרמען פון קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשאַפט און קעגן דער הפקרות פון די באַאַמטע, דאַרפן די דעמאָנסטראַציעס באַקומען די ברייטסטע אָנווענדונג, מען דאַרף זיי אומעטום איינאָרדענען וואָס אָפטער און אין וואָס אַ גרעסערן פאַרנעם”, און אַז „דאָס איז נאָר דער אָנהויב פון מאַסן־קאַמף קעגן דעם דרוק פון דער זעלבסטהערשאַפט”; ב) אַ מאַנוסקריפּט, וואָס איז געשריבן מיט אַ בלייפעדער: „חברים! ביז איצט זענט איר, פריזירער, געשטאַנען ווייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג”, דערנאָך ווערט אויפגעוויזן, אַז פריזירער זיינען פונקט אַזעלכע אַרבעטער, ווי די איבעריקע, אַז זיי געפינען זיך אַ דאַנק זייערע באַלעבאַטים, אין שווערע באַדינגונגען און דעריבער דאַרפן זיי זיך אָנשליסן צו דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג; דער־ביי איז צוגעלייגט געווען אַ בריוו פון אַ פריזירער, וואָס איז, וואַרשיינלעך, באַשטימט געווען אָפּצודרוקן אין איינעם פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַנען; ג) אַ מאַנוסקריפּט, טיילוויז געשריבן מיט אַ פעדער, טיילוויז מיט אַ בליי־פעדער, מיטן טיטל: „צום גאַנצן פּויערטום”, וווּ עס ווערט דערוויזן די צוועק־מעסיקייט פונם אַטענטאַט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורכן פּויער פאָמאַ קאַ־טשוראַ אויפן לעבן פון כאַרקאָווער גובערנאַטאָר פירשט אָבאָלענסקי. און אַז „קאַטשוראַ איז מיט זיין טאַט און געדאַנקען אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער און האָט געהאַנדלט אין נאָמען פון אונזער גאַנצער פּאַרטיי”. „מיר, סאָציאַ־ליסטן־רעוואָלוציאָנערן, — זאָגט דער מחבר, — האַלטן, אַז פאַר אַזעלכע פאַר־ברעכנס, ווי די, וואָס פירשט אָבאָלענסקי האָט אָפּגעטאָן, דאַרף געגעבן ווערן די שווערסטע שטראָף”. „און אַזוי האָט טאַקע געהאַנדלט אונזער פּאַרטיי סאָציאַליסטן - רעוואָלוציאָנערן, פאַראורטיילנדיק אָבאָלענסקין אויף טויט־

שטראף". איינער פון אונזערע חברים, פאמא קאטשורא, האט, מיטן הסכם פון די איבעריקע, גענומען אויף זיך אויסצופירן איבער אבאלענסקין די טויט־שטראף פארן פרייז פון אייגענעם לעבן". ביים סוף מאנוסקריפט באצייכנט דער מחבר דעם צאר, די מיניסטארן, אבאלענסקין און אלע גובערנאטארן אלס פיינט פון פאלק און ער זאגט: „נידער מיטן זעלבסטהערשערישן צאר און די באאמטע". „זאל די גאנצע רוסישע ערד פריי ווערן פונם דרוק פון די באאמטע, זאל אונזער גאנצע רעגירונג געוויילט ווערן"; ד) א מאנוסקריפט מיט דער ווענדונג: „זעלנער! פאר קורצן זיינען מיר נאך געווען די זעלבע מענטשן, ווי אלע איבעריקע מענטשן"... און שטעלט פאר מיט זיך אן אויפרוף צו די זעלנער, ווו דער מחבר באמיט זיך זיי איבערצוציינגן, אז אויך זיי זיינען פויערים, פונקט ווי יענע, קעגן וועלכע די רעגירונג און די העכערע מאכט באפעלט זיי ארויסצוטרעטן; ה) א מאנוסקריפט, וואס הויבט זיך אן מיט די ווערטער: „בעת דער קאראנאציע פון 22־טן מאי 1883־טן יאר", מיט א ווענדונג צו די פויערים פון אן עקלדיקן אינהאלט, אין וועלכן דער מחבר באמיט זיך ארונטערצורייסן אין זייערע אויגן די ליבע זייערע צו זיין מאיעסטעט דעם קייזער און באוועגן זיי ארפצווארפן די צארישע מאכט, און ו) א מאנוסקריפט „דער פארמשפטער ארבעטער", אין וועלכן עס ווערן פאלש אויסגעטייטשט די מאטיוון, צוליב וועלכע מען האט פארביטן פאמא קאטשוראן די טויט־שטראף אויף קאטארגע.

צוגעצויגן צו פאראנטווארטלעכקייט האט דער סעלענגינער בירגער מעלניקאוו געלייקנט זיין אנגעהעריקייט נישט נאר צו דער „קאמף־ארגאניזאציע" פון דער פארטיי סאציאליסטן־רעוואלוציאנערן, נאר בכלל צו וועלכער נישט איז געהיימער אומגעזעצלעכער געזעלשאפט. ער האט דערקלערט, אז לעבנדיק אומלעגאל האט ער פראפאגאנדירט די סאציאליסטישע אידייען צווישן ארבעטער, צונויפשטעלנדיק אמאל איינצלנע נאטיצן אין דער פארם פון אויפרופן וועגן פארשיידענע פראגן, אבער די דאזיקע אויפרופן פלעגט ער נישט פארשפרייטן, הגם עס איז מעגלעך, אז איניקע פון זיי פלעגן איבערגיין פון האנט צו האנט און פלעגן, אפשר, אויך אפגעדרוקט ווערן קעגן זיין ווילן. די קאמפראמיטירנדיקע זאכן, וועלכע מען האט געפונען ביי אים בעתן ארעסט דעם 26־טן יאנואר, געהערן אים נישט. פונקט אזוי געהערן אים נישט אלע אומלעגאלע געדרוקטע און העקטאגראפירטע אויסגאבעס, וועלכע מען האט אפגענומען ביי אים בעת דער רעוויזיע אין דער דירה; פון די אויבנאויסגערעכנטע מאנוסקריפטן אנערקענט ער אויך נישט אלס זיינע: „דער פארמשפטער ארבעטער", דעם מאנוסקריפט „וועגן די ניזשעגאראדער און סאראטאווער דעמאנסטראציעס", דעם מאנוסקריפט „צום גאנצן פויערטום", מיט די בלייפעדער־אויסבעסערונגען. די איבעריקע מאנוסקריפטן, וועלכע געהערן צו אים, זיינען געשריבן געווארן דורך אים, אויב ער האט קיין טעות נישט. וועגן דעם, פון וועמען, ווען און ביי וועלכע באדינגונגען ער האט באקומען אפצוהיטן די זאכן, וואס געהערן נישט צו אים, האלט ער נישט פאר מעגלעך צו געבן וועלכע נישט איז דערקלערונגען. זינט ער איז איבערגעגאנגען צו אן אומלעגאלן ארט לעבן, אנהויב 1900, איז ער ארומגעפארן איבער פארשיידענע שטעט פון רוסלאנד. אין 1902־טן יאר, נעמלעך, דעם 3־טן אפריל, איז ער טאקע געווען אין דער שטאט סאראטאוו

וווהין ער איז געקומען צופאָרן אָן א באַשטימטן ציל, אָבער פונוואַנעט וויל
ער נישט אויסזאָגן; ער האָט דאַן געהאַט ביי זיך אַ קליינעם האַנט־קאָשיק, אין
וועלכן עס האָבן זיך געפונען צוויי פעקעלעך מיט שריפט, אומלעגאַלע ליטע־
ראַטור און נאָך עפּעס זאַכן, וועלכע ער האָט צופעליק באַקומען אויף אַפּצוהיטן
נישט מער ווי אויף אַ וואָך, ביז זיין קומען קיין סאַראַטאָוו. קומענדיק קיין
סאַראַטאָוו, האָט ער זיך כמעט אַ גאַנצן טאָג אַרומגעבלאָנקעט איבער דער
שטאָט, אַריינגייענדיק בלויז אין אַן אכסניה, אין אַ שענק און אין אַן אַפּטייק,
און ער האָט קיינעם אין די דירות נישט באַזוכט; בכלל, פילנדיק זיך דאַן נער־
וועז, האָט זיך אים געדאַכט, אַז עמעצער פאַרפאָלגט אים נאָך פון דער באַן מיט
דער כוונה אים צו אַרעסטירן; די דאָזיקע פאַרפאָלגונגס־מאַניע, אַרויסגערופן
דורך דעם אומרואיקן, אומלעגאַלן לעבן, האָט אָוונט־צייט פון 3־טן אַפּריל אָנ־
גענומען אַזעלכע שאַרפע פאָרמען, אַז באַמערקנדיק אויף דער גאַס אַן אומבאַ־
קאַנטן מענטשן, וועלכער האָט אים, ווי ס'האָט געשיינט, כסדר שפּיאָנירט, האָט
ער אַרויסגלאָזט פון האַנט די פעקלעך, געכאַפּט דעם קעשענע־מעסערל, וואָס
ער האָט ביי זיך געהאַט, און געמאַכט דעם מענטשן, וואָס האָט זיך איינגע־
קלאַמערט אין אים מיט די הענט, עטלעכע וווּנדן אין קאָפּ; נאָך אַ קורצן קאַמף
איז אים, מעלניקאָוון, געלונגען אַרויסצורייסן זיך און איבערלאָזנדיק אויפן
אָרט די פעקלעך און דעם אַראָפּגעפאַלענעם הוט, איז ער אַנטלאָפן פון דער
שטאָט. ערשט אינדערפרי איז ער צוגעקומען צו עפּעס אַ באַן־סטאַציע, ווו ער
האָט אָפּגעוואַרט דעם צוג, וואָס קומט פון סאַראַטאָוו, און אָפּגעפאָרן מיטן דאָ־
זיקן צוג, אָבער וווהין וויל ער נישט זאָגן. אין פינלאַנד און בפרט אין דער
שטאָט וויבאָרג איז ער נישט געווען נאָר סוף מערץ 1902, נאָר בכלל
קיינמאָל, דערביי דערקלערט ער קאַטעגאָריש, אַז זינט ער איז אָפּגעפאָרן קיין
סיביר אין מאַי 1899, איז ער אין פעטערבורג קיין איינציקן מאָל נישט געווען.
נישט נאָר ער קען נישט גריגאָרי גערשונין, דעם פּאָרוטשיק גריגאָריעוו, טי־
מאָפעי באַרטאָשקינען, ליודמילאַ רעמיאַנניקאָוואַן און סטעפאַן באַלמאַשאָוון,
וועמעס פאָטאָגראַפיעס מען האָט אים געוויזן, נאָר ער האָט זיך קיינמאָל נישט
באַגעגנט מיט זיי; ער האָט אויך קיינמאָל אינערגעץ נישט געוווינט אונטערן
נאָמען פון איוואַן קוזנעצאָוו און ער האָט זיך קיינמאָל קיינעם נישט פאָרגע־
שטעלט מיט דער דאָזיקער פאַמיליע. ער האָט מיט קיינעם נישט געפירט קיין
אונטערהאַנדלונגען וועגן אַן אַטענטאַט אויפן לעבן פון אויבער־פּראָקוראָר פון
הייליקן סינאָד פּאָבעדאָנאָסצעוו, ער האָט אויך נישט געשיקט קיין מינסק קיין
שום זאַכן, שוין אָפּגערעדט פון אַ רעוואָלווער, און עס איז נישט געשען אַזאַ
פאַל, אַ רעוואָלווער זאָל אויסשיסן אין עמעצנס דירה, און בכלל האָט ער קיינ־
מאָל אין די הענט נישט געהאַלטן קיין רעוואָלווער פון סיסטעם בראַונינג. סוף
מערץ, דעם 28־טן, 1902־טן יאָר, איז ער אין אָוונט געקומען צופאָרן קיין
קיעוו און פאַרפאָרן אין האָטעל פון מיכאַילאָווער קלויסטער, דאַכט זיך, אַז אין
№ 62, אונטערן נאָמען פון פּויער פּיאָטר רוסאַקאָוו, און הגם דער פּאַס איז
נישט געמעלדעט געוואָרן אין דער פּאָליציי, פונדעסטוועגן רעכנט ער, אַז אין
דעם האָטעל־בוך איז ער פאַרשריבן; פון קיעוו איז ער אָפּגעפאָרן דעם 29 אָדער
30־טן מערץ, אָבער וווהין ער איז קודם־כל געפאָרן האָלט ער נישט פאַר מעג־
לעך צו דערקלערן. וואָס שייך דעם מאַנוסקריפּט, וואָס איז געשריבן מיט בליי־

פעדער און הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „עס טרעפן זיך שווערע טעג, עס טרעפן זיך שווערע, פינסטערע יאָרן" (וואָס איז אָפּגענומען געוואָרן ביי מעלניקאָוון אין סאַראַטאָוו דעם 3־טן אַפּריל 1902־טן יאָר) דערקלערט ער, אַז ער געדענקט נישט ער זאָל ווען נישט איז האָבן געשריבן עפּעס ענלעכעס און צי ער האָט זיך געפונען אין יענע פּעקלעך, וועלכע זיינען געבליבן אין סאַראַטאָוו אויף דער גאַס, געדענקט ער נישט.

וואָס שייך די טעראָריסטישע מעשים פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע" פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק אינם אַטענטאַט אויפן כאַרקאָווער גובערנאַטאָר פירשט אָבאָלענסקי, זיינען לויט די דערקלערונגען פון פּאָמאַ קאַטשוראַ פעסטגעשטעלט געוואָרן פאָלגנדע פּרטים: זיצנדיק אין תפיסה האָט פּאָמאַ קאַטשוראַ דעם 15־טן יולי 1903־טן יאָר דערלאַנגט אַ מעלדונג וועגן זיין חרטה אויפן באַגאַנגענעם פאַרברעכן און אַז ער וויל דערציילן דעם אמת וועגן די סיבות, וואָס האָבן אים באַוויגן צו באַגיין דעם דאָזיקן פאַרברעכן. אויפן פאַרהער, וואָס איז צוליב דעם דורכגעפירט געוואָרן, האָט פּאָמאַ קאַטשוראַ דערקלערט: אין יעקאַטערינאָסלאַוו, ווו ער, קאַטשוראַ, האָט דאַן געוווינט אַלס אַרבעטער, האָבן אַרבעטער, דער עיקר יידן, איינגעאָרדנט אין אַפּריל 1901־טן יאָר אויפן יעקאַטערינאָסלאַווסקי פּראָספּעקט אַ דעמאָנסטראַציע צוליבן אַרבעטער־יום־טוב פון 1־טן מאַי; בעת די דאָזיקע אומרוען איז ער, קאַטשוראַ, געווען אויף דער גאַס, נישט נעמענדיק קיין אָנטייל אין דער דעמאָנסטראַציע; דאַן האָט ער צופעליק זיך צעשמועסט מיט איינעם אַ יידן, וועלכער האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן אַלס אַהרן ווייצנפעלד, וועגן די פאָרגעקומענע אומרוען און בכלל וועגן דער לאַגע פונם אַרבעטער־קלאַס, דערביי האָט ווייצנפעלד אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג נענטער זיך באַקענען מיט אים און אָפטער זיך צו טרעפן, און נאָכן דריטן צוזאַמענטרעף האָט אים ווייצנפעלד גענומען געבן צום לייענען פאַרשיידענע אומלעגאַלע אויסגאַבעס, דער עיקר פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, און צווישן אַנדערע זאַכן אויך „דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד", „מירמאָוום היסטאָרישע בריוו", „ווער פון וואָס עס לעבט", „איסקראַ", „דאָס אונטערערדישע רוסלאַנד", „פלוגבלעטלעך" פון יידישן בונד, די בראָשור „פרייהייט", כדי צו באַקענען זיך מיט דער פּראָגראַם פון דער „פּאַרטיי פּאָליטיש צו באַפרייען רוסלאַנד" און מיט איר באַזונדערער גרופּע — „די קאַמף־גרופּע". דאַן האָט אים ווייצנפעלד מיטגעטיילט, אַז ער, ווייצנפעלד, געהער צו דער „פּאַרטיי פּאָליטיש צו באַפרייען רוסלאַנד", וואָס האָט זיך פאַראייניקט, לויט זיינע ווערטער, מיט דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, און ער האָט מיך באַקענט מיט זיינע יידישע אידעאישע חברים אונטער די נעמען „זימאָן", „גרישקאַ" און „סאָפיאַ". נאָכן איבערלייענען די בראָשורן האָט ער מיט ווייצנפעלדן געפירט שמועסן וועגן טעראָר, בעת וועלכע ווייצנפעלד האָט אויפגעוויזן די נויטיקייט צו פירן אַ טעראָריסטישן קאַמף קעגן דער רעגירונג. אונטער דער ווירקונג פון די דאָזיקע שמועסן און פון דער דורכגעלייענטער אומלעגאַלער ליטעראַטור האָט זיך ביי אים, קאַטשוראַן, געשאַפן אַ פאַרשטעלונג, אַז אין די רעוואָלוציאָנערן האָט ער געפונען אמתע פריינט און אַז דער טעראָר איז אַ גערעכט מיטל פון קאַמף, וועגן וואָס ער האָט זיך איינמאָל אַרויס-

גערעדט פֿאַר וויצנפֿעלדן, אויסדריקנדיק דעם פֿאַרלאַנג צוצושטיין צו דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע" און נעמען אַן אוממיטלבאַרן אָנטייל אין די טעראָריסטישע אַקציעס. דערויף האָט אים וויצנפֿעלד דערקלערט, אַז ער גופֿא געהערט נישט צו דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, אים איז אָבער באַקאַנט, אַז איר צענטער געפֿינט זיך אין אויסלאַנד, און אָפּטיילונגען — אין קיעוו און פּעטערבורג, און אַז ער קאָן אָנווייזן אויף פּערזאָנען, וואָס געהערן צו איר, אין דער שטאָט קיעוו. אין פֿעברואַר פֿון 1902־טן יאָר האָט ער, קאַטשורא, באַשלאָסן אַוועקצופֿאָרן קיין קיעוו, כדי אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט די פֿאָרשטייער פֿון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע", און מיטן דאָזיקן ציל האָט אים וויצנפֿעלד געגעבן דעם אַדרעס פֿון אַ געוויסן סטודענט, פּאָפּאָוו, אַ מעדיקער, וועלכער האָט געוווינט מיט עפּעס אַ באָבען, וואָס איז געווען אַ מין קאַסירערין פֿון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע", און האָט אים אָנגעזאָגט צו זאָגן, אַז צו פּאָפּאָוון איז ער, קאַטשורא, געשיקט געוואָרן דורך אַהרן וויצנפֿעלדן. קומענדיק צו פֿאָרן קיין קיעוו פֿאַרן געלט (15 רובל), וואָס וויצנפֿעלד האָט אים געגעבן, האָט ער, קאַטשורא, נישט געפֿונען פּאָפּאָוון אויפֿן אָנגעוויזענעם אַדרעס, ווייל פּאָפּאָוו און די „באָבע" זיינען, לויט דעם סטרוזשס ווערטער, אַריבערגעפֿאָרן קיין נעזשין; וועגן דעם האָט ער תיכף אָנגעשריבן וויצנפֿעלדן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. היות ער האָט פֿון וויצנפֿעלדן נישט באַקומען קיין ענטפֿער, איז ער פֿאַרבליבן אין קיעוו און דאָרט אויסגעזוכט אַרבעט אין פֿאַרשיידענע ערטער, דערביי האָט ער זיך באַקענט מיט איינִיקע אַרבעטער, דער עיקר יידן, וועלכע האָבן געהערט, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, צום קיעווער קרייזל סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. דעם 20־טן אָדער דעם 21־טן אַפּריל 1902 האָט מען אים מיט נאָך עטלעכע פֿון די דערמאָנטע אַרבעטער אַרעסטירט, און דעם 20־טן מאַי פֿון זעלבן יאָר איז ער, קאַטשורא, באַפֿרייט געוואָרן פֿון אַרעסט און, פֿאַרבלייבנדיק אין קיעוו, ווידער גענומען אַרבעטן אין אַ מעבל־וואַרשטאַט. אומגעפֿער אין אַ חודש אַרום נאָך זיין באַפֿרייט ווערן, איז צו אים געקומען וויצנפֿעלד און געמאָלדן, אַז מען האָט אים „אַרומגעזוכט" און אַז כדי צו באַקענען זיך מיט די מיטגלידער פֿון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע" קאָן ער זיך זען מיט איינעם פֿון אירע מיטגלידער אָדער אין יעקאַטערינאָסלאַוו אָדער אין קיעוו, און אויפֿן פֿאַל, טאָמער וועט ער פֿאָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, האָט אים וויצנפֿעלד געגעבן 5 רובל. אין דער צייט, וואָס וויצנפֿעלד האָט באַשטימט, איז ער, קאַטשורא, אַוועק לויטן אָנגעוויזענעם אַדרעס אין קיעוו און האָט זיך געטראָפֿן מיט אַן אומבאַקאַנטן אינטעליגענטן הער, וועלכער האָט זיך געווענדעט צו אים מיט דער פֿראַגע: „איר זענט פּייזול"? (אונטערן דאָזיקן נאָמען איז קאַטשורא באַקאַנט געווען די קיעווער פּאַרטיי־מיטגלידער). נאָך זיין פּאָזיטיוון ענטפֿער, האָט דער אומבאַקאַנטער אים געפֿרעגט, צי ער וויל אַריינטרעטן אין דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע"; ווען קאַטשורא האָט אויסגעדריקט זיין הסכם, האָט ער צוגעגעבן, אַז ער וועט אים באַקענען מיט אַ מיטגליד פֿון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. מיטן דאָזיקן ציל דאַרף ער, קאַטשורא, צומאָרגנס, 10 אַ זייגער אינדערפֿרי, קומען אויפֿן ביביקאָווסקי בולוואַר און ביים סאַמע סוף זיינעם זיך ווענדן צו אַ הער, וואָס זיצט אויף אַ באַנק מיט אַ ווייס טיכל אין דער האַנט, מיט דער פֿראַגע: „וויפֿל איז דער זייגער?" און באַקומענדיק די תשובה „ס'איז צייט צו עסן מיטאָג", אים אי־

בּערגעבּן דאָס בּרעטעלע, וואָס מען גיט אים מיט. קומענדיק אין דער באַשטימטער צייט אויפן באַשטימטן אָרט, האָט קאַטשוראַ, נאָכן אויסטויש פון די אָפּגערעדטע ווערטער, איבּערגעגעבּן דעם הער דאָס בּרעטעלע, וועלכעס יענער האָט צוגעמאָסטן צו אַן ענלעכס, וואָס איז געלעגן בּיי אים אין קעשענע, און איבּערצייגנדיק זיך אין זייער אידענטישקייט, בּיידע באַהאַלטן אין קעשענע. דעם דאָזיקן הער דערקענט ער מיט זיכערקייט, לויט דער פאָרגעלייגטער פאָטאָגראַפיע, אַלס גריגאָרי גערשוני. מיט גערשונין איז ער תיכף אַוועק אין סוויאַטאָשינער וואַלד, ווו ער האָט געלויבּט דעם באַשלוס אַריינצוטרעטן אין די רייען פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע" און אים פאָרגעלייגט איינצואָרדענען אַ קאָנספּיראַטיווע דירה, געבּנדיק אים דערויף 50 רובּל. די צווייטע באַגעגעניש מיט גערשונין איז פאָרגעקומען אויפן צווייטן טאָג אין זעלבּן וואַלד, און דאַן האָט גערשוני מיטגעטיילט, אַז אין אָוונט האָט ער באַקומען די ידיעה וועגן באַשלוס פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע" צו טויטן דעם כאַרקאָווער גובּערנאַטאָר פירשט אָבּאָלענסקי פאַר זיינע גוואַלט־מעשים איבּער די פּויערים, און אַז גערשוני איז באַפולמעכטיקט פאָרצולייגן אים, קאַטשוראַן, ער זאָל אויספירן דעם דאָזיקן אורטייל. זעענדיק זיין, קאַטשוראַס, אומדעצידירטקייט, צוליבּ דעם, וואָס ער ווייס נישט קיין פּרטים פון פירשט אָבּאָלענסקיס מעשים, האָט גערשוני אין שטאַרקע אויסדרוקן גענומען שילדערן די אַכזריות און אומגערעכטיקייט פון דאָזיקן גובּערנאַטאָר, אויפווייזנדיק, אַז פירשט אָבּאָלענסקי איז אַ שעדלעכער פאָרשטייער פון דער רעגירונג. גערשונים רייד האָבּן אים שטאַרק געמוטיקט און ער איז מסכים געווען; גערשוני האָט אים דאַן געגעבּן נאָך 50 רובּל און באַפוילן אָפּצופאָרן קיין כאַרקאָוו און זיך באַגעגענען אויפן וואָקזאַל מיט אַ פּערזאָן, וואָס געהער צום „אויספיר־בּיוראָ" און וואָס האָט גענומען אויף זיך אויסצושפּיאָנירן די קרבּנות פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע". לויט דער אָנווייזונג פון דער דאָזיקער פּערזאָן, וואָלט ער, קאַטשוראַ, געוועזן באַדאַרפט פאָרן קיין פּעטערבּורג, אום דאָרט באַקומען „דעם אורטייל איבּער פירשט אָבּאָלענסקין", געווער און קליידונג. דאָס פאָרן קיין כאַרקאָוו איז מיט גערשונים הסכם באַשטימט געוואָרן אויפן 23־טן יוני; קומענדיק צופאָרן קיין כאַרקאָוו דעם 24־טן, האָט ער, קאַטשוראַ, די דערמאָנטע פּערזאָן נישט געפונען, אָבּער בּיים אַרויסגיין אויפן פּלאַץ האָט ער זיך באַגעגנט מיט גערשונין, וועלכער האָט דערקלערט, אַז פאָרן קיין פּעטערבּורג איז נישט נויטיק, ווייל מען האָט פון דאָרטן אָרויפגעשיקט אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע און דאָס „אויספיר־בּיוראָ" האָט אַלץ צוגעגרייט און עס בּלייבּט איבּער בּלויז צו קויפן געווער און קליידונג; גלייך אויפן אָרט האָט גערשוני געגעבּן נאָך 30 רובּל אויף צו קויפן אַ רעוואָלווער פון בּראַונינג־סיסטעם מיט 50 קוילן. דערבּיי האָט ער באַפוילן צו זאָגן, אויבּ מען וועט פאָדערן אַ באַשייניקונג, אַז מען דאַרף מאַכן אַ באַשטעלונג אויף עטלעכע בּיקסן, כדי זיי אָפּצושיקן אין דאָרף. קומענדיק אין געווער־געשעפט און צוזאָגנדיק צו מאַכן אַ גרויסע באַשטעלונג, האָט ער, קאַטשוראַ, אָן שום שוועריקייטן באַקומען אַ רעוואָלווער מיט 50 קוילן, וועלכע ער האָט איבּערגעגעבּן דעם אָפּוואַרטנדיקן גערשוני. דעם 26־טן יוני האָט ער זיך געטראָפן מיט גערשונין נאָענט פון דער סטאַציע דערגאַטשי, ווו גערשוני האָט דערקלערט, אַז ער, קאַטשוראַ, דאַרף אָנשרייבּן אַ בּריוו מיט אַ דערקלע־

רונג וועגן דער פּאַרשטייענדער דערמאָרדונג פון פירשט אַבאַלענסקי, אויפווייזנ־
דיק, אַז דאָס פאָלק און די אַרבעטער דאַרפן וויסן וועגן די מאָטיוון, וועלכע
האָבן אים געשטויסן דערצו. ווען ער, קאַטשוראַ, איז נאָך וואַקלענישן מסכים
געווען דערויף, האָט גערשוני אַרויסגעצויגן פון קעשענע פּאַפּיר, אַ טינטער
מיט אַ פּעדער, און גענומען דיקטירן אין זיין, קאַטשוראַס, נאָמען אַ בריוו,
בעטנדיק צו שרייבן וואָס קלאָרער, כדי זיין, קאַטשוראַס, מאַנוסקריפּט זאָל
מען דערנאָך קענען פאַרפילפאַכן (אַן ענלעכן פאָרשלאַג האָט גערשוני געמאַכט
אויך דעם באַשולדיקטן גריגאָריעוו, ווי עס איז אָנגעגעבן אויבן). דערקלערנדיק
דערנאָך, אַז דער אורטייל פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע” וועט פּאַרטיק זיין
דעם 28־טן יולי און אַז אויפן רעוואָלווער וועט געמאַכט ווערן אַן אויפשריפט
„פאַרן פאַרגאָסענעם פּויערישן בלוט”, „אַ טויט דעם צאַרישן תליון” און די
קוילן וועלן זיין פאַרסמט, — האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין כאַרקאָוו; לעם
דער געריכטס־געבײַדע האָט ער, קאַטשוראַ, באַמערקט, אַז צו גערשונין איז צו־
געקומען עפּעס אַ הער פון אַ יאָר 35, פון הויכן וווּקס, מיט אַ גרויסער, שוואַר־
צער באָרד. דעם 28־טן יולי, טרעפנדיק זיך ווידער אין וואַלד הינטער דער
סטאַציע דערגאַטשי, האָט גערשוני אים, קאַטשוראַן, מיטגעטיילט, אַז דער
פירשט אַבאָלענסקי איז געקומען צופאָרן אין שטאָט אַריין פון דער סטאַציע
וועסיאָלאַיאַ לאָפּאַן און אַז ער, קאַטשוראַ, קאָן אויספירן דעם אַטענטאַט אין
איינעם פון די גערטנער, ווו דער פירשט פלעגט באַזוכן די טעאַטערס, אָדער
ביים באַגעגענען אים אויף דער גאַס, און איבערגעבנדיק אים דעם אורטייל
פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע” מיט אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער, אין וועלכן
די ערשטע זעקס קוילן זיינען, לויט גערשונים רייד, געווען פאַרסמט, האָט ער
אים געעצהט זיך באַמיען צו טרעפן מיט דער ערשטער קויל, ווייל זי אַנט־
האַלט מער גיפט... ביים צעשיידן זיך האָט גערשוני אָפּגענומען ביי אים אַלע
איבעריקע זאַכן, אויך די אויטאָביאָגראַפיע און די קוויטאַנציע אויף אַ קויש,
וואָס איז געבליבן אויף היטונג אויפן וואָקזאַל. אין יענעם טאָג און צומאָרגנס
האָט ער, קאַטשוראַ, געהאַט די מעגלעכקייט אויסצופירן דעם פאַרטראַכטן
פּלאַן, אָבער ביידע מאָל האָט אים פאַרפעלט מוט; ענדלעך, דעם 29־טן אין
אָוונט, איז ער אַוועק אין גאָרטן „טיוואָלי”, האָפנדיק צו טרעפן דאָרט דעם
פירשט אַבאָלענסקי, אָבער גלייכצייטיק טראַכטנדיק, אַז אויך דאָסמאָל וועט
אפשר נישט זיין קיין געלעגנהייט אויסצופירן דעם אַטענטאַט. אָבער אין גאָרטן
האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף גערשונין, וועלכער האָט אים, ווייזט אויס,
נאָכגעשפּירט. זיך צוזעצנדיק מיט אים אויף אַ באַנק האָט גערשוני מיטגע־
טיילט, אַז פירשט אַבאָלענסקי געפינט זיך אין גאָרטן־טעאַטער, און אַז דער
איצטיקער מאָמענט איז דער באַקוועמסטער פאַרן מאָרד, וועלכער דאַרף אויס־
געפירט ווערן „איצט אָדער קיינמאָל נישט”.. ער, קאַטשוראַ, האָט געוואָלט פאַר־
רויכערן, גערשוני אָבער האָט אַרויסגעריסן ביי אים די פּאַפּיראָסניצע און די
פּאַפּיראָסן, און אין דעם מאָמענט האָט זיך גראָד באַוויזן פירשט אַבאָלענ־
סקי, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון טעאַטער געאָרעמט מיט עפּעס אַ דאַמע,
און האָט גענומען גיין אין דער ריכטונג, ווו ער מיט גערשונין זיינען געזעסן;
דער לעצטער איז ערגעץ־ווו פאַרשוווּנדן, און פירשט אַבאָלענסקי האָט זיך
אומגעקערט צוריק, נישט דערגייענדיק צו אים, קאַטשוראַן. נאָכגייענדיק דעם

פירשט מיט אַן אַרויסגענומענעם רעוואָלווער, האָט ער, קאַטשוראַ, נישט גע־
וואָלט שיסן פון הינטן און גענומען אָפּוואַרטן אַ מאָמענט, ווען דער פירשט
וועט זיך אויסדרייען צו אים מיטן פּנים; דער דאָזיקער מאָמענט איז געקו־
מען לעם טעאַטער, ווו דער גובערנאַטאָר איז געבליבן שטיין זעקס טריט פון
אים, קאַטשוראַן, און היות אין דאָזיקן מאָמענט האָט זיך באַוויזן צווישן זיי
עפּעס אַ הער, האָט ער געמאַכט עטלעכע טריט רעכטס און צילעווענדיק דעם
פירשט אין האַלז אַריין — אויסגעשאָסן. דאָ האָט עמעץ אים, קאַטשוראַן, אָנ־
געכאַפּט ביי די אַקסלען, און דער פּאָליציאַנט האָט אים אומגעוואָרפן אויף
דער ערד; עס איז אויסגעבראָכן אַ קאַמף, בעת וועלכן עס זיינען געמאַכט גע־
וואָרן צופעליק נאָך עטלעכע שאָסן (ווייל ער האָט דעם רעוואָלווער נישט אַרויס־
געלאָזן פון דער האַנט), און דורך איינעם פון זיי איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אויך
דער כאַרקאָווער פּאָליצמייסטער. ער, קאַטשוראַ, האָט נישט געוווּסט נישט גער־
שונים פאַמיליע און נישט זיין אַדרעס, ווייל גערשוני אַליין האָט וועגן דעם קיינ־
מאָל נישט גערעדט, און זען פלעגט ער זיך מיט אים בלויז אין וואַלד אָדער
אויף דער גאַס. ווי קאַטשוראַ דערקלערט אין זיין מעלדונג, האָט אים גערשוני
נאָך עטלעכע באַגעגענישן אין קיעוו, אויפן בולוואַר, אין וואַלד און אויף דער
גאַס, — אַזוי אונטערגעוואָרפן צו זיין ווילן, אַז ער האָט אָנגעהויבן בלינד צו
גלויבן, אַז דער מאָרד פון פירשט אָבאָלענסקי איז אַ פאַרדינסט לגבי דער גע־
זעלשאַפט; פונדעסטוועגן, גוט באַטראַכטנדיק, וואָס ער גייט טאָן, וואָלט ער זי־
כער נישט אויסגעפירט דעם מאָרד, ווען ער וואָלט אין כאַרקאָוו ווידער נישט
געטראָפן גערשונין, וועלכער האָט אומבאַדינגט געפאָדערט אים אויסצופירן.

די אויבנגעבראַכטע דערקלערונגען פון פאָמאַ קאַטשוראַ זיינען אין אַלגע־
מיין באַשטעטיקט געוואָרן אויך דורך דער אויספאָרשונג אין שייכות מיטן
אויבנדערמאָנטן אַטענטאַט פון 29־טן יולי. אַזוי איז פעסטגעשטעלט געוואָרן
דורך די דערקלערונגען פון די עדות שפּיגלאָוו און דודולאַט, אַז קאַטשוראַ האָט
זיך אין דערמאָנטן אָוונט ווירקלעך געפונען אין גאָרטן „טיוואָלי" אין דער
געזעלשאַפט נישט נאָר פון איינעם, נאָר פון צוויי אומבאַקאַנטע מענער און איין
פרוי פון אַ יאָר 25; אַביסל פריער, נעמלעך דעם 27־טן יולי, האָט עפּעס
אַ פרוי געגעבן דעם שליח פּאָדדובקאַ אַ בריוו פאַרן גובערנאַטאָר, ווו דער גו־
בערנאַטאָר איז איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ ראַנדעוווּ אין טעאַטער „טיוואָ־
לי"; דער בריוו איז פּאַרפומירט געווען מיט אַ פּאַרפום, וואָס איז לויטן גערוך
אידענטיש מיטן פּאַרפום, וואָס מען האָט געפונען אין יענעם צימער פון האָ־
טעל, ווו קאַטשוראַ איז איינגעשטאַנען. אין בוזים־קעשענע פון פּאַלטן האָט מען
געפונען אַ קאָנווערט פון גרויסן פאָרמאַט מיט אַן אויפשריפט אויף אַ שרייב־
מאַשין: „דער אורטייל איבערן כאַרקאָווער גובערנאַטאָר פירשט אָבאָלענסקי",
„קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן" און אַ רוי־
טער אָפּדרוק פון שטעמפּל פון דער זעלבער פּאַרטיי; אין קאָנווערט איז געלעגן
דער אויבנדערמאָנטער אורטייל איז נאָמען פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער
פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן...

צוגעצויגן, אין שייכות מיט קאַטשוראַס דערקלערונג, אַלס באַשולדיקטער
אין געהערן צו דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע" פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רע־
וואָלוציאָנערן און אין אָנרעדן פאָמאַ קאַטשוראַן אויסצופירן טעראָריסטישע

אקטן, האָט דער זשיטאָמירער בירגער אהרן ווייצנפעלד זיך אָפּגעזאָגט צו געבן וועלכע איז נישט דערקלערונגען, ווי אויך אונטערצושרייבן דעם פּראָטאָקאָל, וואָס איז אין שייכות דערמיט צונויפגעשטעלט געוואָרן.

א ווייטערער טעראָריסטישער אַקט פון דער „קאַמף־אָרגאַניזאַציע" פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן איז געווען דער מאָרד פון אופימער גובערנאַטאָר, דעם ווירקלעכן מלוכה־ראַטגעבער באָגדאַנאָוויטש. דעם 6־טן מאַי 1902־טן יאָר איז אין דער שטאָט אופאַ, אין שטאָט־גאָרטן, געפאַלן אַלס קרבן פון עטלעכע שאָסן דער אופימער גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש; געשאָסן האָבן אומבאַקאַנטע אַטענטעטער, וועלכע האָבן באַוויזן פאַרשווינדן צו ווערן. אויפן אָרט פון מאָרד איז געפונען געוואָרן אַן „אורטייל פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן" פון פאָלגנדן אינהאַלט: „דער־פילנדיק דעם בירגערלעכן חוב, וואָס ליגט אויף איר, באַטראַכט זיך די קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן געצוווּנגען צו פאַראור־טיילן צום טויט דעם שולדיקן אין די חיהשע עקזעקוציעס איבער די זלאַטאָ־אוסטער אַרבעטער, דעם אופימער גובערנאַטאָר נ. מ. באָגדאַנאָוויטש. אויסצו־פירן דעם אורטייל ווערט איבערגעגעבן די מיטגלידער פון דער „קאַמף־אָרגאַני־זאַציע". 27 מערץ 1903־טן יאָר, ס. פּעטערבורג". אין א וואָך אַרום, נעמלעך דעם 13 מאַי, איז אין קיעוו אויף דער סטאַציע לעבעד, פון דער שטאָטישער אייזנבאַן, אַרעסטירט געוואָרן, לויט דער אָנווייזונג פון אַגענטן, דער לאַנג־אַרומגעזוכטער באַשולדיקטער גריגאָרי גערשוני. ביים אַרעסט האָט מען געפו־נען ביי אים עטלעכע מאַנוסקריפּטן פון פאַרשיידענעם מין, פּראָקלאַמאַציעס און אויפרופן, געלט אין סכום פון 614 רובל מיט 73 קאָפּ., ווי אויך א באַנקנאָט פון 500 פראַנק און פּאָסטמאַרקעס. ביים דורכקוקן די ביי גערשונין געפונענע מאַנוסקריפּטן, האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאָלגנדעס: 1) א נישט פאַרענדיקטער ערשטער נוסח פון א פּראָקלאַמאַציע, געשריבן מיט בלייפעדער אויף א פּערטע־לע ווייס שרייב־פּאַפּיר, מיט פאָלגנדן אינהאַלט: „מען בעט איבערדרוקן. די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן". „אין קאַמף וועסטו דעראָבערן דיין רעכט". „צום גאַנצן באַוווסטזיניקן און אַרבעטנדיקן רוסלאַנד". „עס איז גע־שען דאָס, וואָס אַלע האָבן מיט ציטער דערוואַרט". „עס איז געשען דאָס, וואָס האָט געמוזט געשען. לויטן באַשלוס פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן איז דעם 6־טן מאַי אין דער שטאָט אופאַ דערהרגעט געוואָרן דער שולדיקער פון דער מערדערלעכער שחיטה איבער די זלאַטאָאוסטער אַרבעטער, דער אופימער גובערנאַטאָר נ. מ. באָגדאַנאָוויטש. ער איז דערהרגעט געוואָרן אינמיטן העלן טאָג אין שטאָט־פּאַרק, אויף די אויגן פון א גרויסן עולם, דורך ניין קוילן פון רעוואָלוציאָנערן, מיטגלידער פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון אונזער פּאַרטיי. אויספירנדיק העלדיש, מיט מסירת־נפש די הייליקע מיסיע, וועלכע זיי האָבן גענומען אויף זיך, פאַרניכטנדיק דעם תליין פון פאָלק, האָבן די קעמפער דערלאַנגט דער צארישער מאַכט א צווייטן, נישט קיין קלענערן קלאַפּ, האָבן זיך אַרויסגעריסן פון אירע הענט און זיינען בשלום אַנטקומען. א גרוס אייך, מוטיקע קעמפער, פון דער פּאַרטיי, וועלכע נעמט אייך ווידער אויף אין אירע רייען מיט פרייד, אייך, די אַנטקומענע פון דער תליה. די פרייד פון דער פּאַרטיי וועלן טיילן די אַלע, וועמען עס איז טייער

די זאַך פון דער רוסישער רעוואָלוציע''. דערנאָך ווערט געשילדערט דאָס בילד,
ווי מען אונטערדריקט די זלאַטאָאוסטער אַרבעטער און פאַרענדיקט זיך מיט די
ווערטער: „מיר וועלן אַריינקוקן אין דער נשמה''; 2) אַ מאַנוסקריפּט, געשריבן
מיט דער זעלבער האַנטשריפט, מיט אַ בלויען בלייפעדער, אויף די ערשטע צוויי
זייטלעך פון אַ בויגעלע פּאָסט־פּאַפּיר פון קליינעם פאָרמאַט; ער הויבט זיך אָן
אַזוי: „דער זעקסטער מאַי וועט אויף לאַנג פאַרבלייבן אין זכרון פון די אור־
פימער איינוווינער. אין יענעם טאָג האָט די צאַרישע מאַכט געיום־טובט'', און
נאָכן באַשרייבן די קירכלעכע פייערונג, ווערט ווייטער געזאָגט: „12 אַ זייגער
האָט די צאַרישע מאַכט אין אופאַ טריאומפירט. די איראָניע פון גורל. די מי־
נוטן פון צאַרס גליקלעכן פאָרשטייער זיינען שוין געווען געציילטע. אויף די
אויגן פון אַ גרויסן עולם ווערט 4 אַ זייגער בייטאָג געוואָרפן צום גובערנאַ־
טאָרס פיס אַ פּאַקעט, און דערנאָך קנאַלן איינער נאָכן צווייטן 6 (אָדער 5) שאָסן.
דער גובערנאַטאָר ציט זיך אויס אויף דר'ערד. נעמענדיק אין אַכט די פאַלן,
ווען צאַרישע קנעכט פלעגן פאַלן נישט דורכגעלעכערט דורך אַ קויל, נאָר
פון שרעק, צילט דער שיסער די לעצטע קויל דעם תליון אין האַרצן. אויסגע־
פירט זיין אויפגאַבע, פאַרשווינדט דער שיסנדיקער מיטגליד פון דער „קאַמף־
אָרגאַניזאַציע''... „די שטימונג איז אַ געהויבענע, ביי אַלע, וועלכע האָבן פאַר־
שטאַנען און געפילט די באַדייטונג פון די זלאַטאָאוסטער גרויזאַמקייטן, האָט
זיך אַרויסגעריסן אַ זיפץ פון פאַרלייכטערונג: „גאָט צו דאַנקען, ס'איז זיי נישט
געשאָנקען געוואָרן'' — הערט מען אין די פאַרשיידנסטע קרייזן. די פאַרלוירנ־
קייט פון דער מאַכט איז אַזוי גרויס, אַז זי קאָן זיך דערווייל נישט אַנטשליסן
מיטצוטיילן אין די צייטונגען. ווען מיר שרייבן די דאָזיקע שורות, דעם 6־טן
אין אָוונט, געפינט זיך דער אַנטלאָפענער אין אַ זיכערן אָרט, הגם די געפאַר
איז נאָך נישט אַריבער. אופאַ איז אַ קליינע שטאָט, די פאַרקער־מיטלען שלעכ־
טע און ס'איז זייער שווער זיך אַרויסקריגן פון דאַנען''. דערמיט פאַרענדיקט
זיך די פּראָקלאַמאַציע... 5) צוויי גרויסע בויגנס דינעם, דורכזיכטיקן וואַקס־
פאַפּיר, אויף איין זייט פון יעדן פון זיי איז אָפּגעקלאַפּט מיט בלויען כעמישן
בלייפעדער, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן דורך קאַלקע, דער געשריבענער טעקסט
פון אויפרוף: „צום באַוווסטזיניקן און אַרבעטנדיקן רוסלאַנד''. דער אָנהויב
פון דאָזיקן אויפרוף איז אידענטיש מיט דער פּראָקלאַמאַציע, וועגן וועלכער
עס רעדט זיך אין פּונקט 1... ווייטער גייט (וואָס עס איז נישט געווען אין דער
ערשטער פּראָקלאַמאַציע) פאָלגנדעס: „טרויעריק און אָפּהענטיק שטייען טויזנטער
אַרבעטער ביי זייערע וואַרשטאַטן. אין קאָפּ איז אַ כאַאָס, אין דער נשמה—
יאוש. סיי די געדאַנקען, סיי די געפילן האָט ווי אַ וויכער פאַנאַנדערגעטראָגן.
נישט קיין אַרבעטער — לעבעדיקע מתים שטייען ביי די וואַרשטאַטן''. דער־
נאָך ווערט געשילדערט אַ בילד, ווי די אַרבעטער, איבערגעלאָזן אויפן אייגענעם
באַראָט, זיינען פאַרצווייפלט, זיי וואַרטן אויף שטראָף און זיינען פאַרלאָזן דורך
זייערע ברידער, און אַלס ענטפער דערויף ווערט געזאָגט: „ניין, חברים, איר
זענט נישט איינזאַם. עס וועלן אונז נישט אָפּוועגדן פון אונזער וועג נישט די
פּאַרטיי־דאָגמאַטיקער, נישט די רעזאָניערן. פּונקט ווי איר, האָבן מיר אויך גע־
פילט און באַגריפן, אַז נישט ענטפערן די פּאַרגוואַלטיקער הייסט אָפּגעבן זיי,
אַלס רויב, דאָס אַרבעטער־פאָלק. און אויב עס זיינען נישטאָ קיין שום מיטלען

פון אַ ווירדיקן ענטפער, איז... (פינטעלעך אין אָריגינאַל). ניין, חברים, איר זענט נישט איינזאַם. זעט: אייער תליון, וואָס דער צאַר האָט אים באַשאָטן מיט חסדים, ליגט אין שמוץ, דורכגעלעכערט דורך קוילן פון רעוואָלוציאָנערן... אַזוי האָט געענטפערט די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן אויף די גרויזאַמקייטן און גוואַלט־מעשים אין זלאַטאָאוסט. גערענקט אָבער, חברים, נישט נ. מ. באָג־דאַנאָוויטש איז דערהרגעט געוואָרן לויטן אורטייל פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. אים קענען מיר נישט און ער גייט אונז נישט אָן. מיר האָבן געהאַט פאַר זיך אַ פאָרשטייער פון דער זעלבסטהערשערישער מאַכט, וועלכער איז באַגאַנגען, אין די פּערזאָנען פון אייערע אומגעקומענע חברים, אַ גרויזאַמען גוואַלט־אַקט איבערן אַרבעטס־פאָלק, וואָס קעמפט פאַר זיין באַפרייאונג. און אונזער ענטפער איז דערלאַנגט געוואָרן דער דאָזיקער זעלבסטהערשערישער מאַכט אין דער פּערזאָן פון אופימער גובערנאַטאָר". ענדיקנדיק דעם אויפרוף, שרייט אויס דער מחבר: „פאָראויס, חברים, פאַר דער גרויסער זאַך צו באַפרייען רוסלאַנד פון אונטערדריקונג און רעכטלאָזיקייט, פאַר אַלגעמיינער פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט. דרייסטער צום קאַמף מיט דער צאַרישער הפקרות און געוואַלט. און יעדער איינער אויף זיין אָרט. יעדער אויף זיין פּאָסטן. אַ רעוואָלוציאָנער בוך, דאָס לעבעדיקע וואָרט, אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע און דער רעוואָלווער אין די הענט פון איינצלנע קעמפער, — אַלץ איז גלייך חשוב, ווען אַלץ קלאַפּט אין איין פּונקט, אין דער פינסטערער וואַנט פון דער צאַרישער זעלבסטהער־שאַפט. זאָל לעבן די פּאָליטישע פרייהייט. זאָל לעבן דאָס קעמפנדע, אַרבעטנדי־קע רוסלאַנד. זאָל לעבן דער סאָציאַליזם"...

נאָכן פאַרגלייכן די אויסגערעכנטע מאַנוסקריפּטן מיט גריגאָרי גערשונים אומצווייפלהאַפטער האַנטשריפט, זיינען די עקספּערטן געקומען צו דער איינ־שטימיקער און פעסטער איבערצייגונג, אַז די מאַנוסקריפּטן, וואָס ווערן אויס־גערעכנט אין די פּונקטן איינס, צוויי און דריי, זיינען געשריבן מיט גערשונים האַנטשריפט...

ביים פאַרגלייכן דעם טעקסט פון מאַנוסקריפּט, וועלכן מען האָט אָפּגענו־מען ביי גערשונין (פּונקטן 2 און 3), וואָס הויבט זיך אָן: „דער זעקסטער מאַי וועט אויף לאַנג פאַרבלייבן אין זכרון פון די אופימער איינוווינער" מיטן אינ־האַלט פון אַרטיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין № 25 פון זשורנאַל „רעוואָלו־ציאָננאַיאַ ראָסיאַ" פון 1־טן יוני 1903־טן יאָר, ווייזט זיך אַרויס פאָלגנדעס: דער דאָזיקער אַרטיקל געפינט זיך אין דער אָפּטיילונג: „פון געזעלשאַפטלעכן לעבן" און הויבט זיך אָן אַזוי: „אופאַ, 7־טער מאַי. דער זעקסטער מאַי וועט אויף לאַנג פאַרבלייבן אין זכרון פון די אופימער איינוווינער", און דערנאָך איז ער, לויט זיין אינהאַלט, נישט עפּעס אַנדרעש, ווי גערשונים מאַנוסקריפּט, מיט איניקע רעדאַקציאָנעלע ענדערונגען ביים אָפּדרוקן אים...

אַ חוץ די געבראַכטע פּראָקלאַמאַציעס געפינען זיך אין „רעוואָלוציאָננאַ־יאַ ראָסיאַ" נאָך איניקע פון זעלבן אינהאַלט וועגן דער זעלבער געשעעניש פון 6־טן מאַי. דער ס. פּעטערבורגער קאָמיטעט, למשל, גיט צו, מעלדנדיק וועגן דער דערמאָרדונג פון גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש: „און אַזוי וועט זיין מיט יעדן פאַרברעכער קעגן פאָלק. דער צופאַל האָט געראַטעוועט אָבאָלענסקין, ער האָט אָבער נישט געראַטעוועט נישט סיפּיאַגינען, נישט באָגדאַנאָוויטשן. באָג־

דאַנאָוויטש איז נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער. מיר וועלן נישט אַוועקלייגן דאָס געווער, ביז די רעגירונג וועט עס נישט אַוועקלייגן פאַר די פאָדערונגען פון פאָלקס באַוווסטזיין, וועלכעס זאָגט זיך אָפּ צו שלעפּן ווייטער דעם יאָך פון דער זעלבסטהערשערישער הפקרות". דער סמאָלענסקער קאָמיטעט גיט צו: „אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשאַפט איז די ערשטע אויפגאַבע פון רעוואָלוציאָנערן" און פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט. זאָל לעבן די פרייהייט". די פּאָלטאַווער גרופּע פון די ס. ר. רופט אויס צום סוף: „כבוד די העלדן פון 6־טן מאַי. כבוד די מוטיקע קעמפער פאַר פרייהייט. נידער מיט דער הפקרות. נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט". צולעצט, אין דער פּראָקלאַמאַציע פון דער גרופּע סאָצ.־רעוו. אין קרים ווערט געזאָגט: „נאָך באַלמאַשאָוון, לעקערטן, קאַטשוראַן זיינען געקומען העלדן, וועלכע מיר קענען נישט מיט די נעמען, און געטויט באָגדאַנאָוויטשן", און דערנאָך ווערט געזאָגט: „עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכער קאַמף, אין אים, נאָר אין אים, וועלן מיר דעראָבערן אונזער רעכט אויף גליק, אויף ליכט און פרייהייט, און כדי צו דערשלאָגן זיך צום דאָזיקן רעכט, האָט די פּאַרטיי סאָצ.־רעוו. זיך אַנטשלאָסן אויף אַלע מיטלען, ביז די סאַמע שרעקלעכע און אַנטשיידנסטע. נידער מיטן צאַר. פאַרשאָלטן זאָלן זיין די צאַרישע תלינים און די פאָלקסאונטערדריקער. זאָלן לעבן די קעמפער פאַרן גליק און דער פרייהייט פון פאָלק. זאָל לעבן די פּאָליטישע פרייהייט. זאָל לעבן דער סאָציאַליזם".

אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע מאַנוסקריפּטן און זאַכן האָט מען ביי גערשונין, ביים אַרעסטירן אים דעם 13 מאַי, אָפּגענומען נאָך עטלעכע שטיקלעך פּאַפּיר מיט פאַרשיידענע נאָטיצן און שיפר־צייכנס, ווי אויך אַ רעוואָלווער פון בראַונינג־סיסטעם מיט אַכט שאַרפע קוילן. ביים באַטראַכטן דעם בראַונינג און די קוילן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קאַנאַל פון דער רעוואָלווער־לופע איז אויסגעשמירט מיט שפּעס, און היות ער איז פאַרלאָפן, דאַרף מען אָננעמען, אַז פון רעוואָלווער האָט מען געשאָסן, אָבער ווען קאָן מען נישט פעסטשטעלן, אויף די קוילן איז נישטאָ קיין סם.

ווען מען האָט גריגאָרי גערשונין געוויזן די אויבנדערמאָנטע ווילהעלמינאַ געלין (געבוירענע קאַרלסאָן), דעם באַשולדיקטן גריגאָריעוו און יוליאַ יורקאָווסקאַיאַ, האָבן די דערמאָנטע פּערזאָנען דערקענט אין גערשונין: קאַרלסאָן אַ פולשטענדיקע ענלעכקייט מיט יענער פּערזאָן, וואָס איז סוף מערץ 1902 איינגעשטאַנען אין צימער № 9 פון האָטעל „סאָסיעטע" אין דער שטאָט וויבאָרג אונטער דער פאַמיליע „ברענטאָוו"; גריגאָריעוו האָט קאַטעגאָריש דערקענט יענע פּערזאָן, וועגן וועלכער ער האָט דערמאָנט אין זיינע דערקלערונגען אונטערן נאָמען „פּיאָדאָר פּעטראָוויטש" און וועלכע ער האָט נאָך פריער דערקענט לויט דער פאָטאָגראַפיע. די זעלבע פּערזאָן פלעגט אים רעמיאַנניקאָווא באַצייכענען אַלס „דמיטרי ניקאָלאַיעוויטש"; יורקאָווסקאַיאַ האָט געפונען אַן ענלעכקייט מיט יענעם „פּיאָדאָר פּעטראָוויטש", וועגן וועלכן זי האָט גערעדט אין אירע דערקלערונגען. צוגעצויגן אַלס באַשולדיקטער, האָט גריגאָרי גערשוני דערקלערט, אַז ער וועט אויף קיין שום פראַגן בנוגע דער באַשולדיקונג נישט ענטפערן, דערביי האָט ער פון אָנהויב אויך זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן דעם פּראָטאָקאָל...

אויפן סמך פון אויבנגעזאָגטן ווערן הערש גערשוני, 33 יאָר, מיכאַאיל מעלניקאָוו, 26 י., אַהרן ווייצנפעלד, 24 י., יעווגעני גריגאָריעוו, 25 י., און ליוד־מילאַ רעמיאַנניקאָוואַ, 37 י., באַשולדיקט אין דעם, אַז זיי זיינען אַריינגעטראָטן אין דער פאַרברעכערישער געזעלשאַפט, וואָס רופט זיך „פּאַרטיי פון סאָציאַ־ליסטן־רעוואָלוציאָנערן", שטרעבט אַראָפּצוואַרפן די אין רוסלאַנד עקזיסטירנ־דע רעגירונגס־פאָרם און די זעלבסטהערשאַפט מיט דער הילף פון אויפהעצן די פויערים, אַרבעטער און די שטודירנדיקע צו מאַסן־אומרועןֹ, ווי אויך מיט דער הילף פון געוואַלט, בונט און אויפשטאַנד; אַז זיי זיינען צוגעטראָטן צו יע־נער גרופּע פון דער דערמאָנטער געזעלשאַפט, וואָס האָט גענומען אויף זיך, אונטערן נאָמען „קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָצ.־רעוו.", אויסצו־פירן מאָרדן איבער העכערע באַאַמטע פון דער רעגירונגס־מאַכט אין רוסלאַנד, וועמעס טעטיקייט עס האָט צום מערסטן געשטערט דאָס דערגרייכן די פאַרברעכ־ערישע צילן פון דער דערמאָנטער געזעלשאַפט, ווי אויך טויטן פּערזאָנען, וועל־כע האָבן אָנגענומען די נויטיקע מיטלען, כדי אַ סוף מאַכן צו די אומרועןֹ צווישן די פויערים און אַרבעטער, וואָס זיינען אויסגעבראָכן אין פאַרשיידענע ערטער אין רוסלאַנד...

דער באַשולדיקונגס־אַקט איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין דער שטאָט ס. פּעטערבורג, דעם 17־טן יאַנואַר 1904־טן יאָר.

כדי צו פארמיידן מיספארשטענדענישן, האלט איך פאר נויטיק קודם־כל אויפצוקלערן די פאזיציע, אויף וועלכער איך וועל שטיין. אויף אייער פראגע, אויב איך בין זיך מודה אין מיין שולד לויט דער פארגעבראכטער אנקלאגע, קען איך גארנישט ענטפערן, ווייל דא קען בכלל נישט זיין קיין רייד וועגן שולדיקייט: ווי יעדער כלל־טוער, וואס ווערט געפירט אין זיינע מעשים נישט פון פערזענלעכע מאטיוון, נאר פון זיינע פליכטן פארן כלל און פון די אינטערעסן פון אלגעמיינעם וווילזיין, האלט איך מיין טעטיקייט פאר א בירגערלעכע פליכט און נישט פאר א פארברעכן. פונקט אזוי זע איך נישט, ווי אזוי איך קען ענטפערן אויף דער פראגע, אויב איך בין זיך מודה אין דער פאקטישער זייט פון די מעשים, וואס איר שרייבט מיר צו. עס איז שווער צו ענטפערן דערפאר, ווייל ביי דעם גאנץ־אייגנארטיקן אופן, ווי עס פירן זיך פאליטישע פראצעסן אין רוסלאנד, בלייבט אונז איבער בלויז איינס: כדי נישט צו ווערן קיין מיטבאטייליקטע אין דער יורידישער קאמעדיע, וואס די זשאנדארמען ארדענען איין אין דער פארם פון אן ערשטער אונטערזוכונג, און כדי אויסצודריקן אונזער פראטעסט קעגן אט דער קאמעדיע, בלייבט אונז איבער בלויז אפצוזאגן זיך פון געבן דערקלערונגען — און דאס האב איך געטאן. די געריכטס־אויספארשונג דא אין „געריכט” גופא איז אויך נישט מער ווי אן איבערגעחזרטע זשאנדארמישע אונטערזוכונג. פאקטיש האבן מיר נישט קיין מעגלעכקייט ארויסצוברענגען די אמתע גרונטלאגע פון גאנצן ענין צוליב דער פשוטער סיבה, וואס ווי ווילד און אומזיניק די אינסינואציעס און מסירות זאלן נישט זיין, קענען מיר זיי גארנישט אנטקעגנשטעלן: רופן אהער אונזערן אן עדות מיינט, איבערגעבן אים אין די הענט פון די זשאנדארמען. דעריבער טאקע זיינען פון די 49 עדות, וואס זיינען ארויסגערופן געווארן צום פראצעס, אלע 49 גערופן געווארן פון דער באשולדיקונג, און פון אונזער זייט — קיין איינער נישט. דאס איז ערשטנס. צווייטנס — און דאס איז דער עיקר — משפט מען אונז אין אן אויסערארדנטלעכן געריכט, לויט אויסערארדנטלעכע געזעצן. די גאנצע פראצעדור

איז פאַר דער מאַכט נישט מער ווי אַ נויטיקע פאָרמאַליטעט, און דער אויס־
גאַנג אירער איז פון פאָראויס באַשטימט און באַשלאָסן. אַזאַ סיסטעם פון גע־
ריכט איז זייער באַקוועם אין פּרט פון שנעלקייט, איינפאַכקייט און זיכערקייט
מיטן אורטייל אין גייסט, וואָס די אַדמיניסטראַציע דאַרף האָבן. אָבער וואָס
פאַר אַ מאָראַלישע באַדייטונג קען אַזאַ געריכט און אַזאַ אורטייל האָבן פאַר
אונז? קיין באַדייטונג נישט. ווי פּאָליטישע טוער וואָלטן מיר מיט גרויס
ציטערניש דערוואַרט אַן אורטייל פון אַן אמתן געריכט — פון ריכטער, פאַר־
שטייער פון געזעלשאַפטלעכן געוויסן. אָבער ביי די איצטיקע באַדינגונגען זיי־
נען דאָ נישטאָ נישט קיין ריכטער און נישט קיין אַנגעקלאָגטע. דאָ זיינען
פאַרשטייער פון צוויי געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען: מיר — פון האָרעפּאַשנעם
פאָלק, וואָס ראַנגלט זיך פאַר זיינע רעכט, קעגנער פון דער איצטיקער סאָציאַ־
לער און פּאָליטישער אָרדענונג; איר — שיצער פון אָט דער אָרדענונג. דאָ איז
די פיזישע מאַכט אויף אייער זייט און אייער ,,נצחון" איז פאַרזיכערט. און
אויב איך שטיי דאָך פאַר אייך און רעד, איז עס נישט מיט דער כונה צו פאַר־
טיידיקן זיך, נאָר כדי כאָטש וויפל נישט איז אַרונטערצורייסן דעם שלייער,
מיט וועלכן די רעגירונג פאַרדעקט אַזוי שטאַרק דאָס ליידנדיקע רוסלאַנד; כדי
אָפּן אויפצודעקן פאַר אייך דעם תוך פון קאַמף, וואָס שפּילט זיך דאָ אָפּ.

איך ווייס, איך וועט נישט זיין אַנגענעם מיך אויסצוהערן. אויב אָבער
איר געפינט אין זיך גענוג מוט צו שיקן מענטשן אויף דער תליה, האָט אויך
דעם מוט זיי אויסצוהערן. יעדנפאַלס איז דאָך לייכטער אייך צו הערן, איידער
אונז צו רעדן ביי דער אייז־קאַלטער גלייכגילטיקייט און פיינטלעכקייט, וואָס
רינגלען אונז דאָ אַרום.

אין איר באַשולדיקונגס־אַקט האָט די מאַכט — ווי דער שטייגער איז אין
פּאָליטישע פּראָצעסן, — פאַרגעשטעלט דעם ענין אויף זייער אַן אָריגינעלן
אופן. פאַר איר איז אַלץ קלאָר, פשוט און באַוויזן. און די וויכטיקסטע באַווייזן
זיינען — פאַרשטייט זיך — די מסירות פון די פאַררעטער. איך וועל זיך אויף
דעם נישט אָפּשטעלן. קיין פּראָצעס גייט נישט דורך אָן דער דאָזיקער מכה:
דער מסור לעבט! ווען מענטשן זיינען גרייט זיך צו ראַטעווען פאַר יעדן פּרייז,
פליען זיי האַסטיק באַרג אַרונטער, און די דינסטפאַרטיקע האַנט פון די זשאַנ־
דאַרמען און זייערע פּראָקוראָרן פאַרגרינגערט זיי זייער פאַלן. אָבער זיי מעגן
זיין רואיק: איך וועל נישט אַרויסרייסן ביי זיי דאָס שטרויעלע, פאַר וועלכן זיי
כאַפּן זיך אָן, כאָטש זיי האָבן עס אויסגעוועבט פון שקר און שמוץ. די זשאַנ־
דאַרמען, משמעות, וואַרטן אויף דעם, אַז מיר זאָלן נעמען אָפּלייקענען אָט די
עדות־זאָגעריי און דערמיט אַנטפּלעקן דאָס, וואָס פאַר זיי איז נאָך געבליבן
פאַרהוילט. אומזיסט: מיר זיינען נישט אַזוי נאַאיוו. ערלעכע מענטשן ווייסן
דעם ווערט פון די מסירות, און אַנדערע גייען אונז נישט אָן. און פאַר רעוואָלו־
ציאָנערן זאָל דאָס זיין אַן אָנלערנונג, ווי שטייף מען דאַרף זיך פאַרהאַרטעווען
קעגן די זשאַנדאַרמישע קאָפּ־שטיק. קאַטשוראַ האָט בראַוו באַגעגנט אי דעם
טויט־אורטייל, אי דאָס קנאַפּע יאָר תפיסה אין שליסלבורג, אָבער סוף־כל־סוף
איז ער דאָך אַריינגעפאַלן אין דער פאַררעטערישער פּאַסטקע פון די זשאַנדאַר־
מען, און אַריינפאַלנדיק, איז ער געוואָרן אַ שפּילעכל אין זייערע הענט.

איך וועל זיך דעריבער נישט אָפּשטעלן נישט קלאָר צו מאַכן די פּאַקטישע זייט און נישט אָפּצולייקענען די ליגנערישע מסירות, ווייל דאָס אַלץ האָט נישט קיין שום געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג, און מיך, ווי אַ פּאָליטישן טוער, קען אינטערעסירן בלויז די געזעלשאַפטלעכע זייט פון דעם ענין. די באַשולדיקונג, ווי עס זעט אויס, קוקט דערויף פּונקט קאַפּויער. פאַר איר איז די געזעלשאַפט־לעכע זייט פון דעם ענין אינגאַנצן אַן איבעריקער עלעמענט, און דעריבער איז ביי איר דערפון קיין סימן נישטאָ. זי האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נויטיק אין אַלע פאַרשריבענע 49 זייטן פון באַשולדיקונגס־אַקט צו געבן אָרט אָדער כאָטש מיט איין וואָרט דערמאָנען די פּרינציפּיעלע דערקלערונג, וואָס איך האָב געמאַכט ביים פאַרטייטשן די מאָטיוון פון מיין טעטיקייט, ווי אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. פאַרשטייט זיך, אַז צו קענען אַ מענטשן אויפהענגען זיינען די אַלע דערקלערונגען אינגאַנצן איבעריק און זיי וואָלטן בלויז אומזיסט פאַרשלעפּט דעם פּראָצעס. זיי זיינען אָבער אפשר נישט אינגאַנצן אומאינטערעסאַנט פאַר די, וואָס ווילן קריגן כאָטש וועלכן עס איז באַגריף וועגן דעם, פאַרוואָס און אין נאָמען פון וואָס עס ווערט געפירט דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף, וואָס ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ שאַרפער און פאַר־שלינגט אַלץ מער און מער קרבנות. וואָרום איר מוזט דאָך איינזען, צי איז דען באמת אַזוי רייצנדיק די פּערספּעקטיוו צו ווערן פון אייך „געמשפּט" און איז דער תענוג צו גיין אויף דער תליה אַזוי אָנציענדיק, אַז דאָס אַליין זאָל זיין אַ גענוגנדער מאָטיוו צו גיין אויפן וועג פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף? קומט דען נישט נישט־ווילנדיק ארויף די פראַגע: צי זיינען דאָ נישטאָ אויך אַנדערע מאָטיוון? אויב אייערע קרימינאַליסטן גייען אַרויס פון דער הנחה, אַז יעדע טאַט וואַקסט אַרויס פון אַ קאָמפּלעקס פון געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע די געגעבענע פּערזאָן האָט געלעבט, זיך אַנטוויקלט און געווירקט — נישט שוין־זשע זיינען די פּאָליטישע טוער אין רוסלאַנד געקומען פון העלער הויט און אָן אַ פאַרוואָס, פּונקט ווי דער ווינט וואָלט זיי געבראַכט? און אויב נישט אַזוי, טאָ לאָמיר זען, ווער זיינען מיר און וואָס האָט אונז פאַרטראָגן אַהער.

יעדער איינער, וואָס קוקט נישט אויפן לעבן „קאַלופּענדיק די נאָז", וואָס באַטראַכט נישט זיין לאַנד ווי אַ האָטעל, וווּ ער זוכט צו פאַרנעמען אַ בעסערן צימער, און קוקט נישט אויף זיין פאָלק ווי אויף צופעליקע שכנים אין איין קאָ־רידאָר, — דער מוז, אַריינטרעטנדיק אין פּראַקטישן לעבן, לייזן פאַר זיך די פראַגע, אויף וואָס פאַר אַן אופן וועט ער העלפן דעם פאָלק אין זיין קאַמף קעגן דער אומבאַשרייבלעכער אָרעמקייט, פינסטערניש, דערשלאָגנקייט און דרוק? די דאָזיקע פראַגע לייזט מען פאַר זיך פאַרשיידן. מיין אייגן לעבן האָט זיך אויס־געלייגט אַזוי, אַז אין דער פריער יוגנט בין איך באַהיט געוואָרן פון דאָס, וואָס הייסט אויף אייער לשון — „אַראָפּגיין פון וועג". מיר איז אויסגעקומען צו לעבן אין אַ סביבה, ווו איך האָב איבערגענומען דעם בליק פון „מיושבדיקע" מענטשן, אַז פריער דאַרף מען זיך לערנען, דערקענען דאָס לעבן, פאַרנעמען אַ באַשטימטע שטעלונג און ערשט דערנאָך זיך באַשעפטיקן מיט כלל־זאַכן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מען קען, נישט אָפּפערנדיק דאָס אייגענע לעבן, נאָר אויף דעם אַזוי־גערופענעם לעגאַלן באָדן, באמת דינען דעם פאָלק, אַז מען קען —

באַטש פּאַמעלעך, אָבער זיכער — בויען צוזאַמען מיטן פֿאָלק דעם בנין פֿון זיין צוקונפֿטיקן גליק. איך האָב זיך געפֿונען אין גוטע אומשטענדן, און אונזערע קולטורעל־דערציערישע באַמיאונגען האָבן געהאַט אַ גאַנץ באַדייטנדיקן אויסערלעכן דערפֿאָלג. אָבער וואָס ברייטער אונזער בילדונגס־אַרבעט האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט, וואָס נענטער איך האָב זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט די אמתע נויטן פֿון פֿאָלק און מיט יענע באַדינגונגען, ביי וועלכע עס איז אונז דערלויבט געוואָרן די דאָזיקע נויטן צו לינדערן, האָב איך זיך אַלץ מער און מער איבערצייגט, אַז אויב מיר ווילן זיך אויסהיטן פֿון אַ קאָנפֿליקט מיט דער רעגירונגס־מאַכט, קאָנען מיר דינען דעם פֿאָלק בלויז אויף זייער אַ געמיינעם און צביעותדיקן אופֿן. איך וועל שוין נישט רעדן וועגן די אומגלויבלעכע יסורים, אין וועלכע עס קומט אויס כסדר צו לעבן דעם לענגאַלן כלל־טוער, וועגן די שווערע קאָמפּראָמיסן, וואָס ער מוז כסדר מאַכן מיט זיין געוויסן און איבערצייגונגען — דאָס פֿאַרסמט נאָר זיין אייגן לעבן, און איך קען דאָס פֿאַרבייגיין. דאָס פּיינלעכסטע אָבער איז — וואָס ביי זיין גאַנצן געוויסנהאַפֿטן צוגאַנג צו דער זאַך, ביי דער גאַנצער ענערגיע, וואָס ער לייגט אין דעם אַריין, מוז דער לענגאַלער טוער, פֿאַר וועמען געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט איז נישט קיין שפּיל און נישט קיין פּוסטער צייט־פֿאַרטרייב, אומפֿאַרמיידלעך קומען צום שלוס, אַז אַלץ, וואָס ער טוט, איז נישט דאָס, וואָס ער דאַרף טאָן, און אַז דער איינציקער שולדיקער אין דעם איז — די היינטיקע פּאָליטישע אָרדענונג.

אין די שווידערלעכע פּלאָגן, וואָס דריקן דאָס האָרעפּאַשנע פֿאָלק, איז שולדיק נישט די רעגירונג אַליין. אָבער זי אַליין איז שולדיק אין דעם, וואָס זי האָט זיך געשטעלט ווי אַן אייזערנע וואַנט צווישן פֿאָלק און יענע, וואָס האַלטן פֿאַר זייער חוב און ציל פֿון זייער לעבן געטריי אים צו דינען. זי אַליין איז שולדיק אין דעם, וואָס די לענגאַלע טוער האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו טראָגן צו דעם אַרבעטער־קלאַס דאָס אמתע וויסן, וואָס זי צווינגט די טוער צו נאַרן און פֿאַררעדן די ציין דעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס זי דערלאָזט נישט צו אים די בעסטע מענטשן. און דאָך — ווי שווער עס איז נישט געווען אַזאַ צושטאַנד — האָב איך, ווי פֿיל אַנדערע, געשלעפּט אָט דעם שלימזלדיקן וואָגן און זיך באַנוגנט מיט בלויזן מיטגעפֿיל און מיט טאָן קליינע טובֿות דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. איך ווייס נישט, ווי לאַנג דאָס וואָלט זיך, אונטער אַנדערע אומשטענדן, ביי מיר געצויגן. איין געשעעניש אין יאָר 1900 האָט פֿאַר מיר, ווי פֿאַר אַ סך אַנדערע, אַ סוף געמאַכט צו אַלע צווייפֿלען און וואַקלענישן. איך רעד וועגן די „צייטווייליקע געזעצן", וואָס האָבן ווי אַ ווילדע משוגעת פֿון פּאַוועלס צייטן צוגעשטיקט רוסלאַנד. עס גייט נישט אין דעם, וואָס מ'האָט סטודענטן אָפּגעגעבן פֿאַר סאָלדאַטן, נאָר וואָס אין די „געזעצן" האָט זיך, ווי אין אַ טראָפּן וואַסער, אָפּגעשפּיגלט דער גאַנצער רעכטלאָזער ווילקיר, דער גאַנצער יאָך, וואָס דריקט אונזער לאַנד. מיט אַ מוראדיקער קלאָרקייט האָט יעדער איינער באַגריפֿן, אַז דאָ קען קיין רייד נישט זיין וועגן אַ וועלכער עס איז זיכערער עקזיסטענץ. נאָך מער. נישט קוקנדיק אויף דער אַלגעמיינער אויפֿרעגונג און צאָרן אין רוסלאַנד און אייראָפּע, נישט קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפֿט פֿון אייניקע מיניסטאָרן, נישט קוקנדיק אויף דער אומצופֿרידענער מורמלעריי אין דער אַרמיי אַליין, — זיינען די געזעצן דאָך איינגע־

פֿירט געוואָרן. פֿאַר די רוסישע בירגער איז עס געווען אַן אמתער „מעמענטאָ מאָרי״ (צייכן פֿון טויט) אין דעם שרעקלעכסטן זין פֿון דעם דאָזיקן וואָרט.

דאָס האָט באַדייט קודם־כּל, אַז אויפֿן לאַנד קענען זיך פֿון דער העלער הויט אַראָפּלאָזן די ווילדסטע און משונהדיקסטע שטרענגע מיטלען, אויב דאָס וועט נאָר איינפֿאַלן עמעצן, וואָס האָט זיך גראָד אין יענעם מאָמענט צוגעשלאָגן צו דער מאַכט. דאָס האָט באַדייט ווידעראַמאָל, אַז אין לאַנד זיינען נישטאָ קיינע „געזעצלעכע״ מיטלען אָפּצוווענדן אַזעלכע ווילדע איינפֿאַלן. ביי אַזאַ „רעכטלעכער״ אָרדענונג איז אויסגעקומען, אַז די גאַנצע קולטור־שעפֿערישע אַרבעט איז געבויט אויף אַ באָדן, וואָס קען זי צו יעדער מינוט איינשלינגען. איך האָב דערזען, אַז אַ רעזשים, ביי וועלכן דער גורל פֿון אַ 130־מיליאָניקער באַפֿעלקערונג הענגט אינגאַנצן אָפּ פֿון צופֿאַלן און קאַפּריזן פֿון איינצלנע פּערזאָנען, טאָר נישט, אַפֿילו פּאַסיוו, געשטיצט ווערן פֿון אַן ערלעכן און באַוווסטזיניקן בירגער. איך האָב דערזען, אַז עס איז געקומען דער מאָמענט, ווען יעדער איינער דאַרף זיך שאַפֿן אַ קלאָרן באַגריף וועגן די ענדגילטיקע רעזולטאַטן פֿון יענער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט, צו וועלכער ער האָט זיך אָפּגעגעבן, אַז ביי איצטיקע באַדינגונגען קען מעגלעך זיין בלויז איינס פֿון די צוויי: העלפֿן פֿאַרשטאַרקן די אָרדענונג אָדער העלפֿן זי אומוואַרפֿן. אָבער אוועקשטעלן זיך אין אַ נייטראַלער פּאָזיציע און בלייבן אַ קילער צושויער פֿון קאַמף צווישןביידע שטרעמונגען איז פֿאַרברעכעריש. האָב איך פֿאַרלאָזט אי מיין מאַטעריעל־געזיכערטע לאַגע, אי די קולטור־אַרבעט, וואָס איז אויסערלעך כּלומרשט שוין אַוועק אויף אַ דרך, אי די פּערזענלעכע פֿאַרבינדונגען און צובונדן — מיט איין וואָרט, דאָס אַלץ, וואָס מיר רופֿן „פּערזענלעך גליק״ און וואָס איז באמת בלויז אַ ווילזיין אויפֿן חשבון פֿון אַנדערע, און בין אַוועק צו די, וואָס האָבן אין גרונט פֿון זייער טעטיקייט אַוועקגעלייגט בלויז איין מאָטיוו — דעם ווויל־זיין פֿון אַלעמען.

איך קען אייך פֿאַרזיכערן — נישט מיט אַ גרינגן האַרץ, נישט צוליב לייכטזין אָדער קאַפּריז לאָזט מען איבער די „פֿרידלעכע פֿעלדער״. מען דאַרף איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל זיך איבערצייגן, ווי אומנוצלעך עס איז ביי איצטיקע באַדינגונגען די קולטור־טעטיקייט, אָט דאָס כּסדרדיקע גיסן פֿרישן וויין אין אַלטע לאָגלען, מ׳דאַרף דורכגיין „דורכן סטראָי״ פֿון איצטיקן רעזשים, וואָס שמייסט מיט זיינע ריטער אומבאַרחמנותדיק אַראָפּ אַלע אילוזיעס וועגן דער מעג־לעכקייט פֿון צונויפֿפּאָרן די אמתע נויטן פֿון האָרעפּאַשנעם פֿאָלק מיט די נויטן און צילן פֿון דעם דאָזיקן רעזשים; מ׳דאַרף דאָס אַלץ דורכלעבן, כּדי די מעכ־טיקע שטים פֿון שאַנד און געוויסן, וואָס הויבט זיך אויף אין אונז, זאָל ענד־לעך צווינגען זיך אוועקצושטעלן אין באַשטימטע פֿאַרהעלטענישן צו די פֿאָדערונגען פֿון לעבן.

פֿאַר מיר איז דער מאָמענט אָנגעקומען אין יאָר 1900. אַזוי ווי מיינע סימפּאַטיעס זיינען פֿריער געווען אויף דער זייט פֿון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, בין איך במילא צוגעשטאַנען צו זייער אָרגאַניזאַציע. דעמאָלט איז נאָך קיין פֿאַרייניקטע רוסישע פּאַרטיי נישט געווען; עס זיינען געווען איינצלנע אָרגאַניזאַציעס מיט פֿאַרשיידענע שאַטירונגען אין די פּראָגראַמען.

די באַשולדיקונג־מאַכט גיט זייער אַן איינגאַרטיקע באַלייכטונג פֿון דער

דעוואָלוציאָנערער טעטיקייט בכלל און פון דער טעטיקייט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן בפרט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר זיינען פּשוט אָנרייצער, בונטן־מאַכער, אונטערהעצער, וואָס זוכן נאָר אַריינצושלעפּן דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק אין נייע צרות. מיר זיינען פיינט פון געזעלשאַפטלעכן וווילזיין, מיר אָרגאַניזירן מאָרדן פון נוצלעכע מלוכה־טוער, וואָס זיינען זיך מקריב צו באַשיצן דאָס פאָלק פון די רעוואָלוציאָנערן; מיר זיינען פאַרדאַרבער א. א. וו. אָט די באַלייכטונג איז שוין זייער אַלט, און עס איז קוים נויטיק אַצינד צו באַווייזן, ווי ליגנעריש זי איז. די זאַך איז אַ סך פּשוטער. אַלץ איז אָפּהענגיק דערפון, ווי אַזוי מ׳קוקט אויפן אַרבעטער־פאָלק און ווי אַזוי מען באַציט זיך צו אים. פאַר אייניקע איז עס — אַ פרעמדע מאַסע אָן אַ באַשטימטן פּנים, אַ מין מאַסע פון שטומע סטאַטיסטן אויף דער בינע פון אַ שיינענדיקן און אינטערעסאַנטן ספּעקטאַקל. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט ווערט געשאָנקען דער פאַרבנרייכער שפּיל פון די „פּערסאָנאַזשן״, און וועגן די סטאַטיסטן טראַכט מען פּשוט נישט. פאַר אַנדערע איז עס — שיער נישט אַ טויטער פּגר, אויף וועלכן מ׳וואַרפט זיך מיט נידעריקער גייציקייט, אַ געפאַנגענע רויב, וואָס מ׳רייסט אויף שטיקער, זאָרגנדיק נאָר וועגן דעם, אַז מ׳זאָל פאַרכאַפּן אַ גרעסערן חלק, און מ׳באַרעכטיקט אַזעלכע מעשים „וויסנשאַפטלעך״ דערמיט, וואָס די נאַטור אַליין האָט פאָראויסבאַשטימט, אַז הונדערטער מיליאָנען זאָלן פאַרבלייבן אין קאַטאָרגע־אַרבעט, אָן אַ שטיקל ברויט און אָן די נויטיקסטע באַדינגונגען פון מענטשלעכער עקזיסטענץ, כדי איינצלנע אויסדערוויילטע זאָלן קענען אויפן חשבון פון זייער מי הנאה האָבן פון אַלע וווילטאָגן פון לעבן. און ענדלעך, פאַר דער דריטער קאַטעגאָריע איז דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק — די איינציקע געזעלשאַפטלעכע הייליקייט, וואָס איר ווילן זיי דינען און געבן אָפּ אַלע זייערע כחות, נישט כדי צו ציען נוצן פאַר זיך אַליין, נאָר צוליב דעם, ווייל בלויז דאָס האָרעפּאַשנע פאָלק, באַפרייט פון זיין אומוויסנקייט און אונטערדריקונג, קען פאַרקערפּערן אין לעבן די העכסטע צילן פון פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיקייט. אָט די מענטשן פון דער דריטער קאַטעגאָריע אָנערקענען, אַז עס איז נויטיק אומצוקערן צו די האָרעפּאַשנע קלאַסן זייער אייגנטום. אייך וועט עס מסתמא וווּנדערן. איר האָט געהערט, אַז סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן פאָדערן די אָפּשאַפונג פון אייגנטום. ניין, די סאָציאַליסטן פאָדערן, אַז יעדן איינעם זאָל געהערן דער פּראָדוקט פון זיין אַרבעט, מינוס די געזעלשאַפטלעכע הוצאות, און אַז עס זאָלן באַשאַפן ווערן אַזעלכע באַדינגונגען, ביי וועלכע די מינדערהייט זאָל נישט קענען פאַרכאַפּן פאַר איר אייגענער נוץ דאָס אייגנטום פון דער מערהייט. ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכן — איז שוין אַן אַנדער פראַגע, און אָפּשטעלן זיך דאָ אויף דעם איז נישטאָ נאָך וואָס. איך וועל בלויז באַמערקן, אַז מיר האַלטן, דאָס נישט דורך דעקרעטן און נישט דורך וועלכע עס איז פאַרשווערונגען, נאָר בלויז דורך אַנטוויקלען דעם זעלבסטבאַוווסטזיין פון האָרעפּאַשנעם פאָלק, בלויז דורך אים אַליין קען דורכגעפירט ווערן אין לעבן אַ שכלדיקע און יושרדיקע סאָציאַלע אָרדענונג. ביים איצטיקן טאָג זיינען מיר נאָך אין רוסלאַנד זייער ווייט דערפון און נישט וועגן איינפירן די סאָציאַליסטישע אָרדענונג רעדט זיך דערווייל.

עס איז פאַר קיינעם נישט קיין סוד יענער דערשיטערנדיקער צושטאַנד פון

פֿון עקאָנאָמישן חורבן, וואָס רוסלאַנד לעבט איבער. שוין נישט רעדנדיק וועגן די דראָענדיקע אויסזיכטן אויף דער צוקונפֿט, איז די איצטיקע ווירקלעכקייט אַליין גענוג, אַז זי זאָל פֿאַרסמען דאָס לעבן אַפֿילו ביי מענטשן, וואָס נעמען זיך נישט זייער שטאַרק צום האַרצן דעם פֿרעמדנס נויט. מ'דאַרף זיך בלויז צוקוקן צום סיסטעמאַטישן הונגער פֿון צענדליקער מיליאָנען פּויערים, צו די מגפֿות, וואָס בושעווען צוליבן הונגער, צו אַלע שרעקן פֿון דער אויסגעליידיקטער פּויערשער ווירטשאַפֿט, כדי מ'זאָל מיט אַ מערדערלעכער קלאָרקייט באַגרייפֿן, אַז יעדער טאָג, וואָס מ'ציט אָפּ די ראַדיקאַלע הילף, פֿאַרגרעסערט נישט בלויז דאָס קומענדיקע אומגליק, נאָר קאָסט ממש טויזנטער לעבנס. צי איז אייך באַקאַנט, אַז אין איין קאַזאַנער גובערניע אַליין זיינען רעגיסטרירט געוואָרן 27,000 קראַנקע אויף צינגאַ (סקארבוט)? און דאָס איז נאָך נישט פֿון די ערגסטע גובערניעס. די אַלע איינגעגעסענע מכות, וואָס זיינען אָנגעוואַקסן דורך אומנאָרמאַלע באַדינגונגען פֿון יאָרהונדערטער, קענען—פֿאַרשטייט זיך—נישט אויסגעהיילט ווערן אין משך פֿון אַ טאָג. אָבער דער וועג פֿון היילונג דאַרף אָנגעוויזן ווערן תיכף. דאָס איז פֿון איין זייט — נאַטירלעך — פֿאַרגרעסערן די ערד פֿון די פּויערים, פֿאַרקלענערן די שטייערן א. א. וו., און פֿון דער צווייטער זייט — אַ העכערער אויפֿשטייג פֿון גייסטיקער אַנטוויקלונג און געזעלשאַפֿטלעכער זעלבסטטעטיקייט, כדי צוצוגרייטן דעם מעגלעכן איבערגאַנג צו אַ מער ראַציאָנאַלער ווירטשאַפֿט. דאָס איז אַ פֿאָדערונג נישט קיין סאָציאַליסטישע און נישט קיין רעוואָלוציאָנערע. דאָס פֿאָדערן די נאָנטסטע, באַלדיקסטע נויטן פֿון לאַנד. און די באַלדיקייט פֿון די פֿאָדערונגען איז אַזוי אַריין אין באַוווסטזיין פֿון מענטשן פֿון די פֿאַרשיידנסטע אָנשויאונגען און שטרעמונגען, אַז צו ווען די רעגירונג זאָל זיך נישט ווענדן, וועט זי אומעטום קריגן דעם זעלבן ענטפֿער.

נישט פֿיל בעסער איז די לאַגע פֿון די שטאָטישע אַרבעטער, וואָס זיינען אינגאַנצן אומבאַהאָלפֿן און רעכטלאָז אין זייער קאַמף מיט די אונטערנעמער און זיינען דעריבער פֿאַרמשפּט אויף אַ צרהדיקע, נישטיקע עקזיסטענץ. אָבער די רעגירונג, וואָס בלייבט געטריי איר „היסטאָרישער" טראַדיציע פֿון איינאָרדענען דאָס גליק פֿון פֿאָלק פֿון אויבן אַראָפּ, אָן זיין אייגענעם אָנטייל — אונזער רעגירונג וויל אַלץ נישט פֿאַרשטיין, אַז אַ לאַנד מיט אַ 130־מיליאָניקער באַפֿעלקערונג, מיט זייער פֿאַרפּלאָנטערטע און קאָמפּליצירטע אינטערעסן, וואָס איז אַזוי אָדער אַנדערש אַריין אין אַלגעמיינעם קרייז פֿון קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט און אינטערנאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, אַ לאַנד מיט באַדייטנדיקע גייסטיקע באַדערפֿעניש, קען זיך נישט שוין אַנטוויקלען נאָרמאַל ביי אַ רעזשים, וואָס האָט זיך צוגעפּאַסט און אויסגעבילדעט ביי גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען. בלויז פּאָליטישע קורטיזאַנען, פּראָסטיטוטן און עם־הארצים קענען נאָך טענהן, אַז ביי דער איצטיקער צייט איז מעגלעך דער אויפֿבלי אָדער אַפֿילו נאָר די עקזיסטענץ פֿון אַ לאַנד אָן דער שטאַרקסטער אָנשטרענגונג און זעלבסטטעטיקייט פֿון אַלע גייסטיקע כחות.

אָט ווו עס הויבט זיך אָן דער ריס צווישן די אינטערעסן פֿון דער רעגירונג, וואָס וויל אויפֿהאַלטן איר אַלטע אומבאַגרענעצטע מאַכט, און די לעבעדיקסטע דרינגענדסטע אינטערעסן פֿון לאַנד, ד. ה. פֿון זיינע האָרעפּאַשנע מאַסן.

אַ ראַציאָנאַל אוועקגעשטעלטע פֿאָלקס־בילדונג, אַ ברייטע געזעלשאַפֿטלעכע זעלבסטטעטיקייט, פֿרייהייט פֿון וואָרט, פֿון דרוק און געוויסן, אומבאַרירלעכקייט פֿון פּערזאָן — אָן די, שוין פֿאַר אַלעמען עלעמענטאַרע, באַדינגונגען מוז דאָס לאַנד גיין צום אומקום, און מיט זיי וועט אומפֿאַרמיידלעך אומקומען די זעלבסטהערשאַפֿט. און דאָ ליגט דער אָנהויב פֿון ריס צווישן די באַוווסטזיניקע עלעמענטן פֿון לאַנד און דער רעגירונג, אַ ריס, וואָס ווערט אַלץ גרעסער. ביי אונז, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, איז דער אויסגאַנגס־פּונקט פֿון ריס אַביסל אַן אַנדערער; אונזערע פֿאָדערונגען ווערן נישט אויסגעשעפּט בלויז מיט די פֿאָדערונגען פֿון פּאָליטישן כאַראַקטער. אַלס די פּאַרטיי פֿון האָרעפּאַשנעם פֿאָלק, האָבן מיר זיך געשטעלט פֿאַר אונזער אויפֿגאַבע צו אַנטוויקלען זיין קלאַסן־באַוווסטזיין, אָנצופֿירן זיין אָרגאַניזירטן קאַמף פֿאַר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַפֿרייאונג. מ'זאָגט אונז אָבער, אַז פֿון אַזאַ קאַמף ביז „מערדערישע גוואַלדטאַטן'' איז נאָך זייער ווייט. דורכאויס ריכטיק. דער טעראָר איז נישט קיין אָרגאַנישער עלעמענט אין דער טעטיקייט פֿון דער פּאַרטיי, און כדי צו פֿאַרשטיין זיין אויפֿקום און באַדייטונג, מוז מען נאָכקוקן ווען און ווי אַזוי די פּאַרטיי האָט געפֿונען פֿאַר אומפֿאַרמיידלעך אים אָנצוווענדן.

ווען מיטן וווּקס פֿון דער אינדוסטריע אין די 90־ער יאָרן האָט זיך אויסגעבילדעט אַן אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זי די ערשטע צייטן געהאַט זייער אַ ברייטן און אויסשליסלעך עקאָנאָמישן כאַראַקטער. נישט געקוקט דערויף, זיינען די רדיפֿות פֿון דער רעגירונג געווען אַזוי הארב, אַז פֿאַר אָנטיילנעמען אין אַ שטרייק, פֿאַר לערנען פּאָליטישע עקאָנאָמיע אין אַן אומשולדיקן קרייזל האָט מען מענטשן פֿאַרשיקט אין מזרח־סיביר. אונטער דער ווירקונג פֿון די לעבנס־פֿאָדערונגען האָט די באַוועגונג שנעל אָנגענומען אַ פּאָליטישן כאַראַקטער און האָט זיך אַלץ מער אויסגעשפּרייט אויף אַנדערע שיכטן — יוגנט, פּויערטום און אינטעליגענץ. כדי איינצושטילן די אויפֿרודערונג, וואָס האָט זיך אין סוף פֿון די ניינציקער יאָרן אויסגעשפּרייט צווישן דער יוגנט, האָט זיך די רעגירונג נישט אָפּגעשטעלט פֿאַר די צייטווייליקע געזעצן. איך האָב שוין דערמאָנט וועגן זיי. אַלע האָבן זיך געבייזערט, אַלע האָבן געשריגן, אַלע זיינען געווען אויפֿגעבראַכט. מעגלעך, אַז אויך צווישן אייך, מיליטער־לייט, איז געווען אויפֿרעגונג — אָבער ווער האָט זיך אויף דעם אומגעקוקט? די געזעצן זיינען אָנגעווענדט געוואָרן. די רעגירונג האָט ווי מיט אַ כיוון געוואָלט באַווייזן דעם לאַנד, אַז זי קוקט זיך נישט אום אויף קיינעמס מיינונגען און שפּייט אויף אַלע טענות. איז געקומען קאַרפּאָוויטשעס רעוואָלווער־קנאַל און אָט דער קנאַל האָט אויפֿגעטאָן דאָס, וואָס עס האָבן נישט געקענט אויפֿטאָן די פֿרידלעכע טענות פֿון די פֿאַרשיידענע געזעלשאַפֿטלעכע שיכטן. צוזאַמען מיט באָגאָליעפּאָוון זיינען דערהרגעט געוואָרן אויך די צייטווייליקע געזעצן. אָבער ווער איז שולדיק אין באָגאָליעפּאָווס דערמאָרדונג? קאַרפּאָוויטש, וואָס איז געקומען שוין נאָכדעם, ווי אַלע האָבן פֿאַרלוירן וועלכע נישט איז האָפֿענונג אָפּצושטעלן מיט פֿרידלעכע מיטלען די אָנווענדונג פֿון די ווילד־משוגענע געזעצן, אָדער די רעגירונג, וואָס האָט אויף צו להכעיס איגנאָרירט אַלע טענות? ווען די יוגנט דריקט אויס איר פּראָטעסט אויף דער גאַס, שלאָגט מען זי מיט נאַגייקעס. ווען די אינטעליגענץ פּראָטעסטירט שריפֿטלעך קעגן די רציחות פֿון דער

פּאָליציי, ווערט זי פאַרשיקט אין דער פּראָווינץ. געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, וואָס הויבן אויף זייער קול אין די בלוטיקסטע פראַגן נישט אין דעם גייסט, וואָס די רעגירונג וויל, ווערן צוגעמאַכט. וועגן צייטונגען און זשורנאַלן איז שוין נישטאָ וואָס צו רעדן. אַרבעטער, וואָס דעמאָנסטרירן דעם ערשטן מאַי, ווערן קערפּערלעך באַשטראָפט אין די פּאָליציי־צירקלען. פּאָליטישע אַרעסטירטע טוט מען אָן כלערליי נגישות און מ׳שלאָגט זיי. בשעת צוזאַמענשטוסן אויף די גאַסן שיסט מען אין אומבאַוואָפנטן עולם; פּויערים־אומרוען ווערן דערשטיקט מיט די ווילדסטע עקזעקוציעס. דער מינדסטער פּראָטעסט, די מינדסטע טענה קעגן די מיסברויכן פון דער רעגירונגס־מאַכט ברענגען מיט זיך די גרויזאַמסטע פאַרפאָלגונגען. ווען די רעגירונג רופט צונויף די דאָרפישע באַלעבאַטים און לייגט זיי פאָר זיך אַרויסצוזאָגן וועגן דער פאָלקס־ווירטשאַפט, און ווען יענע פּרובירן ציטערנדיק און איינגעהאַלטן אַרויסזאָגן זייער מיינונג, ווערן זיי דערנאָך פאַרשיקט, געפלאָגט פון כלערליי רדיפות א. א. וו. פרעגט זיך — וואָס זשע פאַר אַ מיטלען האָבן די רוסישע בירגער צו קענען אַרויסברענגען זייערע נויטן? קיינע נישט. קיין טענה ווערט נישט דערלאָזט, אַפילו קיין נויט ווערט נישט אָנערקענט ביז „נאַטשאַלסטוואָ״ באַשטעטיקט עס. דערפאַר אָבער זיינען די בירגער מחויב אָן אַ פּיפּס דורכצופירן די ווילדסטע באַפעלן פון דער „נאַטשאַלסטוואָ״, איבערטראָגן אָן דעם מינדסטן פּראָטעסט אַלץ, וואָס קומט אַרויס פון די מאַכט־האָבנדיקע קרייזן. אויב מ׳דערמאָנט זיך, אַז אָט דער גאַנצער ווילקיר, דער גאַנצער חוזק איבער די עלעמענטאַרסטע, אומבאַרירלעכסטע מענטשלעכע רעכט גייט אָן אויף אַ הינטערגרונט פון אַלגעמיינעם פאָלקס־חורבן און פון דער אומפאַרשעמטסטער רויבעריי פון די האָרעפּאַשנע מאַסן דורך באַנדעם עקספּלואַטאַטאָרן, וואָס באַנוצן זיך קונציק מיט דער רעכטלאָזיקייט פון אַרבעטער־קלאַס, — ווערט פאַרשטענדלעך יענע פלאַמענדיקע שנאה, וואָס קאָכט אויף ביי אַלע באַוווסטזיניקע מענטשן קעגן דעם דאָזיקן רעזשים.

ווייל איז די, וואָס קענען ביי די אַלע אומגליקן זיך אָפּוואַשן די הענט אַזוי ווי פּילאַטוס — מיט מיר, כלומרשט, האָט עס נישט צו טאָן... מיך טשעפּעט מען נישט; אָדער יענע, וואָס קליגן זיך צו ציען נוצן פאַר זיך פון די דאָזיקע אומגליקן. אָבער וואָס זאָלן טאָן די, פאַר וועמען די טרערן פון האָרעפּאַשנעם פאָלק זיינען נישט קיין וואַסער, און דאָס גליק און חשיבות פון לאַנד — נישט קיין פּוסטע רייד? וואָס קענען זיי טאָן, כדי אָפּצושטעלן דעם שטראָם פון דער רעאַקציע, וואָס פאַרשווענקט אַלץ און אַלעמען? דאָ רעדט זיך שוין נישט וועגן בייטן די אָרדענונג, נאָר וועגן באַשיצן דאָס לאַנד פון אומדערהערטע גוואַלדטאַטן און צוואַנג, וועגן דער נויטווענדיקייט פון געזעלשאַפטלעכער זעלבסט־פאַרטיידיקונג און זעלבסטשוץ. אָט דער עלעמענטאַרער לעבנס־אינסטינקט מוז זיך אומבאַדינגט דורכרייסן אין יעדן געזונטן געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם. ווען די רעגירונג שטעלט אַוועק דאָס לאַנד אין אַזעלכע באַדינגונגען, ביי וועלכע קיין נאָרמאַלע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז נישט מעגלעך, ווען זי פאַרוואַנדלט דאָס לעבן אין אַ מין כאַאָס, וווּ עס שפּרינגען פון דער הויט די ווילדע אומגעצאַמטע משוגעתן פון די מאַכט־האָבער, — דעמאָלט ווערט דאָס לעבן אומדערטרעגלעך פאַר יעדן ווייפל נישט איז באַוווסטזיניקן מענטשן. אייך, וואָס איר זענט „גליקלעך דערגאַנגען צו באַשטימטע טשינעס און פּאָסטנס״,

רירן די אַלע ענינים אודאי נישט אָן. איר זענט ווייט דערפון. אָבער פאַרמאַכט דאָך נישט די אויגן אויף דעם, וואָס ס'טוט זיך אַרום אייך. דאָ, הינטער יאַמ־בורג, האָבן זיך דריי מענטשן אַריינגעלאָזט קוילן אין קאָפ, ווייל עס איז גע־וואָרן איבער די כחות צו לעבן ביי די דאָזיקע גהינומשע געזעלשאַפטלעכע באַ־דינגונגען. אונטער זייער לאַסט האָבן זיך מענטשן געהאָנגען, זיך דעם האַלז איבערגעשניטן. אויב אַזאַ רעאַקציע צעשפּילט זיך אין אַ צייט, ווען עס האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך צו אַנטוויקלען און באַפעסטיקן די באַוווסטזיניקע לעבנס־פעיקע עלעמענטן פון לאַנד, קען זי אפשר אויף אַ צייט פאַרטויבן און דער־שטיקן די אויסברוכן פון לעבן. אַזוי איז געווען אין די 40־ער און די 80־ער יאָרן. אָבער אין אַ צייט פון אַזאַ געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג, ווי אין די לעצ־טע יאָרן, קענען די קלעפ פון דער רעאַקציע אָפּגיין מיט דער אונטערטעניקייט פון יאוש נאָר ביי איינצלנע פּערזאָנען. אין גרויסן און גאַנצן אָבער איז אומ־פאַרמיידלעך אַ ווידערשטאַנד, ביי וועלכן דער אָפּשטויס מוז, מיט פאַטאַלער נויטווענדיקייט, זיין אַזוי שטאַרק ווי דער שטויס.

יענע, וואָס האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיט דער רעוואָלוציאָנערער סביבה, ווייסן, ווי שנעל עס איז אונטער דער ווירקונג פון רעגירונגס־רעפּרעסיעס גע־וואַקסן די גרייטקייט צום שאַרפן ווידערשטאַנד, ווי מענטשן האָבן זיך געריסן אין אָפענעם קאַמף און ווי די אומפאַרמיידלעכקייט פון טעראָר איז קלאָר פאַר אַלעמען. די סאָצ.־רעוו. פּאַרטיי האָט נישט געקענט איגנאָרירן די פאָדערונגען, וואָס דער גאַנג פון די געשעענישן האָט אַרויסגעשטעלט, נישט געקענט זיך אָפּזאָגן פון פאַרענטפערן זיי און איבערלאָזן אַ פראַגע פון אַזאַ גרויסער גע־זעלשאַפטלעכער באַדייטונג אויף דער שפּיל פון צופאַל. די, וואָס זיינען באַ־קאַנט מיט דער הערשנדער שטימונג אין דער רעוואָלוציאָנערער סביבה, ווייסן זייער גוט, ווי שווער עס איז דער אָרגאַניזאַציע אָנגעקומען איינצורעדן די אַנטשלאָסענע אויף טעראָר אום יעדן פּרייז, אַז זיי זאָלן בלייבן אין דער אַלגע־מיינער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. זיי ווייסן, וויפל כוחות די אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנגעווענדט איינצוצאַמען די אַלגעמיינע אויפרעגונג, און אַז נישט יחידים און נישט אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט די מינדעסטע נויט צו זוכן עמעצן פאַר דער דאָזיקער טעטיקייט. אי גריגאָריעוו, אי קאַטשוראַ וואָלטן גע־קענט דערציילן, וויפל מי עס האָט זיי געקאָסט צו קריגן די סאַנקציע פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע (באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ), און ווי לאַנג און עקשנות־דיק מ'האָט זיי איינגערעדט אָפּצוזאָגן זיך פון זייער אָנגענומענעם באַשלוס. אָבער אָט די איינצלהייטן זיינען דאָ נישט וויכטיק.

איך חזר איבער — די פּאַרטיי האָט ביז דער לעצטער מעגלעכקייט אָפּ־געצויגן דעם מאָמענט פון אַריינגיין אין טעראָריסטישן קאַמף, און נאָר אונ־טערן דרוק פון די אומדערטרעגלעכע גוואַלדטאַטן פון דער רעגירונג איבער דעם האָרעפּאַשנעם פאָלק און דער אינטעליגענץ איז זי געווען געצוווּנגען צו ענט־פערן מיט גוואַלט אויף גוואַלט. און ווען מיטן שאָס פון באַלמאַשאָוון האָט זיך דער דאָזיקער קאַמף אָנגעהויבן, האָט די רעגירונג — אָנשטאָט זיך אַריינ־צוטראַכטן אין די סיבות פון קאַמף — זיך באַגרענעצט מיטן זוכן די פּער־זענלעכע כונות פון אונטערהעצער, זוכן זייערע מיטבאַטייליקטע א. א. וו. או־

מעטום זעט זי בלויז צופֿאַלן. אומרועַן צווישן אַרבעטער און פּויערים, אומאָרדענונגען צווישן סטודענטן, אויפֿרעגונג אין דער געזעלשאַפֿט, און ענדלעך שאָסן — דאָס אַלץ זיינען אין אירע אויגן בלויז צופֿאַלן. ניין, מיינע הערן, דאָס שטויסט זיך יונג־רוסלאַנד אין דעקל פֿון דער טרומנע, דאָס פֿליען פֿון אירע קלעפּ מיט געהילך די פּאַרזשאַווערטע טשוועקעס.

איך האָב ווייניק־וואָס צוצוגעבן ספּעציעל וועגן זיך. אַלע באַטויבנדע באַדינגונגען פֿון דער רוסישער ווירקלעכקייט האָבן אויפֿן זעלבן אופֿן געווירקט אויך אויף מיר און — נאָך אין אַ גרעסערער מאָס — אויפֿן יידישן פֿאָלק, צו וועמען איך געהער. אַלע קלעפּ פֿון איצטיקן רעזשים פֿאַלן אויף אים מיט פֿאַרצענפֿאַכטער קראַפֿט. אויב די רעגירונג מיינט, אַז מיט אירע באַזונדערע רדיפֿות, אונטערדריקונגען און נגישות אויף יידן וועט זי פֿון זיי אויסאַרבעטן פֿאַר זיך דאַנקבאַרע און הכנעהדיקע אונטערטאַנען, מאַכט זי אַ ביטערן טעות. אָבער ביים יידישן האָרעפּאַשנעם פֿאָלק זיינען אין באַפֿרייאונגס־קאַמף נישטאָ קיין אַנדערע אויפֿגאַבן, ווי ביים רוסישן פֿאָלק, ווייל מיר אָנערקענען בלויז צוויי באַציִעם: די נאַציע פֿון די עקספּלואַטאַטאָרס און די נאַציע פֿון עקספּלואַטירטע.

מיט מיין אַריינטרעטן אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף האָב איך זיך פֿאַרנומען מערסטנס מיט אַלגעמיין־פּאַרטייאישער אַרבעט, וואָס צילט אויף מאַסן־טעטיקייט. ווען די זשאַנדאַרמעריע זאָל נישט האָבן אָפּגעטיילט פֿון אונזער פּראָצעס דאָס אַלץ, וואָס האָט נישט צו טאָן מיט דער טעראָריסטישער טעטיקייט, וואָלט איר געזען, אַז דער טעראָר פֿאַרנעמט ביי אונז אַ גאַנץ באַזונדער אָרט. די אונטערזוכונגען אין פֿאַרשיידענע שטעט וועגן מיין פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן פֿאָלקס־לערער, אַרבעטער און יוגנט, וואָלטן בעסער ווי אַלע פֿאַלשע מסירות באַלויכטן דעם כאַראַקטער פֿון מיין טעטיקייט ווי אַ מיטגליד פֿון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָט זיך געשטעלט פֿאַר איר אויפֿגאַבע צו אַנטוויקלען דעם קלאַסן־באַוווסטזיין פֿון האָרעפּאַשנעם פֿאָלק און אָנפֿירן זיין קאַמף פֿאַר עקאָנאָמישער און פּאָליטישער באַפֿרייאונג. זי פֿירט דעם קאַמף און וועט אים ווייטער פֿירן אונטער אַלע אומשטענדן. אָבער אין דער צייט, וואָס אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט איז שוין דער דאָזיקער קאַמף פֿון לאַנג אָנערקענט אַלס נויטווענדיקער עלעמענט פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און דעריבער ווערט ער געפֿירט מיט קולטורעלע מיטלען, — האָבן די אייגנאַרטיקע באַדינגונגען פֿון רוסישן לעבן אַרויסגעשטעלט אַנדערע פֿאָדערונגען. די רעגירונג האָט די פֿולע מאַכט צו ענדערן די באַדינגונגען און דערמיט אָפּשאַפֿן דעם באָדן פֿאַר די אומנאַטירלעכע קאַמפֿס־מיטלען. אָבער ווי לאַנג זי טוט עס נישט, ווי לאַנג, פֿאַרקערט, זי פֿאַרשאַרפֿט אַלץ די באַדינגונגען, בלייבט זי אַליין די שולדיקע אין אַלע רעזולטאַטן.

איך האָב אָנגעהויבן מיין געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט פֿון לעקציעס פֿאַרן פֿאָלק און פֿון שולעס. אונזער ווירקלעכקייט האָט מיר שנעל באַוויזן, אַז בלייבנדיק אויפֿן לעגאַלן באָדן, קענען מיר מער ווי אַלף־בית דעם פֿאָלק נישט געבן. וועלנדיק טאָן מיין חוב פֿאַרן פֿאָלק אָן צביעות און קאָמפּראָמיסן, בין איך אַריבער אויפֿן רעוואָלוציאָנערן באָדן. און אויך דאָ איז אונז נישט לאַנג אויס־

געקומען צו בלייבן בלויז ביי אָרגאַניזאַציאָנעלער צוגרייטונגס־אַרבעט און טאָג־טעגלעכן קאַמף. די באַדינגונגען האָבן געצוווּנגען אָנצונעמען אָנטשלאָסענע קאַמפּס־מיטלען. אַט די צווי כּלומרשט זייער אָפּגעזונדערטע שטראָמען פון לעגאַלער און רעוואָלוציאָנערער אַרבעט זיינען אָבער אין דער אמתן פאַטאַל צונויפגעבונדן און מוזן ביי די איצטיקע באַדינגונגען אומפאַרמיידלעך אַרויס־פליסן איינער פון אַנדערן. מיט מיין טעטיקייט האָט אָנגעפירט נאָר דער באַ־ווּסטזיין פון מיין חוב און די אינטערעסן פון אַרבעטס־פאָלק, און איך האַלט, אַז מיין חוב האָב איך ערלעך אָפּגעצאָלט, איך האָב זיך קיין זאַך נישט פאַרצו־וואַרפן, און איך גלויב, אַז אויך דאָס פאָלק וועט מיך פאַרשטיין און וועט מיר אויך גאָרנישט פאַרוואַרפן. איך ווייס, אַז דער וועג פון דאַנען פירט גלייך צו דער תליה, און איך בעט ביי אייך נישט קיין שום פאַרמילדערונג. פון יע־נעם מאָמענט אָן, ווען מען האָט מיר אין קיעוו געשמידט די הענט און פיס אין קייטן, האָב איך יעדן טאָג געוואַרט אויפן סוף. עס זיינען אַריבער ניין חדשים. עס איז צייט. ענדיקט אייער אַרבעט.

מיט וואָס פאַר א סודות די רעגירונג זאָל אונז נישט אַרומרינגלען — דעם טויט וועט זי נישט באַהאַלטן. און דאָס, וואָס פאַר מיר, דעם איינצל־מענטשן, וועט זיין בלויז א הספד, וועט פאַר דער פרייהייט, פאַר וועלכער מיר האָבן גע־קעמפט, זיין א מעכטיקער רוף אינמיטן פון דער טורמע־אָרדענונג און אוי־סערלעכער שטילקייט, וואָס ווערט קינסטלעך אויפגעהאַלטן. זאָל קלאָר ווערן פאַר אַלעמען, וואָס קענען זיך פאַרטראַכטן איבערן גורל פון צעפייניקטן לאַנד, וואָס עס קאָסט דער איצטיקער רעזשים. און, דערזעענדיק, ווי אַזוי דער רע־זשים פירט אייניקע אויפן עשאַפאָט, וועט מען אפשר פאַרשטיין, אַז פון דער זייט פון די אַנדערע איז עס פאַרברעכעריש צו שטיין פון דערווייטנס מיט פאַרלייגטע הענט.

גלויבט איר טאַקע, אַז די זיגער דאָ זענט איר, פאַרשטייער פון דער איצטיקער אָרדענונג? דער פיזישער נצחון איז אייערער, דאָס יאָ! האָבן מיר דען אָבער געחלומט וועגן א פיזישן קאַמף? מיינע הערן, די זיגער היינט וועלן בלייבן די, אויף וועמעס צד עס וועט זיין דאָס מיטגעפיל, און די באַזיגטע — די, אויף וועמען עס וועלן פאַלן די קללות פון די באַוווּסטזיניקע עלעמענטן פון לאַנד.

ווייטער האָב איך אייך גאָרנישט וואָס צו זאָגן. איך וויל בלויז צוגעבן אַט וואָס: איר וועט פאַרהאַנדלען פאַרשיידענע פראַגן וועגן אונזער שולדיקייט, די מאָס פון אונזער אָנטייל א. א. וו. דאָס אַלץ דאַרפט איר האָבן פאַר אייערע פאַרמאַליטעטן. איך וואָלט אייך פאָרגעלייגט צו באַטראַכטן נאָך איין פראַגע, וואָס איר לייזונג קען אייך צונוץ קומען אין דער צוקונפט: ווי אַזוי איז עס געשען, אַז די, וואָס ברענען אַזוי מיטן ווילן צו דינען דעם פאָלק, די, וואָס זיינען פאַר זיך אַליין גרייט שלום צו מאַכן מיט די ערגסטע באַדינגונגען, אַבי מען זאָל זיי נישט אָפּטיילן פון פאָלק, אַז גראָד די האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר די געפערלעכסטע מענטשן? ווי אַזוי איז עס געשען, אַז די איצטיקע אָרדענונג פאַרמאָגט פאַר זיי נישט מער ווי תפיסה, פאַרשיקונג, קאַטאָרגע און תליה?

דאָס איז די וויכטיקסטע פראַגע, די גרונט־פראַגע. און כדי זיך קלאָר פאָרצו־שטעלן איר גאַנצע וויכטיקייט, ענטפערט דעם לאַנד, וואָס מ'האָט אונז פון אים אָפּגעריסן און וואָס איז באַרעכטיקט אויף אַן ענטפער: וואָס וואָלטן געווען די אַלע, מיט וועמען עס זיינען אָנגעפילט די פּאָליטישע טורמעס, וועמען מ'שיקט קיין סיביר, אויף קאַטאָרגע, אויפן עשאַפאָט, — וואָס וואָלטן זיי געווען אין וועלכן נישט איז אַנדער לאַנד פון דער ציוויליזירטער וועלט? וואָלטן זיי דאָרטן אויך געווען — ווי איר רופט זיי — „שווערע מלוכה־פאַרברעכער", אָדער ביי די זעלבע אידעאַלן, וואָס באַגייסטערן זיי, וואָלט זייער לעבן זיך פאַנאַנדערגע־וויקלט אַזוי, אַז זיי וואָלטן געוואָרן אָנערקענטע, נוצלעכע געזעלשאַפטלעכע טוער? — אייער ענטפער אויף אָט דער פראַגע וואָלט אונז זייער אינטערעסירט. **אייערע ענטפערס אויף אַלע אַנדערע פראַגן ווייס איך אין פאָראויס.**

טייערע, אומפארגעסלעכע פריינט און חברים!

ווי שטארק מיר וואלט זיך געוואלט איך איבערגעבן מיין לעצטן גרוס און די געפילן פון גרענעצלאזער ליבע און צוגעבונדנקייט!

איר פארשטייט דאך, ווי שווער עס איז ארויסגעריסן צו ווערן פון קאמף אין אזא הייסער, שטורמישער צייט... אבער איך בין געוועזן רואיק און האב לייכט אריבערגעטראגן די געצוווּנגענע אומטעטיקייט, ווייל איך האב געגלויבט און כ׳גלויב, אז די זאך, פאר וועלכער מיר קעמפן, שטייט גוט, און די ערטער פון די געפאלענע בלייבן נישט פוסט.

אבער אויף מיין גורל זיינען אויסגעפאלן קלעפ, וועלכע איך האב נישט דערוואַרט און נישט פארדינט. איר ווייסט דאך, אז דער אויסגאנג פון פראצעס איז פאר מיר פערזענלעך געווען קלאר נאך פארן ארעסט, און ווען מען האט מיך אין קיעוו געשמידט אין האנט־ און פוס־קייטן, איז שוין בנוגע זיין אויסגאנג דער מינדסטער ספק נישט פארבליבן. איך האב זיך אבער געפילט וווּנדערבאר גוט. קיין פעטערבורג בין איך געפארן ווי אויף א יום־טוב. איך האב געטרוימט, אז איך וועל אנטיילנעמען צוזאמען מיט די איבעריקע אין א גרויסן פראצעס, וועלכער וואלט געווען אויפגערודערט און אויפגעוועקט אלע שלאפנדיקע. האט מען מיך אבער איזאלירט פון די חברים, מיט וועלכע איך האב געארבעט די גאנצע צייט, און מען האט מיך פאריניקט מיט פאררעטער, ערגער — מיט אינסינואטארן. די זשאנדארמעריע, וואס איז פאר דער גאנצער צייט גארנישט דערגאנגען וועגן דער קאמף־ארגאניזאציע, האט צוגעטראכט גריגאריעווס אינסינואציעס, האט צעבראכן און אפגענארט קאטשוראן, און אויף זייערע גבית־עדות אויפגעבויט דעם גאנצן פראצעס. און מיר איז אויסגעקומען נישט אזוי שטיין אויף א פרינציפיעלן באדן, ווי צעשטערן אינסינואציעס און רכילות. סארא ווייטאג און פיין צו רעדן פאר די דאזיקע גלייכגילטיקע מענטשן, וואס פארשטייען גארנישט, פארן דאזיקן זאל, וואס איז איבערגעפולט מיט זשאנדארן!

פון גאנצן פראצעס איז פולשטענדיק קלאר געווארן בלויז איינס: די רעגירונג איז צייטווייליק גרייט שלום צו מאכן מיט דער עקזיסטענץ פון אלע אנדערע ריכטונגען, זי האט אבער באשלאסן צו צילעווען אלע אירע קלעפ, כדי

צו צעשמעטערן די פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. סיי דער באַשולדי־קונגס־אַקט, סיי דער פּראָקוראָר האָבן געפאָדערט טויט־שטראָף פאַר בלויזער אָנגעהעריקייט צו דער פּאַרטיי. עס שטייען איין פאַר שווערע פאַרלוסטן און אַ פאַרביסענער קאַמף, אָבער, נאַטירלעך, די רוסישע רעוואָלוציאָנערן וועלן נישט אָפּטרעטן פאַר דער מורא פון שטראָפן. דער גלויבן אין דעם האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט אויסצוהערן רואיק דעם טויט־אורטייל. איך בין זיך מודה, כ'האָב נישט גערעכנט, אַז שטאַרבן איז אַזוי לייכט.

אַ סך שווערס איז אונז אויסגעקומען איבערצולעבן צוליב דעם, וואָס די זשאַנדאַרן האָבן זיך איצט גענומען באַנוצן מיט אַ גאַנץ ניי געווער — מיט דער פּאַרטיי־פּאָלעמיק. זעענדיק זייער יובל, זייער אַנטציקונג, איבערצייגט מען זיך מיט טרויער אין אומענדלעכן שאָדן פון די אינערלעכע רייסערייען. מיר האָבן צו אייך אַ געמיינזאַמע בקשה: ווענדט אָן אַלע אייערע כוחות, כדי אַרויסצורייסן ביי די זשאַנדאַרן דאָס דאָזיקע געווער און זעט, אַז אין איצטיקן וויכטיקן מאָמענט זאָלן נישט נאָר נישט צעריסן ווערן די רעוואָלוציאָנערע ריי]ען, נאָר אפילו נישט די אָפּאָזיציאָנעלע.

געפילט האָב איך זיך די גאַנצע צייט גוט און מונטער. כ'האָב אַ סך געטראַכט וועגן אייך, פריינט, און כ'מוז אייך זאָגן איצט, אַז אייער וואַרעמע, גוטע באַציאונג, אייער צוטרוי האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך גליקלעכע מינוטן. וואַרפט מיר נישט פאָר, וואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוּוואַרפן זיך דעם באַשלוס — וועלכן עס האָט מיר איבערגעגעבן איקס, — איך זאָל אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד. איך האָב אַנדערש נישט געקאָנט האַנדלען: איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, וואָס די יונגט אַנטלויפט קיין אויסלאַנד; מיין אָפּפאָר וואָלט געווען זיין אַ שלעכטער ביישפּיל פאַר אַנדערע.

איך ווייס, אַז מיין עקזעקוציע וועט זיין פאַר אייך אַ שווערער קלאַפּ, אָבער איך גלויב, אַז פאַר דער זאַך וועט זי נישט זיין אומנוצלעך. שווער איז געווען צו שטאַרבן די רעוואָלוציאָנערן פון די 70־ער, 80־ער יאָרן — זיי זיינען געווען איינזאַם. מיר אָטעמען אָבער צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום, און אין אונזער צייט איז לייכטער צו שטאַרבן. איך ווייס נישט, אפשר האָב איך אַ טעות, אָבער איך בין עפּעס טיף איבערצייגט אין דער נאָענטקייט פון אונזער זיג, אין נאָענט! טריאומף פון דער פרייהייט און פון די אינטערעסן פון אַרבעטס־פאָלק. דאַן וועט דאָס דאָזיקע פאָלק פאַרווירקלעכן די גרויסע זאַכן פון אמת און גערעכטיקייט. און נעמענדיק אין באַטראַכט די דאָזיקע קומענדיקע גרויסע זאַכן, קאָן מען דען זאָגן, אַז אַ מענטשלעכן לעבן איז אַ צו גרויסער קרבן? איך, יעדנפאַלס, האַלט, אַז מיין לעבן איז געווען גליקלעך און איך האָב נישט וואָס פאַרצוּוואַרפן דעם גורל.

אַלע חברים־רעוואָלוציאָנערן אַ וואַרעמען גרוס און די בעסטע ווונטשן אויף דערפאָלג. די פריינט נעם איך היים אַרום. איך האָב אייך אַלע ליב געהאַט און כ'האָב אייך ליב אומענדלעך. פון דער נאָענטקייט צו אייך האָב איך געשעפּט אַ סך כוחות, און אַ סך כוחות שעפּ איך אויך איצט פון די דערינערונגען וועגן אייך. מיט דער גאַנצער נשמה מיט אונזער זאַך און מיט אייך

אייער גריגאָרי

# אינהאלט: